גיואַי דע־מאָפּאַסאַן

# שטאַרקער פון טויט

יודיש: ש. ראַקאָווער.

מיט אַ קורצער כאַראַקטעריסטיק און בילד פון אויטאָר.

פאַרלאַג „יידיש“
געגרינדעט דורך יעקב לידסקי.

פאַרקויף געז. „צענטראַל“ וואַרשע, נאַוואַליפּקי 7.



דער לירישעסטער פון בעלעטרי־סטען, דער אינטימסטער פון קינסטלער, דער דיכטער אין פראָזע, דער מייסטער פון זאַץ, דער שטימונגספולער מאַן מיט׳ן טיפען אויג, גיואַי דע־מאָפּאַסאַן איז געבוירען געוואָרען אין יאָר 1850 אין אַ שטילער פראַנצויזישער פאַמיליע. זיין יוגענד איז רוהיג און שטיל אָבגעלאָפען, ווי עס לויפט־אָב אַ קלאָרער פרילינג אָהן דונער און בליצען. אָבער אין דערדאָזיגער ליבער יוגענד איז שוין געלע־גען דער שורש פון שפּעטערדיגע גרויסע וועהען. וואָרום מאָפּאַסאַן האָט נישט גע־קאָנט שאַפען אַ קאַלטער אָדער אַ ווייטער פון לעבען, ווי אַנדערע קינסטלער, מאָפּאַ־סאַן איז צוגעגאַנגען צום לעבען, ווי מען געהט־צו צו אַ טונקעלען ברונים, און זיך איינגעקוקט מיט ברייט־אָפענע אויגען און טיף. וואָס האָט ער געוואָלט זעהן? ער האָט בלויז געוואָלט זעהן די מענשליכע נשמה, ארויסכאַפּען זי פון גערודער, פון לעבענס־מישמאַש אַ הייסע, אַ צאַפּלענדיגע און געניוער אַ קיק טאָן אויף איר, זעהן איר ליכט און שאָטען, איר רייץ און העסליכקייט.

מאָפּאַסאַן האָט עס גלענצענד דערגרייכט, אָבער ער האָט זיך בעצאָלט דער־פאַר. פאַר׳ן אַריינקוקען טיפער אין לעבען, פאַר׳ן וועלען זעהן אַ מענשליכע נשמה בעצאָלט מען, אפנים, טייערער, ווי פאַר דער שענסטער פאָרשטעלונג. זיינע גרויסע אויגען זענען אָנגעגאָסען געוואָרען מיט אומעט, און דערנאָך, אז ער איז גייסטיג־קראַנק געוואָרען, פלעגט ער אָפט ליב האָבען צו זאָגען דידאָזיגע פראַזע: „מיר דאַכט זיך, אַז מענשען געהען מיט׳ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף“.

במעט איבער אַלע ווערק זיינע שוועבט אַ צאַרטער און אַ מידער אומעט, ווי דער דינער נעבעל איבער די בלויע הימלען אין זומערדיגע אָוועגדען. צי ער מאָלט די פרוי, וואָס איז אים שטענדיג צום ליבסטען, צי ער מאָלט אַ סענאַטאָר, צי אַ פויער אָדער גאָר אַ קאַליקע אָדער אפילו אַ קאָמישע האַנדלונג—איבער אַלץ און אַלע־מען שוועבט אַ ווייכער און אַ מידער אומעט פון אַ קלוגען העכסט־בעגאַבטען מענשען, וואָס האָט געזעהן דאָס לעבען און בעזונדערס—די מענשליכע נשמה. טייער האָט אים געקאָסט דידאָזיגע נשמה, אָבער דאָך איז שווער צו זאָגען, צי ער האָט זי געהאַסט, פערקערט, גיכער האָט ער זי ליב געהאַט, וואָרום ער האָט קיינמאָל נישט געשפּאָרט זיין טאַלענט, צו ווייזען די שענע זייטען אירע.

מאָפּאַסאַן האָט אַלץ ליב געהאַט צו צייכענען, אַלץ, די פערשידענסטע מענ־שען און פערשידענסטע סיטואַציעס, אָבער שטאַרקער ווי אומעטום איז ער אין דעם געביט פון ליבע. מעגליך, אַז אָט דאָס ווינקעלע האָט אים אויסגעוויזען עפּוואָס העל־לער ווי אַלע אַנדערע און, מעגליך, אפשר אויך, אַז דאָ האָט זיך זיין טאַלענט צו־זאַמענגעטראָפען מיט גלויבען. אפשר איז עס דאָס איינציגע געביט, פאַר וועלכען ער האָט נאָך געהאַט גלויבען און דעריבער געווען דאָ אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט נאָך עד־היום קיין גלייכען נישט אין דער וועלט־ליטעראַטור.

איבער מאָפּאַסאַן בלייבט מאָפּאַסאַן אין אַלע זיינע ווערק, אפילו אין די קלענסטע און שוואַכסטע, דאָס הייסט שטיקער פריש לעבען קוקען פון זיי אַרויס, זיי זענען דורכגעפּעדימט, דורכגעוועבט מיט הייסען מענשליכען בלוט און נערווען און בעהויכט מיט אַ קלוגען און פיינעם אומעט. און דאָס איז די סבה, וואָס ער ווערט עד־היום אַזוי גערן איבערזעצט און נאָכאַמאָל איבערזעצט אין אַלע שפּראַכען און איז יעדען בעדאַכטען לעזער פון אַ פרעמדען פאָלק אַזוי טייער און נאָנט, ווי אַן׳אייגענער שרייבער, ווי אַן׳אייגענער קינסטלער.

מאָפּאַסאַן איז אפשר דער איינציגער, וואָס איז היימיש און אייגען ביי יעדען פאָלק, ער איז פאַר אַלע לענדער און פעלקער. אין אַ פרעמדער טיר בעדאַרף ער נישט אָנקלאַפּען, די טיר איז פאַר אים שטענדיג אָפען און ער ווערט אַריינגענומען, ווי דער בעסטער אינטימסטער גאַסט, מיט וועלכען עס ווערט לייכטער אויפ׳ן האַרצען.

נאַטירליך, מאָפּאַסאַן האָט אַלץ געזעהן, ווי אַ פראַנצויז, אַלץ אויפגעפאַסט, ווי אַ פראַנצויז, אָבער אין זיין שילדערן אַ מענשליכע נשמה איז ער דערגאַנגען ביז יענע גרעניצען, וואו עס ענדיגט זיך דאָס ספּעציפיש־פראַנצויזישע און עס הויבט זיך אָן דאָס אַלמענשליכע. נישטאָ מער קיין פראַנצויז, נאָר מענש איז דאָ, מענש און זיינע ליידען.

דאָס ליכט איז געפאַלען אין דער ברייטער אַטעליע דורך אַן׳אָפענער ראַם אין באַלקען. עס האָט זיך בעקומען אַ גרויסער, גלאַנציגער און בלויער פיר-עק, אַ מין ליכטיגע עפענונג אין דער אונענדליכער בלויער ווייטקייט, איבער וועלכער עס האָבען זיך געשווינד אַדורכגעטראָגען פויגעל.

איז מען אָבער קוים אַריינגעטראָטען אין דעמדאָזיגען הויכען, שטרענגען, פערהאַנגענעם צימער, איז דער גלאַנץ פון הימעל שוואַכער, ווייכער געוואָרען. פערשטאָרבען אין די געוועבען, זיך פערלאָרען אין די פאָרטיערען און קוים בעלויכטען די טונקעלע ווינקלען, וואו בלויז גאָלדענע ראַמען פון בילדער האָבען געשימערט, ווי פייערלעך. אויף אַלץ איז געלעגען רוה און שלאָף—יענע בעזונדערע רוה, וואָס דרינגט-אַריין אין וואוינונג פון אַ קינסטלער, וואו עס האָט זיך נישט וועניג געמיהט די נשמה פון אַ מענשען. אין דידאָזיגע ווענט, וואו דער געדאַנק לעבט, ווירקט און ווערט אָבגעשוואַכט אין גרויס אָנשטרענגונג, זעהט אַלץ אויס מיד, אָהן כח. נאָך דידאָזיגע אויסברוכען פון לעבען ווערט אַלץ אָבגעשטאָרבען. און אַלץ רוהט-אָב: דאָס מעבעל, די געוועבען, די נישט-פערענדיגטע בילדער אויף די לייוונטען, אויף וועלכע עס זענען געמאָלט מענשען מיט מאַכט און גלאַנץ,

פונקט ווי די גאַנצע אויסשטאַטונג אין דעם קינסטלערס וואוינונג וואָלט זיך בעטייליגט און זיינע אָנשטרענגונגען און זיינע וועהען, אין זיין טעגליך-בענייטען קאַמף.

עס האָט געשמעקט מיט פאַרבען, מיט טערפּענטין און מיט טאַבאַק, און דערמיט זענען געווען אָנגעזאַפּט די טעפּיכען און די ווייכע שטולען. און דורכגעריסען פלעגט ווערען די שווע-רע שטילקייט דורך די קורצע און האַסטיגע אויסגעשרייען פון די שוואַלבען, וואָס פלעגען פאַרבייפליהען פאַרביי דער אָפענער ראַם, און פון דעם ווייטען אונאויפהערליכען גערויש פון פּאַריז, וואָס מען האָט קוים געקאָנט הערען איבער די דעכער. אַלץ איז געווען אונבעוועגליך, און בלויז אַ בלוי וואָלקענדעל רויך פלעגט זיך יעדעס מאָל אויפהויבען צום באַלקען, ווען אָליוויע בערטען, וואָס איז געלעגען אויפ׳ן דיוואַן, פלעגט זיך פערציהען מיט׳ן פּאַפּיראָס, וואָס האָט זיך שוואַך גערויכערט צווישען די ליפּען.

אויסגעשטעלט די אויגען צום זייטען הימעל, האָט ער גע-זוכט אַ טעמע פאַר אַ נייעם בילד. צו וואָס טרעט מען צו? ער האָט נאָך אַליין נישט געוואוסט. ער האָט בכלל נישט געהערט צום טיפּ פון ענטשלאָסענע און אויף זיך פערטרויטע קינסטלער. זיין שטענדיג אונרוהיגע און אונבעשטימטע בעגייסטערונג האָט זיך נאָכאַנאַנד געקוועקעלט צווישען די פערשידענסטע פאָרמען פון קונסט. רייך, בערימט, נאָך די אַלע טריאומפען און אויס-צייכנונגען, האָט ער איצט, בשעת זיין לעבען האָט זיך דערנענ-טערט צום סוף, באמת נישט געקאָנט זאָגען, צו וואָס ער האָט געשטרעבט. אַנ׳אָנהענגער פון טראַדיציעס, האָט ער, ווי אַ סך אַנדערע, געשאַפען אויפ׳ן לייוועגט גרויסע היסטאָרישע געשעהע-נישען און בעקומען אַ פּרעמיע אין רוים; דערנאָך האָט ער זיך עטוואָס מאָדערניזירט און אָנגעהויבען מאָלען היינטיגע מענשען, אָבער דערביי האָט ער נישט פערלאָרען דעם קלאַסישען נוסח פון צייכענען. ער האָט געהאַט אַ פיינעם שכל, איז געווען היציג און פער׳עקשנ׳ט נאָכגעגאַנגען נאָך זיין טרוים, וואָס האָט זיך עפּטער געביטען; ער איז געווען פערליבט אין דער קונסט, וואָס ער האָט אויסגעצייכענט גוט דורכגעלערנט, האָט דערגרייכט אַ

וואונדערבאַרע מייסטערליכקייט אין דער טעכניק און ענטוויקעלט אין זיך די העכסטע עלאַסטישקייט פון טאַלענט, די עלאַסטיש-קייט, וואָס איז אים טיילווייז געקומען פון נישט זיין זיכער אין זיך און פון די פערשידענע פראָבעס, וואָס ער האָט געמאַכט אין פערשידענע ריכטונגען. עס קאָן אויך זיין, אַז דער ערפאָלג וואָס זיינע פיינע, איידעלע און קאָרעקטע ווערק האָבען פלוצלונג געהאַט אין די העכערע קרייזען, האָט געווירקט אויף זיינע נאַטירליכע פעהיג-קייטען און האָט אים געשטערט צו ווערען דאָס, וואָס ער וואָלט געקאָנט ווערען ביי אַנדערע בעדינגונגען. באַלד נאָך די ערשטע טריאומפען האָט זיך אים, הגם אונבעוואוסטזיניג, פערוואָלט גע-פעלען ווערען און דאָס האָט אונבעמערקט געווירקט אויף זיין אויפפירונג, און זיינע איבערצייגונגען האָבען פערלאָרען זייער שאַרפקייט. אָט דער ווילען געפעלען צו ווערען האָט זיך בעווי-זען אין אים אין אַלערליי פאָרמען און אַ סך מיטגעהאָלפען דעם וואוקס פון זיין רום.

די ראַפינירטע מאַנירען, זיינע אַלע געוועהנהייטען, די אוי-סערגעוועהנליכע השגחה איבער זיך, די אַלטע רעפוטאַציע פון אַ שטאַרקען און אַ רירעוודיגען מאַן, פון אַ געשיקטען פעכטער און אַ רייטער—אָט די אַלע קלייניגקייטען האָבען צוגעגעבען אַ בעזונ-דער רייץ זיין רום. נאָך קלעאָפּאַטרע, זיין ערשט בילד, וואָס איז געשיקט געוואָרען אויף אַנ׳אויסשטעלונג, האָט זיך פּאַ-ריז אין אים באַלד איינגעליבט, געמאַכט אים פאַר אַנ׳אייגענעם, ארומגערינגעלט אים מיט כבוד, און ער איז געוואָרען איינער פון יענע גלענצענדיגע וועלטליכע קינסטלער, וואָס מען זעהט זיי פאָרען אין בולאָנער וואַלד, וואָס די אַריסטאָקראַטישע הייזער ווילען זיי אָבנעמען איינס ביים צווייטען און די קונסטאַקאַדעמיע נעמט זיי אַריין אין דער צאָל פון אירע מיטגלידער, נישט-געקוקט אויף זייער יונגקייט. אין דערדאָזיגער אַקאַדעמיע איז ער אַריינגע-טראָטען, ווי אַ זיגער, ביי דעם אַלגעמיינעם בייפאַל פון גאַנץ פּאַריז.

אַזוי האָט אים דער מזל געצערטעלט און געהיט, און דער-פירט צו דער שוועל פון דער עלטער

אונטער דער ווירקונג פון שענעם טאָג, וואָס האָט איבען געלויכטען, האָט ער געזוכט אַ פּאָעטישע טעמע. עטוואָס בערוישט פון פּאַפּיראָס און פונ'ם פרישטיג, האָט ער געטרוימט, קוקענדיג אין הימעל אַריין, און אין דער ריינער בלויקייט זענען אים פאַרבייגעגאַנגען קאָנטורען פון בילדער: פיינע פרויען אין אַ פאַרקאַלעע אָדער אין גאַס, פערליבטע ביים ברעג פון אַנ'אָזערע, פערשידענע גראַציעזע פאַנטאַזיעס, וואָס האָבען געוויילינט זיין שכל. אָט די אונבעשטענדיגע בילדער, אָט די אונבעשטימטע און אונבעוועגליכע פאַרביגע האַלוצינאַציעס האָבען געביטען איינע די צווייטע און זיך געצייכענט אויפ'ן פאָן פון הימעל, און די שוואַלבען, וואָס האָבען נאָכאַנאַנד דורכגעשניטען די ראַם, ווי פיילען פון אַ בויגען, האָבען אַזוי ווי געוואָלט זיי אָבמעקען, ווײלעוויז זיי פונאַנדערגעשניטען מיט די ליניעס פון זייער פליהען, פונקט ווי מיט שטריכען פון אַ פען.

ער האָט גאָרנישט געקאָנט געפינען. די אַלע געצייכענטע געשטאַלטען זענען געווען ענליך צו די, וואָס ער האָט שוין פריער געמאָלט, די אַלע נייע פרויען האָבען אויסגעזעהן, ווי טעכטער אָדער שוועסטער פון יענע, וואָס דער קאַפּריז פון זיין קינסטלערישער פאַנטאַזיע האָט זיי נאָך אַמאָל געבראַכט אויף דער וועלט. און איינזעהענדיג, אַז דאָס איז בלויז אַנ'איבערזיכט איבער זיינע פריערדיגע אַרבייטען, אַז ער איז שוין נישט בכח צו טרוימען אויף אַנ'אַנדער שטייגער און אויסגעפינען נייעס, האָט ער דערפיהלט אַ שרעק—דערווייל נאָך גאַנץ טונקעל, נישט-געקוקט דערויף, וואָס אַזאַ מין שפּירונג איז אים דאָס לעצטע יאָר נישט-זעלטען בעפאַלען—אַז זיין נשמה איז שוין וויסט, אַז די טעמען, וואָס זענען פאַר אים בעשטימט געווען, זענען שוין אויסגעשעפּט געוואָרען, אַז זיין בעגייסטערונג האָט פערלאָרען איר פאַרב.

ער האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבען, אַ קוק צו טאָן אין זיינע קאַרטאָנען, צי געפינט זיך נישט צווישען די נישט-פערענדיגטע און אַוועקגעוואָרפענע פּראָיעקטען עפּיס אַזוינס, וואָס זאָל קאָנען דערוועקען אין אים אַ גליקליכען געדאַנק.

און, רויכערענדיג, האָט ער אַריינגעקוקט אין עסקיזען, פראַגמענטען און צייכנונגען, וואָס זענען געלעגען בעהאַלטען אין אַ גרויסען אַלטמאָדישען שאַנק. אָבער באַלד איז אים דערעסען געוואָרען דאָס זוכעניש, וואָס האָט נאָך פערשטאַרקט אין אים די שווערע שפּירונג. ער האָט אַ וואָרף געטאָן דעם פּאַפּיראָס, געגומען אויספּייפען אַ מאָדיש לידעל, דערנאָך זיך איינגעבויגען און אַרויסגעשלעפּט פון אונטער'ן טיש גימנאַסטישע געוויכטען.

אין די ספּאָרטקרייזלעך האָט מען אים געהאַלטען פאַר אַ גבור, אין די אַריסטאָקראַטישע אויפנאַמצימערן—פאַר אַ שענעם מאַן. אָבער איצט איז שוין געלעגען אויף אים די עלטער און ער איז עטוואָס שווערער געוואָרען. נישט-געקוקט אויף דער הוי-כער וואוקס, אויף די ברייטע אַקסלען און אויף דער היבשער ברוסט, האָט זיך דאָך געלאָזט זעהן דער אויסגעצויגענער בויך, ווי ביי אַנ'אַלטען קעמפער, כאָטש ער האָט טעגליך געפּעכט און רעגולער געריטען. זיין קאָפּ איז נאָך געווען וואונדערליך שען, נישט ווענינער, ווי אין די יונגע יאָרען, אָבער אַנדערש שען. די קורצע, גרויע, שוין גאָר ווייסע האָר, וואָס זענען אָבער נישט געוואָרען שיטערער, האָבען בעזונדערס בעשאָטענט דעם קוק פון זייגע שוואַרצע אויגען אונטער די גרויע ברעמען. די פעסטע וואָנסען, די וואָנסען פון אַנ'אַלטען סאָלדאַט, זענען נאָך כמעט איינגאַנצען טונקעל געבליבען און האָבען צוגעגעבען זיין געזיכט דעם אויסדרוק פון זעלטענער ענערגיע און קראַפט.

ער האָט זיך אויסגעגלייכט, צוגויפגערוקט די פּיאַטעס, דורכגעמאַכט מיט די טשוהונענע באַלען די אַלע בעשטימטע איבונ-גען און מיט אַ צופרידענעם בליק בעטראַכט די רוהיגע און פעס-טע בעוועגונגען פון זיין מוסקולירטער האַנט.

נאָר פּלוצלונג האָט זיך אין דער טיפעניש פון שפּיגעל, וואו עס האָט זיך געזעהן די גאַנצע אַטעליע, פונאַנדערגעעפענט אַ פּאָרטיער און עס האָט זיך בעוויזען אַ קאָפּ פון אַ פרוי, בלויז נאָר אַ קאָפּ, מיט אויגען, אויסגעשטעלט אויף אים.

הינטער אים האָט זיך דערהערט אַ קול:

—אין דערהיים?

—דאָ,—האָט ער געענטפערט און זיך אָבגעקערט. דערנאָך האָט ער אַ וואָרף געטאָן די געוויכטען אויפ׳ן טעפּיך און צוגע־לאָפען צום טיר מיט עטוואָס אַ געמאַכטער לייכטקייט.

אַריינגעגאַנגען אַ פרוי אין העלע קליידער. אַז זיי האָבען זיך געדריקט די הענט, האָט זי געזאָגט:

—איר מאַכט איבונגען?

—יאָ,—האָט ער געענטפערט—איך האָב ערשט געוואָלט רעכט אָנהויבען, זענט איר געקומען.

זי האָט זיך צולאַכט.

—אייער דינערס צימערל איז געווען לעדיג, אָבער אַזוי ווי איך ווייס, אַז אין די שעה׳ן זענט איר אַליין, בין איך אַריין אָהן אַ מעלדונג.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר.

—צום טייוועל, ווי איר זענט שען. וויפיל גלאַנץ!

—איך בין אין אַ נייעם קלייד. עס געפעלט אייך?

—אויסגעצייכענט. וואָס פאַר אַ האַרמאָניע פון טאָן און לי־ניע! יאָ, מען קאָן זאָגען, אַז אין אונזער צייט פיהלט מען שאַ־טירונגען.

ער איז געגאַנגען אַרום איר, געטאַפּט די מאַטעריע, פערענדערט מיט די שפּיצען פינגער די לאַגע פון די פאַלדען, ווי אַ מענש, וואָס איז בעקאַנט מיט טואַלעטען נישט ערגער פון אַ דאַמענשניידער. און באמת, דאָס גאַנצע לעבען האָט זיין קינסט־לערישער געדאַנק און זיינע אַטלעטישע מוסקולען געאַרבייט דע־רויף, ווי אַזוי איבערצוגעבען מיט דער הילף פון צאַרטען פּענ־זעל די פערענדערליכקייט פון פיינע מאָדעס, אויפדעקען די פּרויענגראַציע, וואָס איז פערשלאָסען און בעהאַלטען אונטער סאַ־מעט און זיידענס אָדער אונטער׳ן שניי פון שפּיצען.

ער האָט געענדיגט זיין בעטראַכטען מיט די ווערטער:

—זעהר געלונגען, דאָס קליידט אייך.

זי האָט אים געלאָזט קוקען אויף זיך און הנאה האָבען און אַליין זיך געפרייט פון דער אייגענער שענקייט און פון דעם, וואָס דידאָזיגע שענקייט מאַכט אויף אים אַ ווירקונג.

שוין נישט גאָר יונג, איז זי אָבער דאָך געווען נאָך שען. נישט גאָר הויך, עטוואָס דיק, גאָר פריש, מיט יענעם בעזונדער גלאַנץ, וואָס גיט-צו דעם פערציגיעריגען קערפער אַנ׳אַראָמאַט פון רייפקייט, איז זי געווען ענליך צו אַ רויז, וואָס לאָזט זיך אַלץ ברייטער און ברייטער פונאַנדער, ביז יענעם מאָמענט, בשעת אַ צופיל-פונאַנדערגעבליהטע, צופאַלט זי זיך, צולעצט, אין אַ וואָסער שעה צייט.

זי איז געווען אַ בלאָנדין און בעזעסען די רירעוודיגע יונגע בעוועגליכקייט פון פאַריזערינס, וואָס עלטערן זיך נישט און וואָס בעהאַלטען אין זיך אַ וואונדערליכע לעבענסקראַפט, אַ מאַסע אָבוער-עקשנות, וואָס קאָנען אַ צוואַנציג יאָר שיינען מיט זייער אונבעזיגטער פייערליכער שענקייט, זאָרגענדיג הויפטזעכליך וועגען קערפער און גוט אָבהיטענדיג דאָס געזונט.

זי האָט אויפגעהויבען דעם וואואַל און געזאָגט:

—וואָס? מען וויל מיך שוין גאָרנישט אַ קוש טאָן?

—איך האָב נאָר-וואָס געריוכערט,—האָט ער געזאָגט.

זי האָט געמאַכט אַ מינע:—פי!—און דערנאָך, אויסציהענדיג צו אים די ליפען:—נאָך ערגער.

זייערע ליפען האָבען זיך בעגעגענט.

ער האָט צוגענומען ביי איר דאָס שירמל און אַראָבגעצויגען איר דעם פריליגגזשאַקעט מיט פלינקע און זיכערע בעוועגונגען פון אַ מענשען, וואָס איז געוועהנט צו דידאָזיגע אינטימע פליכטען. אַז זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפ׳ן דיוואַן, האָט ער וואַרים געפרעגט:

—אייער מאַן איז געזונט?

—פאָלקאָם. ביי דער מינוט מוז, ער אודאי האַלטען זיין רעדע אין פאַלאַטע.

—יאָ? אויף וואָס פאַר אַ טעמע?

—אָהן שום צווייפעל, ווי אַלעמאָל, וועגען ריבען אָדער וועגען ריבענאייל.

איר מאַן, גראַף הילערוא, אַ דעפוטאַט פון ערער קרייז,

האָט זיך אויסגעקליבען פּאַר זיין ספּעציאַליטעט פערשידע-נע לאַנדווירטשאַפטליכע פראַגען.

בעמערקענדיג פּלוצלונג אין ווינקעל אַנ׳אָנגעהויבענע צייכ-נונג, איז זי איבערגעגאַנגען אין דער צווייטער זייט פון אַטעליע און אַ וואָרף געטאָן אַ פראַגע:

—וואָס איז עס אַזוינס?

—נאָר-וואָס אָנגעהויבען אַ פּאַסטעלמאָלעריי. דאָס בילד פון דער פירשטין דע-פּאָנטעוו.

—ווייסט איר—האָט זי ערנסט געזאָגט—אויב איר וועט ווידער נעמען מאָלען פּרויענפּאָרטרעטען, וועל איך פערמאַכען אייער אַטעליע. איך ווייס זעהר גוט, צו וואָס דאָס פירט.

—אָ,—האָט ער געענטפערט—אַזעס פּאָרטרעט ווערט צוויי מאָל נישט געמאָלט.

—איך מיין אַזוי.

זי האָט אָנגעהויבען בעטראַכטען די פּאַסטעלמאָלעריי מיט דעם אויסדרוק פון אַ פּרוי, וואָס פערשטעהט קונסט: דאָ האָט זי זיך אָבגערוקט, דאָ צוגעגאַנגען נעענטער, געקוקט דורך אַנ׳אויס-געבויגענער האַנט, אָבגעזוכט אַנ׳אָרט, פון וואַנען מען זאָל קאָ-נען זעהן דעם עסקיז אין אַ בעקוועמערן ליכט און, צולעצט, אויס-געדריקט איר צופרידענקייט.

—זעהר גוט. פּאַסטעלמאַלעריי גיט זיך אייך איין אויס-געצייכענט.

דאָס האָט איהם הנאה געטאָן און ער האָט אַרויסגעמור-מעלט:

—איר מיינט אַזוי?

—יאָ, דאָס איז אַנ׳איידעלע קונסט, וואָס פּאָדערט אַ סך עלעגאַנץ. בעלי-מלאכות פון מאָלערייקונסט טויגען נישט דערצו...

פּאַר אַ משך פון צוועלף יאָר האָט זי זיך געסטאַרעט צו פערשטאַרקען אין איהם די נייגונג צו ראַפינירטער קונסט, און זיך געראַנגעלט מיט דער שטרעבונג צו רעאַלער פשטות, וואָס האָט זיך גענומען אַרויסווייזען אין איהם; זי האָט געצויגען זיין אויפמערקזאַמקייט אין דער עלעגאַנטער וועלט און צערטליך

געשטויסען אים צו דער עטוואָס מאַנירליכער און געקינסטעלטער גראַציע.

זי האָט געפרעגט:

—וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דידאָזיגע פירשטין?

ער האָט איר געמוזט געבען טויזענדער פערשידענע דע-טאַלען, יענע גאָרנישטדיגע קלייניגקייטען, אויף וועלכע עס וואַרפט זיך אַרויף די אויפעריגע און פערדעכטיגע נייגיריגקייט פון אַ אַ פרוי, אָנהויבענדיג מיט'ן טואַלעט און ענדיגענדיג מיט די גייס-טיגע אייגענשאַפטען.

און פלוצלונג האָט זי אַ וואָרף געטאָן אַ פראַגע:

—זי קאָקעטירט מיט אייך?

ער האָט זיך צולאַכט און געשוואָרען, אַז נישט.

האָט זי געלעגט די הענט אויף דעם קינסטלערס אַקסלען און זיך שטאַרק אַריינגעקוקט אין אים. אין רעכטען אויספרעגען האָבען זיך געגרעסערט אירע שוואַרצאַפּלען אין דער אויגענבלוי-קייט, וואָס איז געווען בעזייט מיט קליינינקע שוואַרצע פינ-טעלעך, קוים צו מערקען, פונקט ווי מיט די קלענסטע שפּריצע-לעך טינט.

—קאָקעטירט זי נישט מיט אייך, איר זאָגט דעם אמת?

—אָ, דעם ריינסטען אמת.

—איבעריגענס, בין איך רוהיג,—האָט זי דערלעגט—איר וועט שוין קיינעם נישט ליבען מער, אויסער מיר. קיין אַנדערע פרויען וועלען שוין גישט זיין. שוין צו-שפּעט, מיין אָרימער פריינד.

ער האָט דערשפּירט יענעם לייכטען אונאָנגענעמען ציטער, וואָס קומט שטענדיג אין האַרצען פון עלטערע מענשען, בשעת מען רעדט מיט זיי פון זייערע יאָרען, און ער האָט דורכגע-לאָזט דורך די ליפּען:

—היינט, מאָרגען, ווי בעכטען, איז נישטאָ און וועט קיינ-מאָל קיינער נישט זיין אין מיין לעבען, אויסער אייך, אַנע.

דעמאָלט האָט זי אים גענומען פאַר'ן האַנט און, אומ-קערנדיג זיך צום דיוואַן, האָט זי אים אַוועקגעזעצט נעבען זיך.

—פון וואָס האָט איר איצט געטראַכט?
—איך זוך אַ טעמע פאַר אַ בילד.
—נו, און וואָס?
—איך ווייס נישט, איך זוך נאָך אַלץ.
—וואָס האָט איר געטאָן פאַר דער לעצטער צייט?
ער האָט איר דערצעלט וועגן אַלע בעזוכער, וואָס זענען געוועזן ביי אים, וועגן אַלע מיטאָגען און אָווענדען, אויף וועל־כע ער איז אַליין געוועזן און וועגן אַלע שמועסען און רכילות׳ן, וואָס ער האָט געהערט. ביידע האָבען זיי זיך אינטערעסירט מיט די אַלטעגליכע קלייניגקייטען פון דער אַריסטאָקראַטישער וועלט. קליינינטשקע קריגערייען, בעוואוסטע אָדער פאַרגעשטעלטע ראָמאַ־נען, אַרומשפּאַצירענדיגע מיינונגען, וואָס ווערען טויזענדער מאָל איבערגע׳חזר׳ט און טויזענדער מאָל געהערט וועגען איין־און־די־זעלבע מענשען, וועגען איין־און־דיזעלבע פּאַסירונגען, איין־און־דיזעלבע אידעען — האָבען אַריינגעצויגען און אָבגעטונקט זיי־ערע נשמות אין דעם רוישיגען און שנעלען שטראָם, וואָס הייסט פּאַריזער לעבען. זיי האָבען געקאָנט אַלץ און אַלעמען — ער אַלס מאָדערנער קינסטלער, פאַר וועלכען עס זענען געווען אָפען אַלע טירען, זי אַלס עלעגאַנטע פרוי פון אַ קאָנסערוואַטיווען דעפּוטאַט; ביידע זענען געווען זעהר געשיקט אינ׳ם ספּאָרט פון דער פיי־נער פראַנצויזישער פּלוידעריי, וואָס איז באַנאַל און העפליך־גאַ־ליג, וואָס איז אינהאַלטסלאָז־שאַרפזיניג און איידעל־וואולגאַר און וואָס דער עולם איז שטענדיג מקנא די־יעניגע, וועלכע בעזיצען דידאָזיגע שפּראַך פון ראַפינירטער רכילות.
—ווען קומט איר צו אונז אויף מיטאָג?—האָט זי פלוצלונג אַ פרעג געטאָן.
—ווען איר ווילט. בעשטימט אַ טאָג.
—נו, זאָל זיין פרייטאָג. ביי מיר וועט זיין די הערצאָגין דע־מאָרטעמען, קאָרבעלי און מיוזאַדיע. מיר וועלען פייערן מיין טאָכטערס צוריקקער. זי קומט היינט אין אָווענד. אָבער זאָגט קיינעם נישט. דאָס איז אַ סוד.
—יאָ, יאָ, איך וועל זיכער זיין. איך בין ענטציקט, וואָס

אַנעט קומט צוריק. איך האָב זי דאָך נישט געזעהן דריי יאָר.

—ווירקליך, גאַנצע דריי יאָר!

דערצויגען אין פּאַריז, ביי די עלטערן, האָט זיך שפּעטער צו אַנעט שטאַרק צוגעבונדען איר באָבע, פרוי פּאַראַדען, וואָס האָט, כמעט שוין אַ בלינדע, געוואוינט אַ קיילעכדיג יאָר אין דעם איידעמס גוט, איג׳ם שלאָס דע-ראָנסיער, אין ער. מיט יעדען יאָר האָט זיך די אַלטע געסטאַרעט אַלץ לענגער צו פערהאַלטען ביי זיך דאָס קינד, און אַזוי ווי די הילערוואַ׳ס האָבען כמעט פער-בראַכט אַ האַלב לעבען אין דעמדאָזיגען אָרט צוליב פערשידענע אינטערעסען—וואַהל און לאַנדווירטשאַפטליכע—האָט מען סוף-כל-סוף אָנגעהויבען זעלטען פירען דאָס מיידעלע אין פּאַריז, און דאָס אויף אַ קורצער צייט, בפרט נאָך, אַז איר אַליין איז געווען מער געפעלען דאָס פרייע בעוועגליכע דאָרפסלעבען, ווי דאָס זי-צען אין שטאָט צווישען פיר ווענט.

די לעצטע דריי יאָר האָט זי זיך גאָרנישט בעוויזען אין פּאַריז, מחמת די גרעפין האָט זי געוואָלט האַלטען ווייטער פון דערדאָזיגער שטאָט; זי האָט נישט געוואָלט, אין דער טאָכטער זאָלען זיך דערוועקען נייע געשמאַקען פריער פון יענעם טאָג, בעת איר וועט זיין בעשטימט אַרויסצוטרעטען אין דער געזעל-שאַפט. פרוי הילערואַ האָט איר געגעבען אין דאָרף אַריין צוויי לערערינס מיט גוטע דיפּלאָמען, און עפטער, ווי פריער, פלעגט זי פאָרען געוואָר-ווערען די מוטער און די טאָכטער. צו דעם אַלעם האָט אַנעט געמוזט זיין נעבען איר אַלטער באָבען.

פריער פלעגט אָליוויע בערטען יערליך פערברענגען אין ראָנסיער אָנדערטהאַלבען אָדער צוויי מאָנאַטען. אָבער אין די לעצטע דריי יאָר האָבען אים רעוומאַטישע וועטאָגען געצוואונגען אַרויסצופאָרען אין די ווייטע היילבעדער, און דידאָזיגע נסיעות האָבען אַזוי פערשאַרפט זיין ליבע צו פּאַריז, אַז ווען ער האָט זיך איינמאָל אומגעקערט אַהין, האָט ער זיך שוין נישט געקאָנט בעשליסען צו פערלאָזען דידאָ‏־‏ע שטאָט.

דאָס יונגע מיידעל האָ‏ זיך, אייגענטליך, בעדאַרפט צו-ריקקערן אין הערבסט, אָבער ב‏ איר פאָטער איז פלוצלונג אויס-

געוואקסען אפלאן חתונה צו מאכען זי, און ער האט ארויסגע-רופען די טאכטער, זי זאל זיך טרעפען מיט יענעם, וועמען ער האט איר בעשטימט פאר א חתן, מיט׳ן מארקיז דע-פאראנדאל. איבעריגענס, דערדאזיגער פלאן איז געהאלטען געווארען בסוד, און בלויז איין אליוויע בערטען האט געוואוסט פון דעם סוד דורך דער פרוי דע-הילערואַ.

ער האט געזאגט:

—אייער מאן האלט זיך ענטגילטיג פאר דעמדאזיגען אויסוואל?

—יא, און איך האלט אים אויך פאר זעהר געלונגען.

זיי האבען אנגעהויבען ריידען פון אנדערע זאכען.

זי האט זיך אומגעקערט צו מאלעריי און זיך געסטארעט איבערצוציייגען אים, ער זאל מאלען קריסטוס׳ן. ער האט זיך אבגעזאגט, איינגעפינענדיג, אז אזוינע בילדער זענען שוין אזוי אויך צופיל פאראן אויף דער וועלט. זיין פריינדין האט זיך ברייטער אנידערגעזעצט אויפ׳ן דיוואן. אין א פיין שיכעלע האט זיך געלאזט זעהן דער פוס, וואס האט אונטער דעם דורכזיכטי-גען זאק ארויסגעוויזען כמעט נאקעט, און אליוויע בערטען האט אויסגעשריען:

—אט וואס מען דארף מאלען, אט איז לעבען: א פרויען-פוס, וואס קוקט-ארויס פון א ברעג קלייד! אהער קאן מען אלץ אריינלעגען—ווארהייט, בעגער, פאעזיע. עס איז נישטא קיין גרא-ציעזערס, שענערס פון א פרויענפיסעל, און וויפיל איז דערין פאראן געהיימעס: די קאנטורען פון דעם גאנצען פוס, וואס זענען פערבארגען און לאזען זיך משער-זיין אונטער דידאזי-גע געוועבען!

ער האט זיך געזעצט אויף דער פאדלאגע, ווי א טערק, און, כאפענדיג דאס שיכעלע, האט ער עס אראבגעצויגען. דער פוס, פריי פון זיין פעלענעם שיידעל, האט זיך בעוועגט, ווי א קליין שטיפעריש חיה׳לע, וואס האט זיך פלוצלונג דערשפירט אויף דער פרייהייט. בערטען האט איבערגע׳חזר׳ט:

—דאס איז איידעל, פיין און מאטעריעל, מער מאטעריעל, ווי די האנט. בעווייזט מיר אייער האנט, אנע!

אויף דער האַנט איז געווען אַ לאַנגע האַנטשו ביז'ן עלענבויגען. ער האָט גענומען די האַנטשו פאַר'ן אויבערשטען ברעג, אויסגעקערט זי און פלינק אַראָבגעצויגען פון דער האַנט, ווי מען ציהט-אַראָב די הויט פון אַ שלאַנג. אַ בלאַסע פולע קיילעכיגע האַנט האָט זיך געוויזען פאַר די אויגען מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז עס איז געקומען אַ געדאַנק וועגען אַ דרייסטער פאָלקאָמענער נאַקעטקייט.

זי האָט אויסגעצויגען די האַנט. אויף די ווייסע פינגער האָבען געגלאַנצט רינגעלעך, די לאַנגע פערשאַרפטע נעגעל האָבען אויסגעוויזען ווי ליבעקראַלען, אויסגעוואַקסען אויף די שפּיצען פון קליינינקע פרויענלאַפּקעלעך.

אָליוויע בערטען האָט צערטליך אָנגערירט די האַנט, געקוויקט זיך מיט איר. ער האָט געהאַלטען די פינגער און געווילט זיך מיט זיי, ווי מיט לעבעדיגע שפּילצייג און, צולעצט, געזאָגט:

— סאַראַ וואוילע זאַך דאָס איז! סאַראַ וואוילע זאַך אָט דאָס קליינע פיינע הענטעל, וואָס איז קלוג און געשיקט, וואָס שאַפט פערשידענע זאַכען—ביכער, שפּיצען, הייזער, פּיראַמידען, לאָקאָמאָטיווען, טשאַסטקעלעך און לאַסקעס. דאָס לעצטע איז די סאַמע בעסטע פון אירע אַרבייטען.

ער האָט אַראָבגענומען איין רינגעלע נאָכ'ן צווייטען, און אַז עס איז אַראָבגעפאַלען דאָס חתונה-רינגעלע, האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

—אָט איז אַ געזעץ. לאָמיר אים אָבגעבען כבוד!

—וואָס פאַר אַ נאַרישקייטען!—האָט זי געזאָגט, עטוואָס בעליידיגט פון זיין טאָן.

אין אים איז שטענדיג געווען די נייגונג צו לייכטען חוזק, אָט די פראַנצויזישע טבע, צוצומישען איראָניע צו די סאַמע ערנסטע געפיהלען, און נישט זעלטען האָט ער איר פערשאַפט שמערצען דערמיט, וואָס ער האָט נישט געקאָנט כאַפּען די איידעלע גרעניצען, צו וועלכע פרויען זענען אַזוי פיהלבאַר; ער

האָט נישט געקאָנט, ווי ער אַליין פלעגט זיך אויסדריקען, אונ־טערשיידען די גרעניצען פון הייליגע ווינקעלעך. בעזונדערס פלעגט זי זיין בייז, ווען ער פלעגט אַריינפּאַלען אין אַ לייכטזיניגען טאָן און זאָגען וועגען זייערע דויערהאַפטע בעציהונגען, אַז דאָס איז אַ גרויסאַרטיגער ליבעמוסטער אין צוועלפטען יאָרהונדערט. נאָך אַ שטילשווייגען האָט זי געפרעגט:

—איר וועט זיין אונזער בעגלייטער, מיינער און אַנעטס, ביים עפענען די אויסשטעלונג?

—מיט גרויס פערגעניגען.

זי האָט אים פונאַנדערגעפרעגט וועגען די בעסטע בילדער פון דער קומענדיגער אויסשטעלונג, וואָס האָט בעדאַרפט געע־פענט ווערען אין אַ צוויי וואָכען אַרום.

אָבער פונקט ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט, אַז זי דאַרף נאָך ערגעץ געהן, האָט זי פּלוצלונג אויסגעשריען:

—דאָך גיט מיר מיין שוך. איך געה אַוועק.

אַ פערטראַכטער האָט ער געשפּילט מיט איר לייכטען שי־כעלע, ־רעהענדיג עס אין די הענט.

ער האָט זיך אַנגעבויגט, אַ קוש געטאָן דעם פוס, וואָס איז געווען אַרויסגעשטעקט פון אונטער'ן קלייד און געהאַנגען אי־בער'ן טעפּיך, עטוואָס דערפרוירען, ווי פערגליווערט. דערנאָך האָט ער איר אָנגעטאָן דאָס שיכעלע. פרוי הילערואַ האָט זיך אויפגעהויבען, צוגעגאַנגען צום טיש, וואו פערשידענע פּאַפּירען, פונאַנדערגעוואָרפענע בריף, נאָר־וואָס בעקומענע און אַלטע, האָ־בען זיך צוזאַמען געוואַלגערט מיט דעם קינסטלערס טינטער, וואו דער טינט איז שוין לאַנג געווען אויסגעטריקענט. מיט ניי־גיער האָט זי בעטראַכט דידאָזיגע בלעטלעך, געריררט זיי, אונטער־געהויבען זיי, צו זעהן, וואָס ליגט אונטער זיי.

ער האָט געזאָגט, צוגעהענדיג צו איר:

—איר מאַכט אַ צומישעניש אין מיין אונאָרדנונג.

זי האָט נישט געענטפערט, נאָר געפרעגט:

—ווער וויל ביי אייך קויפען אייערע „פרויען, וואָס באָ־דען זיך?“

—עפּיס אַנ׳אַמעריקאַנער, מיט וועלכען איך בין נישט בעקאַנט.

—און די „גאַסענזינגערין״ האָט איר שוין פערקויפט?

—יאָ, צענטויזענד.

—איר האָט גוט געטאָן. דאָס איז אַ ליב זאַכעלע און נישט מער. אַדיע, מיין טייערער.

זי האָט אים אָנגעשטעלט די באַק, און ער האָט זי אָנגערירט מיט א רוהיגען קוש. דערנאָך איז זי פערשוואונדען היגטער׳ן פאָרטיער, זאָגענדיג אין דער-שטיל:

—אַלזאָ, פרייטאָג, אַכט אַ זייגער.

אַז זי איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער פון דאָסניי פעררויבערט אַ פּאַפּיראָס און דערנאָך ווידער גענומען אומגעהן אויף-און-אָב מיט קליינע טריט איבער דער אַטעליע. פאַר אים האָט זיך פונאַנדערגעוויקעלט דער גאַנצער עבר פון זייערע בעציהונגען. אין זכרון זענען געקומען פערשידענע קלייניגקייטען, דאַכט זיך, שוין לאַנג פערגעסענע, אריינגעטאָן אין דידאַזיגע ערינערונגען, האָט ער זיך געסטאַרעט אויפצושטעלען זיי מיט אַ סדר, ווי זיי זענען פאָרגעקומען אין לעבען.

געשעהן איז עס אין יענער עפּאָכע, ווען ער האָט זיך אַזוי ווי אַ שטערען אויפגעהויבען איבער דער אַריסטאָקראַטישער וועלט פון פאַריז, ווען די קינסטלער זענען געווען שטאַרק דערוואַרימט פונ׳ם פובליקום און זיי האָבען פערבויט אַ גאַנץ פערטעל מיט גרויסאַרטיגע איינצעלפּאַלאַצען, דערגרייכט דורך עטליכע שמירען מיט׳ן פּינזעל.

בעקומען פון רוים אין 1864 יאָר, האָט בערטען עטליכע יאָר צייט קיין שום ערפאָלג נישט געהאַט און קיינער האָט אים נישט געקאָנט. נאָר אין 1868 יאָר, נאָכדעם, ווי ער האָט אַרויסגעשטעלט זיין קלעאָפּאַטרע, איז ער מיט אמאָל, אין אַ וואָסערע עטליכע טעג צייט, דערהויבען געוואָרען ביז׳ן הימעל דורך דער קריטיק און דעם פובליקום. אין 1874 יאָר האָט דער פאָרטרעט פון דער פירשטין דע-סאַליע געצוואונגען די העכערע קרייזען צו אָנערקענען אָליוויע׳ן פאַר דעם בעסטען פאָרטרעטיסט פון זיין

צייט, פון דעמדאָזיגען מאָמענט אָן ווערט ער דער בעליבסטער מאַלער פון דער פּאַריזערין און פּאַריזערינס, דער סאַמע גע-שיקסטער און שאַרפזיניגסטער אויסטייטשער פון זייער גראַציע, מאַנירען און נאַטור. עטליכע מאָנאַטען האָבען אַלע גלענצענדע פּאַריזער דאַמען קאָנקורירט צווישען זיך: יעדע האָט געוואָלט האָבען דעם כבוד צו זיין דורך אים געמאָלט. אָבער ער איז גע-ווען וועניג צוגענגליך און געלאָזט זיך טייער בעצאָלען.

ער איז געווען אין מאָדע, און פאַר אים זענען געווען אָפען אַלע אַריסטאָקראַטישע הייזער, און אָט האָט אים איינמאָל ביי דער הערצאָגין דע-מאָרטעמען פּעראַינטערעסירט אַ יונגע פרוי אין טיפען טרויער. זי איז אַוועקגעגאַנגען אַקוראַט אין דעם מאָ-מענט, ווען ער איז געקומען. ער האָט זיך געטראָפען מיט איר אין טיר און זיך אַזוי איבערראַשט, פּונקט ער וואָלט דערזעהן אַ פאַנטאַסטיש וועזען, פול גראַציע און פיינקייט.

ער האָט געפרעגט וועגען איר און זיך דערוואוסט, אַז זי הייסט גרעפין דע-הילערואַ, אַז זי איז די פרוי פון אַ נאָרמאַנדי-שען אַדעלמאַן, וואָס איז אַגראָנאָם און דעפּוטאַט, אַז זי האָט געטראָגען טרויער נאָכ'ן פאָטער פון איר מאַן און אַז זי איז זעהר קלוג און ווערט געליבט און געשעצט.

אונטער'ן פרישען איינדרוק פון איר געשטאַלט, וואָס האָט אים, דעם קינסטלער, ענטציקט, האָט ער געזאָגט:

—אַך! אָט פון וועמען איך וואָלט געצייכענט אַ פּאָרטרעט!

דידאָזיגע ווערטער זענען אויף מאָרגען איבערגעגעבען גע-וואָרען דער יונגער פרוי, און אין דעמזעלבען אָווענד האָט ער בעקומען אַ בלוי בריוועלע, וואָס האָט אַרויסגעגעבען אַ קוים-שפּי-רענדיגען אַראָמאַט; מיט אַ גלייכען און דינעם כּתב, וואָס האָט זיך עטוואָס אויפגעהויבען פון לינקס צו רעכטס, איז געווען גע-שריבען:

ג. ה.

„די הערצאָגין דע-מאָרטעמען, וואָס האָט מיך נאָר-וואָס בעזוכט, פערזיכערט, אַז איר זענט גרייט צו שאַ-פען פון מיין נישט-ווערטיגען פּנים איינעם פון אייערע

שעדעווורען. איך וואָלט זעהר גערן פאָזירט פאַר אייך, ווען איך וואָלט זיין זיכער, אַז איירע ווערטער זענען נישט בלויז אַ פראַזע, אַז איר געפינט ווירקליך אין מיר עפּיס אַזוינס, וואָס פערדינט געמאָלט און אידעאַליזירט צו ווע-רען פון אייער פּינזעל.

נעמט-אָן, גנעדיגער הער, די פערזיכערונג אין מיין פולשטענדיגער אַכטונג.

אַנע דע-הילערואַ.

אין זיין ענטפער האָט ער זיך נאָכגעפרעגט, ווען ווען אים זיין דערלויבט פאָרצושטעלען זיך דער גרעפין, נאָר ער איז פשוט איינגעלאַדען געוואָרען צום פרישטיג אין דעם נאָנטסטען מאָנטאָג.

הילערואַ האָט געוואוינט אין מאַלערבסקווער, אין דעם ערשטען שטאָק פון אַ גרויסען הויז, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַ מאָדערנער אַרכיטעקטור. דורכגעהענדיג אַ גרויס גאַסט-צימער, בעצויגען מיט בלויען זיידענס אין הילצערנע באַגעטען, וואָס האָבען געפינקעלט מיט ווייס און גאָלד, איז דער קינסטלער אַריינגעפירט געוואָרען אין אַ צימער, וואָס האָט דערמאָנט אַ בו-דואַר מיט קאָקעטישע העלע אויסנייאונגען פון פערגאַנגענעם יאָר-הונדערט. דיראַזיגע אויסנייאונגען אין וואַטאָסטיל, מיט זייערע צאַרטע שאַטירונגען, מיט זייערע גראַציעזע צייכנונגען זענען גע-ווען, דאַכט זיך, פערקלערט, בעשאַפען און אויסגעפירט דורך מייסטער, וואָס זענען געווען פערזונקען אין ליבע-חלומות.

אַז ער האָט נאָך נישט בעוויזען צו זעצען זיך, איז אַריין די גרעפין. זי איז געגאַנגען אַזוי לייכט, אַז ער האָט נישט גע-הערט אירע טריט אין דעם שכנ׳ישען צימער און ער איז געווען פערוואונדערט מיט איר אַריינגעקומען. זי האָט אים פריינדליך אויסגעצויגען די האַנט.

— איז עס וואָר, אַז איר וואָלט געוואָלט מאָלען מיין פּאָר-טרעט?

— איך וואָלט געווען זעהר גליקליך, מיין הערין.

איר שוואַרץ שמאָל קלייד, וואָס האָט זי געמאַכט זעהר

דין און יונג, האָט איר גלייכצייטיג צוגעגעבען עפּיס אַ שטרענג-קייט; איבעריגענס, דערדאָזיגער שטרענגקייט האָט סותר-געווען דאָס שמייכלענדיגע פּנים׳ל, אינגאַנצען פערגאָסען מיט שיין פון העלע האָר. עס איז אַריין דער גראַף און געפירט פאַר׳ן הענטעל די קליינע זעקסיעריגע טאָכטער.

פרוי דע-הילערואַ האָט פאָרגעשטעלט:

—מיין מאַן.

דאָס איז געווען אַ מענש פון קליינער וואוקס, מיט צוקנייטשטע באַקען, עטוואָס בלוי פון ראַזירען די באָרד.

ער איז געווען ענליך צו אַ גלח אָדער צו אַן אַקטיאָר. זיינע לאַנגע האָר זענען געווען פערוואָרפען אַהינטער. געהאַלטען האָט ער זיך זעהר העפליך. ביים מויל זענען אים געלעגען צוויי האַלבקיילעכיגע קנייטשען, וואָס האָבען זיך אַראָבגעלאָזט פון די באַקען צו דער גאָמבע—דאַכט זיך, אַז זיי זענען אים געקומען פון דער געוואוינהייט עפענטליך צו ריידען.

ער האָט בעדאַנקט דעם קינסטלער מיט יענער לאַנגער מאָס רייד, וואָס האָט געלאָזט שפירען דעם געוועזענעם אָראַטאָר. ער האָט זיך שוין לאַנג געקליבען צו בעשטעלען זיין פרויס פּאָרטרעט, און געוויס וואָלט ער זיך צו קיין אַנדערן נישט געווענדט, ווי נאָר צום הער אָליוויע בערטען, ווען ער וואָלט נישט מורא-געהאַט פאַר אַן׳אָבזאָג, ווייל ער ווייס, אַז צום הער אָליוויע בערטען קאָן מען זיך איצט נישט דערשלאָגען.

נאָך די פיל העפליכקייטען, וואָס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרען דורך די ביידע צדדים, האָט מען זיך בעשטימט, אַז מאָרגען זאָל דער גראַף ברענגען זיין פרוי אין דעם קינסטלערס אַטעליע. דער גראַף האָט נאָר געפרעגט, צי איז נישט גלייכער איבערצוּוואַרטען, ביז וואַנען עס וועט זיך ענדיגען די טרויער-צייט און זיין פרוי וועט אויסטאָן די טרויערקליידער. נאָר דער קינסטלער האָט געענטפערט, אַז ער וואָלט וועלען איבערגעבען זיין ערשטען איינדרוק און כאַפּען יענעם מערקווירדיגען קאָנטראַסט פון די שטרענגע שוואַרצע קליידער און דעם רירעוודיגען קעפּעל אינ׳ם ליכט פון גאָלדענע האָר.

אויף מאָרגען איז זי געקומען אין אַטעליע מיט'ן מאַן און ביי די ווייטערדיגע סעאַנסען—מיט דער טאָכטער; די טאָכטער האָט מען אַוועקגעזעצט פאַר אַ טיש, פערלעגט מיט ביכער און בילדער.

אָליוויע בערטען האָט זיך, ווי אַלעמאָל, געהאַלטען אָנגע-צויגען. פאַר וועלטליכע פרויען האָט ער זיך עטוואָס געשעמט, ווייל ער האָט זיי נישט געקאָנט. ער האָט געהאַלטען, אַז זיי זענען כיטרע און קליינליך, פאַלש און געפערליך, אָהן שום אינהאַלט און לעס-טיג. ביי פרויען פון דער האַלבער וועלט האָט ער געהאַט גרויס ערפאָלג, אַ דאַנק זיין רום, זיין שאַרפזין, זיין שענעם אַטלעטי-שען בוי, זיין טונקעלען ענערגישען געזיכט. דידאָזיגע פרויען זענען אים בעסער געפעלען געווען; אים איז געווען געפעלען די פרייהייט אין פערקער און אין שמועס מיט זיי, און ער איז געוועזט געווען צו די לייכטע, אָנגענעמע און פרעהליכע זיטען פון די טעאַטערקוליסען, וואָס ער האָט ליב געהאַט צו בעזוכען. אין דער אַריסטאָקראַטישער וועלט האָט ער געזוכט רום און נישט ליבע. אין דער אַריסטאָקראַטישער וועלט האָט ער געשפירט דעם תענוג פון פערערונג, אויסגעהערט שבחים און בעקומען בעשטע-לונגען. דאָרט האָט ער זיך געהאַלטען מיט שענע דאַמען אָנגע-צויגען. זיי האָבען אים פערשאַטען מיט קאָמפּלימענטען, אָבער ער האָט קיינמאָל מיט זיי נישט ראָמאַנסירט. אין זייער געגענ-וואַרט האָט ער זיך קיינמאָל נישט דערלויבט קיין גליטשיגע וויצלעך אָדער פּיקאַנטע רמזים. ער האָט זיי געהאַלטען פאַר בראָבקעפיגע. יעדעס מאָל, ווען איינע פון זיי פלעגט קומען צו אים פאָזירען, פלעגט ער, נישט-געקוקט אויפ'ן אַוואַנס, וואָס זי פלעגט געבען, פיהלען אַ נישט-גלייכקייט פון ראַסען, וואָס דער-לאָזט נישט אַרטיסטען צונויפצוגיסען זיך מיט וועלטליכע לייט, הגם זיי בעגעגענען זיך אָפט. הינטער דעם שלייער און דעם אויסדרוק פון התלהבות, וואָס איז שטענדיג עטוואָס געקינסטעלט ביי פרויען, פלעגט ער שפירען דאָס טיף-ליגענדיגע און פער-באָרגענע בעוואוסטזיין פון אַ וועזען, וואָס האַלט זיך פאַר דעם העכסטען אין דער נאַטור. דאָס פלעגט אים צווינגען צו האַלטען

זיך מיט זיי עטוואָס העכער, כמעט מיט גאוה, און ער פלעגט דערשפּירען אין זיך דעם שטאָלץ פון אַ מענשען, וואָס האָט בלויז אַ דאַנק זיין טאַלענט דערגרייכט צו אַזאַ שטאַנד, וואָס אַנדערע קומען צו אים דורך דער אָבשטאַמונג. גלייכצייטיג פלעגט ער אויך פערבאָרגען אין זיך די גאוה פון אַנ׳אויפגעקומענעם, וועלכער איז געשמייכעלט דערפון, וואָס פירשטין און פירשטינס בעציהען זיך צו אים, ווי צו אַ גלייכען. ווענען אים פלעגט מען ריידען מיט פערוואונדערונג: „ער איז גרויסאַרטיג דערצויגען!” אָט דאָס וואונדערן זיך פלעגט איהם הנאה טאָן און אין דערזעלבער צייט פערדריסען, מחמת דאָס פלעגט אים דערמאָנען אָן די גרעניצען, וואָס טיילען אים אָב פון דער אַריסטאָקראַטישער וועלט.

די געמאַכטע שווערע ערנסטקייט פון קינסטלער האָט עט-וואָס געשטערט דער פרוי דע-הילערואַ. זי האָט נישט געוואוסט, פון וואָס מען הויבט אָן צו ריידען מיט דעמדאָזיגען קאַלטען מאַן, וואָס דער עולם האָט געהאַלטען פאַר זעהר אַ קלוגען.

איינאָרדנענדיג איר קליין טאָכטערל, האָט זי זיך געזעצט פאַר די ערשטע צייכנונגען פון איר פּאָרטרעט און זי האָט זיך געסטאַרעט צוצוגעבען איר געזיכט אַזאַ אויסדרוק, וואָס דער קינסטלער האָט געוואָלט.

אין מיטען פון פערטען סעאַנס האָט ער פּלוצלונג אויפ-געהערט צו צייכענען און געזאָגט:

—וואָס זעהט אייך אויס אין לעבען אַממערסטען קאָמיש?

זי האָט קיין ענטפער נישט געהאַט.

—איך וויים טאַקי נישט! פאַרוואָס פרעגט איר עס?

—איך דאַרף האָבען, אַז אין אייערע אויגען זאָל אויפ-לייכטען אַ פרייד. ביז איצט האָב איך עס אין זיי נישט געזעהן.

—טאָ לאָמיר ריידען. איך האָב זעהר ליב אַ לייכטען שמועס.

—ביי אייך איז דער כאַראַקטער אַ פרעהליכער?

—זעהר.

—נו, לאָמיר שמועסען.

אָט דאָס „לאָמיר שמועסען” האָט ער געזאָגט מיט זעהר

אַנ׳ערנסטען טאָן. דערנאָך, אַז ער האָט ווידער אָנגעהויבען ציי-
כענען, האָט ער פערפירט אַ שמועס פון פערשידענע זאַכען און
זיך געסטאַרעט אָנצוטאַפּען אַזאַ טעמע, וואָס זאָל זיי ביידען זיין
גלייך אינטערעסאַנט. פון אָנהויב האָט מען גערעדט פון אַלגע-
מיינע בעקאַנטע און דערנאָך וועגען זיך, וואָס איז שטענדיג אַמ-
מערסטען אָנגענעם און אינטערעסאַנט.

אַז זיי האָבען זיך אויף מאָרגען צוזאַמענגעטראָפען, האָבען
זיי זיך שוין פרייער געשפּירט צווישען זיך, און אַז בערטען
האָט געזעהן, אַז ער געפעלט און ווערט אינטערעסאַנט, האָט ער
געגעבען פרייהייט זיינע ערינערונגען און גענומען דערצעלען
עפּיזאָדען פון קינסטלערס לעבען און, ווי זיין שטייגער איז, צו-
געגעבען זיי אַנ׳אייגענאַרטיגע פאַנטאַסטישע שאַטירונג.

געוועזענט צו דעם מאַנירליכען שאַרפזין פון סאָלאָנליטעראַ-
טען, איז זי געווען פערוואונדערט פון דערדאָזיגער, עטוואָס
תמימות׳דיגער, בעגייסטערונג, פון דערדאָזיגער מאַניר אָנצורופען
זאַכען פשוט און אָפען, בעלייכטענדיג אַלץ מיט אַ לייכטער אי-
ראָניע, און זי האָט אים געענטפערט אין דעמזעלבען טאָן מיט
פיינער און דרייסטער גראַציע.

אין אַ וואָך צייט האָט זי אים בעזיגט מיט איר פרעהליכ-
קייט, מיט איר פראַסטקייט און אָפענהערציגקייט. ער האָט גאָר
פערגעסען אָן זיינע מיינונגען וועגען וועלטליכע פרויען און איז
איצט גרייט געווען צו בעשטעטיגען, אַז נאָר זיי זענען פעהיג
צוצוציהען און פער׳כשופ׳ען. שטעהענדיג פאַר זיין לייווענט, ביי
דער אַרבייט, האָט ער זיך דאָ אָבגערוקט פאָראויס, דאָ צוריק,
און מיט זיינע בעוועגונגען האָט ער דערמאָנט אָן אַ מענשען,
וואָס ראַנגעלט זיך, און דערביי האָט ער זיך פריי איבערגעגעבען
דעם שטראָם פון זיינע אינטימע געדאַנקען, פונקט ווי ער וואָלט
שוין זיין לאַנג בעקאַנט מיט דערדאָזיגער שענער, העלער און
שוואַרצער פרוי, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי צוזאַמענגעוועבט פון
זון און פינסטערניש, וואָס איז געזעסען פאַר אים, געלאַכט פון
דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, געענטפערט אים פרעהליך און מיט

אַזאַ צולעבסקייט, אַז זי האָט ווילעוויז פערלאָרען די בעשטימ-טע פּאָזע.

דאָ פלעגט ער זיך דערווייטערן פון איר און פערזשמו-רען דאָס אויג — ער זאָל קאָנען בעסער כאַפּען דעם מאָדעל אינ-גאַנצען, דאָ פלעגט ער צוגעהן גאָר נאָנט, צו בעמערקען די סאַ-מע קלענסטע שאַטירונגען, די סאַמע פאַרביילויפענדיגסטע אויס-דריקען פון איר געזיכט, און איבערגעבען דאָס, וואָס איז אין יעדען פרויענגעזיכט פאַראַן איבער די אַלע געזעהענע שטריכען, יענע אידעאַלע שענקייט, יענער חן פון עפּיס אַזוינס, וואָס לאָזט זיך נישט מערקען, יענער בעזונדערער אינטימער און דערשרעק-ליכער רייץ, וואָס איז פאַראַן ביי יעדער פרוי און וואָס רופט-אַרויס ליבע צו איר דוקא ביי דעם איינעם און נישט ביי קיין אַנדערן.

אין איינעם פון דידאָזיגע סעאַנסען איז דער גרעפינס טעכ-טערל צוגעגאַנגען צום לייווענט און געפרעגט מ'ט שטאַרקען קינ-דערשען ערנסט:

— זאָג, דאָס איז די מאַמע?

ער האָט זי גענומען אויף די הענט און געקושט און גע-ווען שטאַרק צופרידען פון דער נאַאיווער אָנערקענונג, אַז זיין פּאָרטרעט איז ענליך.

אַ צווייט מאָל האָט זי אויסגעוויזען זעהר פערטראַכט און פלוצלונג אַ זאָג געטאָן מיט אַ דין טרויעריג שטימעלע:

— מאַמע, מיר איז לאַנגווייליג.

דער קינסטלער איז געווען אַזוי גערירט פון דער בעמערקונג, אַז ער האָט אויף מאָרגען געבראַכט אַ גאַנצע קראָם מיט צאַצקעס.

די קליינע אַנעט, פערוואונדערט, צופרידען און, ווי אַלע-מאָל, קלוג, האָט זעהר פּינקטליך צולעגט די צאַצקעס אין אָנ-אָרדנונג, אַז מען זאָל באַלד קאָנען אָבגעפינען אַ יעדע פון זיי, ווען מען וועט עס דאַרפען. נאָך דידאָזיגע מתנות האָט זי ליב בעקומען דעם קינסטלער, ווי קינדער האָבען ליב — מיט יענער חיה'שער און צערטליכער ליבשאַפט, וואָס מאַכט זיי אַזוי שען און חנ'עוודיג.

פרוי דע-הילערואַ איז אַריין אין געשמאַק פון די סעאַנסען. צוליב דעם טרויער האָט זי געהאַט אַ סך פרייע צייט אין דעמדאָזיגען ווינטער. נישט געווען קיין וועלטליכע פערגעניגענס, און דער גאַנצער אינטערעס אירער האָט זיך קאָנצענטרירט אין דער אַטעליע.

איר פאָטער, זעהר אַ רייכער און אַ גאַסטפריינדליכער פּאַריזער קאָמערסאַנט, איז געשטאָרבען מיט עטליכע יאָר צוריק; די מוטער, וואָס האָט שטענדיג געקרענקט, איז זעקס מאָנאַטען אין יאָר געלעגען אין בעט. אויף אַזאַ אופן איז זי שוין אין דער יוגענד געווען אַנ׳אויסגעצייכענטע בעל-הבית׳טע, געקאָנט אויפנעמען געסט, שמייכלען, אונטערהאַלטען אַ שמועס, אונטערשיידען מענשען. זי האָט געוואוסט, וואָס מען דאַרף זאָגען יעדען בעזונדער, און אַ דאַנק איר דורכדרינגליכען און בויגזאַמען כאַראַקטער, איז זי געשווינד פּראַקטיש געוואָרען. אַז דער גראַף דע-הילערואַ איז איר פאָרגעשטעלט געוואָרען אַלס חתן, האָט זי באַלד אָבגעשאַצט יענע נוצען, וואָס דערדאָזיגער שידוך האָט איר געזאָלט ברענגען, און זי איז מרוצה-געוואָרען אָהן שום ווידערשטאַנד. ווי אַ קלוג מיידעל, האָט זי זעהר גוט פערשטאַנען, אַז אַלץ קריגט מען נישט און אַז אין יעדען פאַל פון לעבען דאַרף מען זיך גוט בעדאַכטען און אויסרעכענען.

אַז זי איז אַרויסגעטראָטען אין דער העכערער געזעלשאַפט, וואו זי האָט געהאַט גרויס ערפאָלג צוליב איר שענקייט און פיינעם שכל, איז זי שטענדיג געווען אַרומגערינגעלט פון מאַנסלייט, וואָס האָבען איר געוואָלט געפעלען ווערען, אָבער איר געמיט איז קיין איין מאָל נישט געשטערט געוואָרען, און דאָס האַרץ אירס האָט זיך אויסגעצייכענט אויך מיט אַזאַ שכל, ווי איר קאָפּ.

זי האָט, איבעריגענס, קאָקעטירט, אָבער איר קאָקעטעריע, אַ דרייסטע און אַ פאָרזיכטיגע צוזאַמען, איז נישט געגאַנגען צו-ווייט. קאָמפּלימענטען פלעגען איר געפעלען און די פערלאַנגען, וואָס זי פלעגט דערוועקען, זענען איר געווען אָנגענעם, אויב זי האָט נאָר געקאָנט מאַכען אַנ׳אָנשטעל, אַז זי בעמערקט זיי נישט, און, פערברענגענדיג אַנ׳אָווענד אין גאַסטצימער, אין אַ געדיכטער

לופט פון מאַנסבילשער ענטציקונג און פערערונג, פלעגט זי רו-היג איינשלאָפען, ווי אַ פרוי, וואָס האָט ערליך אויסגעפילט איר בערוף אויף דער ערד.

אַזאַ לעבען האָט זיך געצויגען ביי אַ זיבען יאָר און נישט איינגעמאַטערט זי און נישט אויסגעוויזען איר לאַנגווייליג: זי האָט צו-שטאַרק ליב געהאַט די אונאויפהערליכע בעוועגליכקייט פון דער העכערער געזעלשאַפט. די מענער, וואָס האָבען זי אַרומגערינגעלט—אַדוואָקאַטען, פּאָליטיקער, פינאַנסיסטען אָדער לע-דיגגעהער, וואָס האָבען געהערט צו דער העכערער געזעלשאַפט—האָבען זי געוויילט, ווי אַקטיאָרען. זי האָט זיי נישט זעהר ערנסט גענומען, כאָטש זי האָט זיך בעצויגען מיט אַכטונג צו זייער טע-טיגקייט, שטעלונג און טיטול.

דער קינסטלער איז איר פון סאַמע אָנהויב געפעלען גע-וואָרען מיט דעם אַלעם, וואָס איז פאַר איר געווען ניי אין אים. זי האָט אָנגענעם פערבראַכט די צייט אין אַטעליע, געלאַכט פון גאַנצען האַרצען, געפיהלט זיך שאַרפזיניג און איז דערוועלבער צייט איינגעזעהן, אַז ער האָט הנאה פון דעם, וואָס די סעאַנסען פערשאַפען איר פערגעניגען. ער איז איר אויך געווען געפעלען דערפאַר, וואָס ער איז געווען שען, שטאַרק און בערימט. וואָס פרויען זאָלען נישט ריידען, נאָר קיין איינע פון זיי וועט נישט פערבלייבען גלייכגילטיג צו דער פיזישער שענקייט און דעם רום פון אַ מאַנסביל. שטאַרק צופרידען פון דעם, וואָס איר אויסער-ליכקייט איז בעמערקט געוואָרען פון אַזאַ מבין אויף פרויענשענ-קייט און איינגעפינענדיג, אַז ער איז זעהר שען, האָט זי ענט-דעקט אין אים אַ פליגקען און אַנ׳ענטוויקעלטען שכל, פיהלבאַר-קייט און פאַנטאַזיע, חן פון עכטער אינטעליגענץ און פאַרביגען וואָרט, וואָס האָט אַזוי ווי בעלויכטען דאָס אַלץ, וואָס עס האָט אויסגעדריקט.

געשווינד איז פערבונדען געוואָרען אַ פריינדשאַפט צווישען זיי, און אין דער האַנטדריקונג, בשעת זי פלעגט קומען אין אַטע-ליע, איז מיט יעדען טאָג דורך ביידע צדדים אַריינגעלעגט גע-וואָרען מער בעהאַרצטקייט.

זי האָט געפיהלט, ווי עס וואַקסט אין איר, אָהן אַ שום
רעכנונג, אָהן אַ פאָראויס-בעשטימטער כונה, דער חשק איינצולי-
בען אים אין זיך, און זי האָט זיך אונטערגעגעבען דעמדאָזיגען
חשק. זי האָט גאָרנישט פאָראויסגעזעהן, נישט געמאַכט קיין שום
פלאַנען. זי האָט איינפאַך קאָקעטירט, געסטאַרעט זיך צו זיין שען,
ווי דאָס ווערט אינסטינקטיוו געטאָן פאַר אַ מענשען, וואָס גע-
פעלט מער פון אַלע אַנדערע. און אין איר גאַנצער אויפפירונג,
אין אַלע אירע בליקען, אין אירע שמייכלען האָט זי אַריינגע-
טראָגען יענע צוציהונגסקראַפט פון בעצויבערונג, וואָס שיינט-
אַרויס פון אַ פרוי, ווען אין איר וואַכט-אויף דאָס בעדערפעניש
צו זיין געליבט.

זי האָט אים גערעדט אַ סך אָנגענעמע זאַכען, וואָס האָבען
געהייסען: „איר זענט מיר געפעלען”. זי האָט אים געצוואונגען
לאַנג צו ריידען, און, הערענדיג אים מיט גרויס אויפמערקזאַמ-
קייט, האָט זי אים געוויזען, ווי ווייט ער אינטערעסירט איר.
פלעגט ער אַוועקוואַרפען דאָס פינזעל, אַנידערזעצען זיך נעבען
איר, און, פול עקסטאַז, וואָס קומט פון בעוואוסטזיין, אַז דו גע-
פעלסט, פלעגט ער זיך אָבגעבען אָדער דער פאָעטישער, אָדער
דער לייכט-פרעהליכער, אָדער דער פילאָזאָפישער בעגייסטערונג.

זי פלעגט זיין פרעהליכער, ווען ער איז געווען פרעהליך.
זי פלעגט זיך סטאַרען צו כאַפּען זיינע געדאַנקען, ווען ער פלעגט
זיך פערטיפען אין פילאָזאָפיע, הגם דאָס פלעגט איר נישט
אַלעמאָל געלינגען. נאָר אַז זי פלעגט אפילו טראַכטען פון עפּיס
אַנדערש, פלעגט זי מאַכען אַזאַ מינע, ווי זי וואָלט זיין שטאַרק
אַריינגעטאָן אין זיינע ווערטער. עס האָט זי זעהר געפרעהט,
וואָס ער פערטרויט איר זיין אינערליכע וועלט, און ער האָט זיך
בעגייסטערט דערמיט, וואָס ער האָט פאַר זיך אַזאַ צוהערערין.
ער פלעגט זיין גערירט, וואָס ער האָט געפונען אַזאַ פיינע, האַר-
ציגע און פיהלבאַרע נשמה, אין וועלכער זיין געדאַנק איז גע-
פאַלען, ווי אַ קערנדעל אין פעראַקערטער ערד.

דער פאָרטרעט האָט זיך גערוקט פאָראויס און האָט בע-
דאַרפט זיין זעהר געלונגען. דער קינסטלער האָט דערגרייכט יענע

מדרגה פון אויפרעגונג, וואָס איז נויטווענדיג דערצו, אַז עס זאָלען בעמערקט ווערען אַלע פּרטים פונ'ם מאָדעל און זאָלען אויסגעדריקט ווערען מיט הייסער איבערצייגונג, וואָס כאַראַקטעריזירט די בעגייסטערונג פון יעדען אמת'ן אַרטיסט.

אָנבויגענדיג זיך צו איר, צו כאַפּען די אַלע בעוועגונגען פון איר געזיכט, די אַלע איבערגאַנגען פון פאַרב און שאָטען אויף איר הויט, אַלע אויסדרוקען, די גאַנצע דורכזיכטיגקייט פון אירע אויגען, דעם פערבאָרגענעם זין פון אירע שטריכען,—האָט ער זי איינגעזאַפּט אין זיך, ווי אַ גאָמבקע זאַפּט-איין וואַסער. און אַז ער האָט איבערגעטראָגען אויפ'ן לייווענט דעמדאָזיגען אויפרעגענדיגען רייץ, וואָס זיין אויג האָט אויפגעכאַפּט און וואָס איז, ווי אַ כוואַליע, אַראָבגעלאָפען פון זיין געדאַנק אויפ'ן פּינזעל, האָט ער זיך געפיהלט בערוישט, שכור פון דעמדאָזיגען ווייין פון פרויענרייץ.

זי האָט געפיהלט, אַז ער איז נישט גלייכגילטיג צו איר. עס האָט זי געווילט דאָסדאָזיגע שפּיל, די שטייגענדיגע זיכערקייט אין נצחון, אָבער זי האָט זיך אַליין אויך אַריינגעצויגען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

עטוואָס נייעס איז אַריינגעטראָטען געוואָרען אין איר לעבען און צוגעגעבען איר עקזיסטענץ אַ נייעם געשמאַק, דערוועקט אין איר עפּיס אַ געהיימע פרייד. בשעת מען האָט פאַר איר אָנגעהויבען ריידען וועגען אים, האָט איר האַרץ עטוואָס שטאַרקער געשלאָגען און זי האָט זיך געריסען צו זאָגען—אין איינעם פון יענע געפיהלאויסברוכען, וואָס דערגעהען קיינמאָל נישט ביז די ליפּען:—„ער איז פערליבט אין מיר". איר איז געווען אָנגענעם, ווען מען האָט געלויבט זיין טאַלענט, און נאָך אָנגענעמער, ווען מען האָט איינגעפונען, אַז ער איז שען. בשעת זי האָט געטראַכט וועגען אים אַליין און קיינער האָט איר פון דער זייט נישט געשטערט, האָט זי אויפריכטיג משער-געווען, אַז זי האָט זיך דערוואָרבען זעהר אַ גוטען פריינד, וואָס וועט זיך שטענדיג בעגנוגענען מיט אַ האַרציגען האַנטדרוק.

טיילמאָל, אין אַ מיטען סעאַנס, פלעגט ער פּלוצלונג אַװי-

דערלעגען די פּאַליטרע אויף אַ בענקעלע, נעמען אויף די הענט די קליינע אַנעט, קושען איר צערטליך די אויגען, די האָר און קוקען דערביי אויף דער מוטער, פּונקט ווי ער וואָלט איר גע-זאָגט: „דאָס קוש איך אַזוי אייך און נישט דאָס קינד.”

איבעריגענס, פון צייט-צו-צייט פלעגט פרוי דע-הילערואַ קומען אַליין, אָהן דער טאָכטער. אין אַזוינע טעג פלעגט די אַרבייט נישט געהן פאָראויס און די צייט פלעגט אַוועק אין פּלוידעריי.

איינמאָל האָט זי פערשפּעטיגט. עס איז געוועזן קאַלט. שוין געהאַלטען ביים סוף פעברואַר. ער איז פריער געקומען אַהיים, ווי ער איז זיך שטענדיג נוהג-געוועזן אין יענע טעג, בשעת זי האָט בעדאַרפט קומען, וואָרום יעדעס מאָל פלעגט זיך אים דאַכ-טען, אַז זי וועט קומען פריער פאַר דער בעשטימטער שעה. וואַרטענדיג, איז ער געגאַנגען איבער'ן צימער אויף-און-אָב, גע-רויכערט און, אַ פערוואונדערטער, זיך געפרעגט, פאַרוואָס שטעלט ער זיך אין דער לעצטער וואָך צום הונדערטסטען מאָל אַלץ איין-און-דיזעלבע פראַגע: „בין איך טאַקי פערליבט?”

ער האָט נישט געקאָנט ענטפערן, ווייל ער איז נאָך קיינ-מאָל ביז איצט נישט געווען באמת פערליבט. ער האָט איבערגע-לעבט גאַנץ שטאַרקע ליבעגעפיהלען, וואָס האָבען זיך אפילו לאַנג געצויגען, אָבער ער האָט עס קיינמאָל נישט געהאַלטען פאַר לי-בע. איצט האָט אים געוואונדערט דאָס, וואָס אין אים איז פאָר-געקומען.

האָט ער זי ליב? זיכער. ער פיהלט כמעט נישט קיין שום בעגער צו בעזיצען זי, און קיין איין מאָל ערנסט נישט גע-טראַכט וועגען דער מעגליכקייט פון אַזאַ זאַך. ביז איצט, אַז אַ פרוי פלעגט אים געפעלען, פלעגט אים באַלד בעפאַלען אַ פער-לאַנג און ער פלעגט אויסציהען צו איר די הענט, פּונקט ווי ער וואָלט וועלען אָברייסען אַ פרוכט, נאָר ער האָט זיך קיינמאָל שטאַרק נישט מצער-געווען, צי אַזאַ פרוי איז דאָ אָדער נישטאָ.

נאָר דאָסמאָל האָט ער קוים געשפּירט דעם פערלאַנג, פּונקט ווי ער וואָלט זיך בעהאַלטען הינטער אַנ'אַנדער געפיהל,

וואָס איז מעכטיגער פאַר אים, וואָס איז דערווייל נאָך נישט איינגאַנצען קלאָר און האַלט ערשט אין ענטוויקלען זיך. אָליוויע האָט געמיינט, אַז ליבע דאַרף זיך אָנהויבען מיט טרוימען, מיט פּאָעטישער עקזאַלטאַציע. פערקערט, דאָס, וואָס ער האָט ערשט געפיהלט, איז געווען אַרויסגערופען, ווי אים האָט זיך געדאַכט, פון עפּיס אַנ׳אונמערקליכער שפּירונג, וואָס האָט גיכער בעלאַנגט צום קערפּער, איידער צו דער נשמה. ער איז געווען נערוועזיש, אונרוהיג, שרעקליך עמפּינדליך, ווי אַ מענש, וואָס איז בעפאַלען געוואָרען פון אַ חולאת. דאָך זענען קיין שום יסורים נישט צוגעמישט געוואָרען צו דעמדאָזיגען פיבער, הגם עס האָט אויסגעוויזען, אַז זיין געדאַנק איז אָנגעשטעקט מיט דער אויפרעגונג פון׳ם בלוט.

ער האָט פערשטאַנען, אַז דער מקור פון אויפרעגונג איז פרוי דע-הילערואַ, די ערינערונג וועגען איר, דאָס וואַרטען אויף איר. אין זיך האָט ער נישט געשפּירט יענעם עקסטאַז, וואָס כאַפּט-אַרום דאָס גאַנצע וועזען פון אַ מענשען און שלעפּט אים צו זיין געליבטער פרוי, אָבער ער האָט זי נאָכאַנאַנד געשפּירט אין זיך, פּונקט ווי זי וואָלט זיך די גאַנצע צייט געפונען מיט אים צוזאַמען. אַוועקגעהענדיג, פלעגט זי איבערלאָזען אין אים אַ טייל פון זיך, עפּיס אַזוינס, וואָס לאָזט זיך נישט כאַפּען און לאָזט זיך נישט אויסטייטשען. נו, וואָס? ליבע איז עס? ער האָט אַריינגעקוקט צו זיך אין האַרץ אַריין—זעהן און פערשטעהן, וואָס דאָרטען קומט-פאָר. זי האָט אים אויסגעוויזען חנ׳עוודיג, אָבער זי האָט נישט האַרמאָנירט מיט׳ן טיפּ פון אַנ׳אידעאַלער פרוי, וואָס ער האָט אינסטינקטיוו בעשאַפען אין זיינע חלומות. דער, וואָס זאָגט-אַרויס דאָס וואָרט „ליבע", צייכענט זיך שוין פריער אָן די גייסטיגע און פיזישע אייגענשאַפטען פון דער פרוי, אין וועלכער ער וואָלט זיך געקאָנט פערליבען, נאָר פרוי דע-הילערואַ, הגם זי איז אים זעהר געפעלען געווען, איז דאָך נישט געווען אַזאַ פרוי.

נאָר פאַרוואָס פאָרט האָט זי אים פעראינטערעסירט מער, ווי אַלע אַנדערע, און דערביי אויך אַנדערש, ווי אַלע אַנדערע?

און פאַרוואָס האָט דער אינטערעס צו איר אַזוי באַכאַפּט אים פערפאָלגט?

איז ער אַמאָל נישט אַריינגעפאַלען אין אַ נעץ, אונטערגע-שטעלט דורך איר קאָקעטעריע, וואָס ער האָט שוין, אייגענטליך, לאַנג דערשפּירט און פערשטאַנען?

ער איז אַרומגעגאַנגען, זיך אַנידערגעזעצט, פון דאָסניי אויפגעשפּרונגען, ווײַלעוויַיז פערראָכערט אַ פּאַפּיראָס און באַלד אַוועקגעוואָרפען און כסדר געקוקט אויפ׳ן ווייזער פון זייגער, וואָס האָט זיך לאַנגזאַם געררוקט, קוים זיך בעוועגט. עטליכע מאָל האָט ער זיך קוים איינגעהאַלטען, נישט אַרונטערצוהויבען מיט׳ן נאָגעל דאָס בולט׳ע גלאָז פון זייגער און נישט אַ רוק טאָן מיט׳ן פינגער דעם ווייזער צו יענער ציפער, צו וועלכער ער איז אַזוי פויל געגאַנגען.

אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער דאַרף עס נאָר טאָן—און עס וועט זיך עפענען די טיר און עס וועט קומען יענע, אויף וועלכער ער וואַרט. ער האָט געגלויבט, ווי אַ קינד, אַז מיט אַזאַ שפּיצעל וועט מען זי קאָנען אָבנאַרען און אַרויסרופען פריער פאַר דער צייט. דערנאָך האָט ער אַליין געלאַכט איבער דער-דאָזיגער פער׳עקשנ׳טער און קינדערשער נאַרישקייט.

צולעצט, האָט ער זיך פערגעבען אַ פראַגע: „צי קאָן איך ווערען איר געליבטער?” דערדאָזיגער געדאַנק האָט אים אויס-געוויזען משונה און שווער צו פערווירקליכען; אפילו שטרעבען דערצו האָט אים אויסגעוויזען אונמעגליך, צוליב די פערשידענע שוועריגקייטען, וואָס דאָס וואָלט אַריינגעטראָגען אין זיין לעבען.

און דאָך איז אים די פּרוּי שטאַרק געפעלען געווען.

„עס איז זיכער, אַז איך לעב-איבער זעהר אַ מאָדנעם צו-שטאַנד”—האָט ער רעזומירט זיינע געדאַנקען.

דער זייגער האָט אויסגעשלאָגען און ער האָט אַ ציטער גע-טאָן, הגם מער מיט די נערוועז, איידער מיט׳ן האַרץ.

ער האָט געוואַרט אויף איר מיט גרויס אונגעדולט, וואָס האָט פון מינוט צו מינוט געוואַקסען לויט איר פערשפּעטיגונג. שטענדיג איז זי געווען פּינקטליך, עס וועט, אַלזאָ, נישט אַוועק

קיין פינף מינוט און ער וועט זי זעהן. אַז עס זענען אַוועק צען מינוט, האָט אים דאָס וואַרטען גענומען פּייניגען, ווי אַ פּאַרגע־פיהל פון אַנ'אומגליק. דערנאָך האָט אים גענומען פּייניגען דאָס, וואָס זי לאָזט אים פטר'ן צייט, דערנאָך האָט ער פּלוצלונג פער־שטאַנען, אַז ער וועט זעהר שטאַרק ליידען, ווען זי וועט נישט קומען. וואָס טוט מען? וואַרטען אויף איר? ניין,—מען בעדאַרף אַוועקגעהן. זאָל זי קיינעם נישט טרעפען אין אַטעליע, אויב זי וועט אָנהויבען פערשפעטיגען.

מען דאַרף אַוועקגעהן, נאָר ווען? וויפיל צייט גיט מען איר צו פערשפעטיגען? איז אפשר נישט גלייכער צו פערבליי־בען און געבען איר צו פערשטעהן דורך עטליכע העפליכע, נאָר קאַלטע ווערטער, אַז ער איז נישט פון יענע, וואָס מען קאָן זיי לאָזען וואַרטען אויף זיך? און אויב זי וועט גאָרנישט קומען? דעמאָלט וועט ער געוויס טעלעגראַפירען אָדער שיקען אַ צעטע־לע מיט'ן לאַקיי אָדער מיט אַ שליח. וואָס וועט ער טאָן, אויב זי וועט נישט קומען? דאָס וועט זיין אַ פערלאָרענער טאָג: ער וועט נישט זיין אימשטאַנד ווייטער צו אַרבייטען. נו, און?... נו, און עס וועט אויסקומען צו בעזוכען זי, וואָרום ער מוז זי זעהן.

יאָ, דאָס איז אמת, ער האָט געהאַט אַ פאָדערונג זי צו זעהן—אַ טיפע, אַ פיינליכע און אַ פער'עקשנ'טע פאָדערונג. נאָר וואָס איז עס אַזוינס? ליבע? אָבער איינגעפינענדיג, אַז ער וועט זעהר שטאַרק ליידען, אויב זי וועט היינט נישט קומען, האָט ער דאָך נישט געפונען אין זיך נישט קיין עקזאַלטירונג פון געדאַנק, נישט קיין געשלעכטסגעפיהל און נישט קיין פערטרוימטקייט פון אַ פערליבטען.

אַ קלאַנג פון אַ גלעקעל האָט זיך דערטראָגען פון די טרעפּ, און אָליוויע בערטען האָט פּלוצלונג דערפיהלט, אַז אים האָט פערכאַפּט דער אָטעם. אָבער באַלד דערויף איז אים געוואָרען אַזוי פרעהליך, אַז ער האָט אונטערגעשפּרונגען און געוואָרפען אין לופטען דעם פּאַפּיראָס.

זי איז אַריינגעגאַנגען. זי איז געוועזן אַליין.

ער איז מיט אַמאָל דרייסטער געוואָרען.

—װײסט איר, װעגען װאָס איך האָב מיך נאָר-װאָס גע-פרעגט, װאַרטענדיג אויף אײך?

—װי קאָן איך װיסען?

—איך האָב מיך געפרעגט, צי בין איך נישט פערליבט אין אײך.

—פערליבט אין מיר! איר זענט פון זינען אַראָב!

נאָר זי האָט געשמײכעלט און דער שמײכעל האָט גערעדט:

„דאָס איז שען, איך בין זעהר צופרידען.”

זי האָט װידער געזאָגט:

—דאָס איז געװיס נישט ערנסט. פאַרװאָס שפּאַסט איר אַזױ?

ער האָט געענטפערט:

—פערקערט, איך זאָג עס זעהר ערנסט. איך בעשטעטיג נישט, אַז איך בין שוין פערליבט אין אײך. איך פרעג מיך נאָר: צי הויב איך מיך נישט אָן פערליבען אין אײך?

—װאָס פירט אײך אַרויף אויף דעמדאָזיגען געדאַנק?

—מײן אונרוהיגקײט, װען איר זענט דאָ נישטאָ, מײן פרײד, װען איר קומט אַהער.

זי האָט זיך אַנידערגעזעצט:

—אָ, אַזױנע נאַרישקײטען. כל-זמן איר שלאָפט גוט און עסט מיט אַפּעטיט, שטעהט אײך נישט פאַר קײן שום געפאַר.

ער האָט זיך צולאַכט:

—און אויב איך װעל פערלירען אַפּעטיט און שלאָף?

—זאָלט איר מיר זאָגען װעגען דעם.

—און איר?

—איך װעל אײך לאָזען צורוה, איר זאָלט גיכער געהײלט װערען פון אײער קראַנקהײט.

—װי איר זענט מילד.

אויף דער טעמע פון דערדאָזיגער ליבע האָבען זײ אויס-געבראַכט זײער שאַרפזין פאַר דער צײט פונ׳ם סעאַנס. דאָסזעל-בע איז אויך פאָרגעקומען אין די װײטערדיגע טעג. זי האָט זיך בעצויגען צו דעם, װי צו אַ נאַאיװען און פרעהליכען שפּאַס, און

אַז זי פלעגט אַריינקומען אין אַטעליע, פלעגט זי גוטמוטיג פרעגען:
—נו, וואָס איז היינט מיט אייער ליבע?

און ער פלעגט איר איבערגעבען מיט אַ טאָן, ערנסט און געשפּאַסט צוזאַמען, די גאַנצע ענטוויקלונג פון זיין קראַנקהייט, יע-נע אינערליכע און טיפע אַרבייט, וואָס עס האָט כסדר דורכגע-מאַכט אין אים דאָס שטייגענדיגע געפיהל צו איר. קאָמיש נאָכ-מאַכענדיג אַ פּראָפעסאָר, וואָס לייענט אַ וויסענשאַפטליכע לעקציע, האָט ער מיט אַלע פּרטים, אַ שעה פאַר אַ שעה, אַנאַליזירט פאַר איר זיין אינערליכען צושטאַנד, אָנהויבענדיג פון יענעם מאָמענט, בשעת זיי האָבען זיך געכטען צוזעגענט. און זי האָט אים אויס-געהערט מיט אונגעהויערער אויפמערקזאַמקייט, עטוואָס גערירט און מאָמענטענווייז אויפגערעגט פון דערדאָזיגער דערצעלונג, פּונקט ווי זי וואָלט געלייענט אַ ראָמאַן, וואָס זי אַליין איז די העלדין פון אים. און בשעת ער האָט זיך געסטאַרעט לייכט און נישט-געצוואונגען אויסצורעכענען איר די אַלע זאָרגען און ווע-הען, וואָס לעגען זיך אויף אים, פלעגט זיין קול צייטענווייז איבערגעריסען ווערען, אָנהויבען ציטערן, און עפּיס אַ וואָרט אָדער אפילו די אינטאָנאַציע פלעגט אַרויסגעבען דעם ווען, וואָס ער האָט איבערגעלעבט.

טיילמאָל, צוגעהענדיג צו איר, צו פּעררירטען איר פּאָזע, פלעגט ער אָננעמען איר האַנט און פּרובען קושען. דעמאָלט פלעגט זי מיט אַ פלינקער בעוועגונג צונעמען די פינגער פון זיי-נע ליפּען, עטוואָס צונויפרוקען די ברעמען און זאָגען:
—נו, געהט, געהט אַרבייטען.

פלעגט ער זיך ווידער נעמען פאַר דער אַרבייט, אָבער קיין פינף מינוט פלעגען נישט אַריבער און ער פלעגט איר פאָר-געבען עפּיס אַ פראַגע און פון דאָסניי געשיקט אַרויספירען דעם שמועס אויף דער איינציגער טעמע, וואָס האָט זיי אינטערעסירט.

זי האָט זיך אָבער אָנגעהויבען שרעקען. זיין געליבט האָט זיך איר זעהר געוואָלט, אָבער נישט צו-שטאַרק. אין זיך איז זי געווען זיכער, אָבער זי האָט זיך געשראָקען, ער זאָל נישט אַוועק צו-ווייט, איר זאָל נישט אויסקומען צו פערלירען אים, ענטזוי-

שען אים, נאָכדעם ווי זי האָט אים אַזוי ווי צוגעגעבען מוט. אין דערזעלבער צייט האָט זי געפיהלט, אַז זי וואָלט זיך שטאַרק מצער-געווען, כמעט אַריינגעפאַלען אין פערצווייפלונג, ווען איר וואָלט אויסגעקומען אָבצוזאָגען זיך פון דערדאָזיגער פיינער און צאַרטער פריינדשאַפט, פון דידאָזיגע האַרציגע שמועסען, אין וועלכע עס האָבען טיילמאָל דורכגעלויכטען פונקען פון ליבע, ווי שטיקעלעך גאָלד אין אַ שטראָם, וואָס לויפט איבער גאָלדי-גען זאַמד.

אַז זי פלעגט אַרויס פון שטוב, צו געהן אין דעם קינסט-לערס אַטעליע, פלעגט איר אַרומכאַפּען אַ הייסע פרייד, און זי פלעגט זיך פיהלען לייכט און פרעהליך. און אַז זי פלעגט אָב-קלינגען אין דעם הויז, וואו אָליוויע האָט געוואוינט, פלעגט דאָס האַרץ איר נעמען קלאַפּען פון אונגעדולט און דער טעפּיך פון די טרעפּ פלעגט איר אויסווייזען ווייכער פון די אַלע אַנדערע, איבער וועלכע איר איז ווען-עס-איז אויסגעקומען צו געהן.

בערטען האָט אָבער אָנגעהויבען ווערען אומעטיג. אין אים האָט זיך אַרויסגעוויזען בערוועאישקייט, זאָגאַר איפּגערעגטקייט.

ער האָט איבערגעלעבט אַטאַקען פון אונגעדולדיגקייט. ער פלעגט זיי אפילו באַלד פערשטיקען, אָבער זיי פלעגען זיך אום-קערן אַלץ עפטערער און עפטערער.

איינמאָל, בשעת זי איז נאָר-וואָס געקומען, האָט ער, אָנ-שטאָט צו נעמען זיך צו דער אַרבייט, אַנידערגעזעצט זיך נע-בען איר און געזאָגט:

—איצט מוזט איר שוין זעהן, אַז דאָס איז נישט קיין שפּאַס, אַז איך האָב אייך אונגעהויער ליב.

צומישט פון אַזאַ מין אָנהויב און פיהלענדיג, אַז עס קומט-אָן יענער קריזיס, פאַר וועלכען זי האָט זיך געשראָקען, האָט זי אים געוואָלט אָבהאַלטען, נאָר ער האָט שוין נישט געהערט. דאָס שטאַרקע געפיהל, וואָס איז אים בעפאַלען, האָט אויסגעבראָכען אויסערליך, און זי—בלאַס, צוציטערט און אונרוהיג, האָט אים גע-מוזט אויסהערען. ער האָט לאַנג גערעדט, גאָרנישט געפאָדערט

פון איר, און צאַרט גערעדט, טרויעריג, מיט דער געהאָרכזאַמקייט פון פערצווייפלונג און זי האָט אים געלאָזט נעמען אירע הענט און האַלטען זיי אין זיינע. זי האָט אים געלאָזט אַראָבלאָזען זיך פאַר איר אויף די קני, און מיט אַ ליידענשאַפטליך-אונבעוועגליכען בליק האָט ער זי געבעטען נישט צו פערשאַפען אים קיין וועה. וואָסער וועה? זי האָט נישט פערשטאַנען און זיך נישט געפּרובט פערשטעהן, פייניגענדיג זיך שטאַרק פון זיינע ליידען, אָבער דערדאָזיגער פיין איז געווען כמעט גליק. פלוצלונג האָט זי בעמערקט טרערען אויף זיינע אויגען. דאָס האָט זי אַזוי גערירט, אַז ביי איר האָט זיך אַרויסגעריסען אַנ׳אויסגעשריי און זי איז געווען גרייט אַרומצונעמען אים, ווי מען נעמט-אַרום אַ וויינענדיג קינד. ער האָט שטיל איבערגע׳חזר׳ט: „איר זעהט, איר זעהט, איך לייד.” און פלוצלונג, דורכגענומען פון זיין צער, אָנגעשטעקט פון זיינע טרערען, האָט זי זיך אויך צעוויינט. אירע נערווען האָבען נישט אויסגעהאַלטען און אירע ציטערדיגע הענט האָבען זיך געריסען צו אים.

דערפיהלענדיג זיך אין זיינע אָרעמס, שפירענדיג זיינע הייסע קושען אויף די ליפּען, האָט זי געוואָלט אויסשרייען, ראַנגלען זיך, אָבשטויסען אים, אָבער זי האָט באַלד פערשטאַנען, אַז אַלץ איז שוין פערפאַלען, מחמת זי האָט אים נאָכגעגעבען; זי האָט זיך קעגענגעשטעלט—און זיך אָבגעגעבען, זיך געראַנגעלט—און צוגעדריקט אים צו זיך, שרייענדיג: „ניין, ניין, איך וויל נישט!”

דערנאָך האָט זי לאַנג נישט געקאָנט קומען צו זיך, געבליבען אונבעוועגליך, פערשטעלט מיט די הענט דאָס געזיכט, און פלוצלונג איז זי שנעל אויפגעשפּרונגען, אויפגעהויבען דעם הוט, וואָס איז אַראָבגעפאַלען אויפ׳ן טעפּיך, אָנגעטאָן אים און געלאָזט זיך געהן, נישט-קוקענדיג דערויף, וואָס אָליוויע האָט זיך געבעטען ביי איר און צוגעהאַלטען זי ביים קלייד.

אַז זי איז אַרויס אויפ׳ן גאַס, איז איר בעפאַלען אַ שטאַרקער פערלאַנג אַנידערצוזעצען זיך אויף אַ ברעג טראָטואַר: אַזוי צובראָכען האָט זי זיך געפיהלט; די פיס האָבען זיך איר אונטער-

געבויגען. פאַרבייגעפּאָרען אַ פיאַקער. זי האָט אַ רוף געטאָן און גע-זאָגט דעם פורמאַן: „פאָרט פּאַמעליך, פירט וואו איר ווילט.“ זי האָט זיך געוואָרפען אין קאַרעט אַריין, צוגעמאַכט די טירלעך און אָנגעלענט זיך אויפ׳ן רוקען, זוכענדיג איינזאַמקייט הינטער די אויפגעהויבענע שויבען פון קאַרעט. איינזאַמקייט האָט זי בע-דאַרפט, זי זאָל קומען צו די געדאַנקען.

עטליכע מינוט האָט איר געקלאַפּט אין קאָפּ דאָס גערויש פון די רעדער און דער שטויס פון ברוק. מיט לעדיגע, נישט-זעהענדיגע אויגען האָט זי געקוקט אויף הייזער, אויף פאַרבייגע-הער, אויף אַנדערע קאַרעטען; זי האָט פון קיין זאַך נישט גע-טראַכט, פונקט ווי זי וואָלט פּראָלאָנגירען איר געדאַנק, און זיך נישט נעקאָנט בעשליסען צו פער׳משפט׳ן דאָס, וואָס איז גע-שעהן.

אָבער אַ פליגקע און גאָר נישט קיין שרעקעדיגע פון נאַ-טור, האָט זי דערנאָך זיך פשוט געזאָגט: „נו, איך בין אַ פער-פאַלענע פרוי.“ און ווידער איז זי פערגליווערט געוואָרען אויף עטליכע מינוט, אַרומגעכאַפּט פון שרעק, דערשלאָגען פון דעם זי-כערן געדאַנק, אַז עס איז געשעהן אַנ׳אומגליק אויף אייביג. אַזוי איז מיט אַ מענשען, וואָס פאַלט-אַראָב פון אַ דאַך און איז משער, אַז ער האָט זיך צובראָכעןביידע פיס; ער האָט זיך מורא צו בעוועגען, מחמת ער וויל זיך נישט בעשטעטיגען דערין, וואָס איז פאָרגעקומען.

אָבער איר האַרץ, וואָס האָט זיך בעדאַרפט איינפרעסען פון וועהטאָג—און דערויף האָט זי געוואַרט מיט אַזאַ שרעק—איז גע-בליבען רוהיג און גאַנץ נאָכדעם, ווי עס איז געשעהן די קאַטאַס-טראָפע. בשעת די נשמה אירע איז, דאַכט זיך, געווען צוטראָטען דורכ׳ן אָבגעבען זיך, האָט דאָס האַרץ רוהיג און מעסיג געקלאַפּט און זיך, אפנים, גאָרנישט בעטייליגט אין דער צורודערונג פון איר געמיט.

„נו, איך בין אַ פערפאַלענע פרוי“—האָט זי הויך פון דאָס-ניי איבערגעזאָגט, פונקט ווי זי וואָלט זיך וועלען אינגאַנצען איבערצייגען דורכ׳ן קלאַנג פון דידאָזיזע ווערטער. דאָך האָט

דערדראָזיגער קול פון געוויסען נישט דערוועקט קיין אָבקלאַנג אין איר גאַנצען וועזען.

אַ געוויסע צייט האָט זי זיך אָבגעגעבען דער וויגענדיגער בע-וועגונג פון קאַרעט און אַלץ אָבגעלעגט אויף שפּעטער די מחשבות וועגען דעם, וואָס זי דאַרף פאַרנעמען אין דערדראָזיגער שרעק-ליכער לאַגע. ניין, זי האָט נישט געליטען. זי האָט מורא-געהאַט צו טראַכטען—דאָס איז אַלץ. זי האָט מורא-געהאַט צו וויסען, פערשטעהן, בעקלערן. פערקערט, אין יענער טונקעלער און בע-האַלטענער טיפקייט פון וועזען, וואָס שיילט זיך אויס אין דעם אונאויפהערליכען קאַמף פון אונזערע נייגונגען און פערלאַנגען, האָט זי געשפּירט עפּיס אַנ׳אונגלויבליכע רוהיגקייט.

ביי אַ האַלבע שעה איז זי פערבליבען אין דערדראָזיגער מאָדנער רוהיגקייט. פערשטעהענדיג, צולעצט, אַז יענער יאוש, וואָס זי האָט גערופען, וועט נישט קומען, האָט זי אַראָבגעטרוי-סעלט פון זיך די פערגליווערטקייט און געזאָגט: „אַ מאָדנע זאַך, עס פערדריסט מיר גאָרנישט.״

דעמאָלט האָט זי זיך אָנגעהויבען שטאַרק פאָרצעוואַרפען. איר איז בעפאַלען אַ האַס צו איר פערבלענדקייט און שוואַכקייט. ווי אַזוי האָט זי עס געקאָנט נישט פאָרזעהן, נישט פערשטעהן, אַז דער קאַמף איז געווען אַנ׳אונפערמיידליכער ?... און אַז דער-דאָזיגער מאַן איז איר שטאַרק געפעלען געווען בלויז דערויף, ער זאָל אין אַ קריטישען מאָמענט איר צונעמען דעם מוט ?... און אַז דורך אַנ׳אויסברוך פון ליידענשאַפטען קאָן, ווי דורך אַ שטורם, צוברעכען ווערען דער ווילען אפילו פון דעם סאַמע ערליכסטען און אויפריכטיגסטען האַרץ ?

זי האָט אויסגעגאָסען אויף זיך אַ טייך פון בייזע שווערע פאָרוואורפען, און פול פעראַכטונג און שרעק זיך געשטעלט די פראַגע : וואָס וועט ווייטער זיין ?

דער ערשטער געדאַנק אירער איז געווען—איבערצורייסען מיט׳ן קינסטלער און זיך סטאַרען מער קיינמאָל נישט צו זעהן זיך מיט אים.

אָבער באַלד ווי זי האָט אָנגענומען דעמדאָזיגען בעשלוס,

האָבען זיך אויפגעהויבען טויזענטער אַרגומענטען געגען איס.

ווי דערקלערט מען דידאָזיגע איבעררייסונג? וואָס זאָגט מען דעם מאַן? צי ווערט זיך נישט דערגעהן דער אמת, וואָס וועט זיך טראָגען מיט אַ שעפּטשעריי פון מויל צו מויל?

איז אפשר נישט גלייכער פון אָנשטענדיגקייט וועגען צו שפּילען, אפילו מיט אָליוויע בערטענ׳ען, אַ צביעות׳דיגע קאָמעדיע פון גלייכגילטיגקייט און פערגעסונג, בעווייזען אים, אַז זי האָט צרויסגעריסען דידאָזיגע מינוט פון זכרון און פון איר לעבען.

אָבער צי וועט זי עס קאָנען? צי ווערען איר קלעקען כחות צו מאַכען אַנ׳אָנשטעל, אַז זי געדענקט גאָרנישט, אַריינ־וואַרפען דעמדאָזיגען מאַן מיט אַנ׳אויסדרוק פון האַרטער פערוואונ־דערונג: „וואָס ווילט איר פון מיר?״ האָט זי דען נישט איבער־געלעבט צוזאַמען מיט אים דעם אויסדרוק פון אַ קורצער חיה׳־שער תאוה?

זי האָט זיך לאַנג געקווענקעלט און, צולעצט, דאָך בע־שלאָסען, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ.

זי וועט מוטיג קומען צו אים אויף מאָרגען און וועט אים באַלד געבען צו פיהלען, וואָס זי וויל, וואָס זי פאָדערט פון אים. מען דאַרף עס מאַכען אַזוי, אַז ער זאָל שוין מער קיינמאָל נישט זעהן קיין זכר פון דערדאָזיגער חרפה נישט אין איר וואָרט, נישט אין איר זשעסט אָדער בליק. געוויס, ער וועט אויך ליי־דען, אָבער ווי אַ מענש, אַ גוט־דערצויגענער און אַנ׳אָנשטענדיגער, וועט ער זיך אונטערגעבען איר ווילען און וועט ווערען ווידער אַזאַ, ווי ער איז פאַר איר געווען ביז היינטיגען טאָג.

אַז זי האָט אָנגענומען דעמדאָזיגען בעשלוס, האָט זי גע־געבען דעם פורמאַן איר אַדרעס און איז געקומען אַהיים אינ־גאַנצען אַ דערשלאָגענע, שפּירענדיג נאָר איין פערלאַנג: אַוועק־לעגען זיך, קיינעם נישט זעהן, אַנטשלאָפען ווערען, פערגעסען זיך. זי האָט זיך פערשלאָסען אין איר צימער, זיך אויסגעצויגען אויפ׳ן סאָפע און ביז מיטאָג פערבליבען אין אַ מין פערגלי־ווערטקייט, אָבטרייבענדיג פון זיך יענע געדאַנקען, וואָס האָבען זי געסטראַשעט מיט געפאַר.

אַז עס איז געקומען די צייט פון מיטאָג, איז זי אַרויס אין עסצימער און זיך געוואונדערט אויף איר רוהיגקייט און דע-רויף, וואָס זי האָט געקאָנט וואַרטען אויפ׳ן מ׳ן מיט דעם געווענ-ליכען אויסדרוק אויפ׳ן געזיכט. ער איז געקומען און געטראָגען אויפ׳ן האַנט זייער טאָכטער. זי האָט אים געדריקט די האַנט, אַ קוש געטאָן דאָס קינד און נישט געפיהלט קיין שום אונרו-היגקייט.

הער דע-הילערואַ האָט זיך נאָר געפרעגט, וואָס האָט זי געטאָן אין דעם פרימאָרגען. זי האָט גלייכגילטיג געענטפערט, אַז זי האָט פאָזירט, אַזוי ווי נעכטען.

—און דער פאָרטרעט איז גוט?—האָט ער געפרעגט.

—ער ווערט זעהר ענליך.

דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבען ריידען פון זיינע געשעפ-טען, וועגען וועלכע ער האָט בכלל ליב געהאַט צו דערצעלען ביים עסען: וועגען די ציצונגען פון פּאַלאַטע און די דעבאַטען, וואָס זענען אַרויסגערופען געוואָרען דורכ׳ן געזעצפּראָיעקט מכח די געפעלשטע שפּייזפּראָדוקטען.

געוועהנליך פלעגט זי לייכט פערטראָגען דידאָזיגע שמועסען, נאָר איצט האָט איר אויפגערעגט זיין פלוידערן און זי געצוואונ-גען בעסער צוקוקען זיך צו דעמדאָזיגען פּלאַפּלער, וואָס אינ-טערעסירט זיך בלויז מיט אַזוינע זאַכען. דאָך האָט זי אים אויס-געהערט, געשמייכעלט, געענטפערט אים פריינדליך און אפילו פריינדליכער, ווי אַלעמאָל, מער וואַרימער צו זיין באַנאַליטעט. און אין דערזעלבער צייט האָט זי געטראַכט, קוקענדיג אויף אים: „איך האָב אים אָבגענאַרט. דאָס איז מיין מאַן, און איך האָב אים אָבגענאַרט. ווי מאָדנע דאָס איז! און פון היינט אָן איז עס שוין פערפאַלען, מען קאָן עס שוין נישט פערריכטען. איך האָב פערלאָרען די מאַכט איבער זיך. איך האָב דערלויבט אַנ׳אַנדער מאַן צו קושען מיך אין משך פון עטליכע סעקונדען, אינגאַנצען עטליכע סעקונדען—און אָט בין איך שוין נישט קיין ערליכע פרוי. עטליכע סעקונדען, וואָס מען קאָן זיי נישט פערבעכטען, האָבען מיר געגעבען דעם קליינינשקען איבעריגען פאַקט, וואָס איז

אַזוי שרעקליך, אַזוי קורץ, דאָס סאַמע מאוס׳טע פון אַלע פער־ברעכענס, וואָס אַ פרוי קאָן בעגעהן... און איך פיהל נישט קיין פערצווייפלונג. ווי מען פערזיכערט אין אַזאַ פאַל, בעדאַרף דער געדאַנק זיין פערנומען מיט יענע שרעקליכע וועהען פון געווי־סען, וואָס דאַרפען מיך היינט מוטשען. און דאָך פיהל איך זיי נישט, איך פיהל זיי כמעט נישט.

נאָכ׳ן מיטאָג איז הער דע-הילערואַ אַוועקגעפאָרען, ווי ער האָט עס געטאָן כמעט אַלע טאָג.

האָט זי גענומען אויפ׳ן שויס איר קליין טעכטערל און, קושענדיג זי, געוויינט. זי האָט געוויינט מיט אויפריכטיגע טרע־רען: דאָס געוויסען האָט זי געפייניגט, נאָר אין האַרץ איז קיין טרויער נישט געווען. דאָך האָט זי די גאַנצע נאַכט נישט גע־שלאָפען.

אין דער פינסטערניש פון שלאָפצימער האָבען זי שטאַר־קער געפייניגט יענע געפאַרען, וואָס זענען געווען פערבונדען מיט דעם קינסטלערס אויפפירונג. עס איז איר בעפאַלען אַ מורא פאַר דעם מאָרגענדיגען בעזוך, פאַר דעם, וואָס זי וועט דאַרפען זאָגען, קוקענדיג אים גלייך אין פנים אַריין.

זי איז פרי אויפגעשטאַנען, אָבער דעם גאַנצען פרימאָרגען געלעגען אויף איר סאָפע, זיך געסטאַרעט צו בעשטימען, פאַר־וואָס זי דאַרף זיך היטען, בעטראַכט אירע ענטפערס, צוגעגרייט זיך צו דעם אַלעם, וואָס קאָן זיך מאַכען.

זי איז פרי אַרויס פון שטוב, צו בעדאַכטען זיך נאָך אויפ׳ן וועג.

ער האָט נישט געוואַרט אויף איר און פון נעכטען-אָן זיך די גאַנצע צייט געפרעגט, ווי זאָל ער זיך האַלטען, ווען זי וועט קומען.

נאָך איר אַוועקגעהן, נאָך דעמדאָזיגען אַנטלויפען, געגען וועלכען ער האָט זיך נישט געקאָנט ווערען, איז ער געבליבען אַליין, און כאָטש זי איז שוין געווען ווייט, האָט אים נאָך אַלץ אָבגעקלונגען אין אויער דער קלאַנג פון אירע טריט, דער גע־

רויש פון אירע קליידער, דער קלאַפּ פון טיר, וואָס איז פער־האַקט געוואָרען פון אַנ׳אויפגערעגטער האַנט.

אונבעוועגליך איז ער געשטאַנען, און אַ טיפע, אַ הייסע שמחה האָט אים אָנגעפילט דאָס האַרץ. ער האָט זי געהאַט, זי, זי! דאָס איז געשעהן! איז עס מעגליך? בשעת עס איז אַרי־בער די ערשטע צומישעניש, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך דעם פּלעצליכען נצחון, האָט ער זיך געסטאַרעט פון דאָס־ניי איבערצולעבען די זיסקייט פון אים, און כּדי רעאַלער אַרויס־צורופען די איבערגעלעבטע געפיהלען, האָט ער זיך אַנידערגע־זעצט, כּמעט זיך אַנידערגעלעגט אויף יענעם דיוואַן, וואו זי האָט זיך אים אָבגעגעבען.

ער איז לאַנג אַזוי פערבליבען אויפ׳ן דיוואַן, פול מיט׳ן געדאַנק, אַז זי איז זיין געליבטע, אַז צווישען זיי, צווישען דער־דאָזיגער פרוי, וואָס ער האָט אַזוי בעגערט, און אים, איז אין עטליכע סעקונדען פערוועבט געוואָרען אַ שטילע פערבינדונג, וואָס פעראייניגט געהיים צוויי וועזענס. אין זיין קערפּער, וואָס האָט נאָך אַלץ געפיבערט, אין געבליבען די שאַרפע ערינערונג וועגען יענעם קורצען אויגענבליק, בשעת עס האָבען זיך צוזאַמענ־געטראָפען זייערע ליפּען, בשעת זייערע קערפּער האָבען זיך צו־נויפגעמישט און צונויפגעגאָסען אין איין שטאַרקען צאַפּעל פון לעבען.

אין יענעם אָוונד איז ער נישט אַרויס פון שטוב, צו זע־טיגען זיך חאָס מער מיט דעמדאָזיגען געדאַנק; פרי האָט ער זיך געלעגט שלאָפען און איינגאַנצען געציטערט פון גליק.

אויף מאָרגען, באַלד ווי ער האָט געעפענט די אויגען, האָט ער זיך געפרעגט: „נו, וואָס ווייטער?" אַ קאָקאָטין, אַנ׳אַק־טיאָרין וואָלט ער אַוועקגעשיקט בלומען אָדער אַזוי עפּיס אַ קאָסט־באַרע זאַך; און אים האָט געפייניגט די פערוויקעלטקייט פון דער נייער סיטואַציע.

געוויס, מען דאַרף איר אָנשרייבען... אָבער וואָס? ער האָט אָנגעהויבען, אויסגעמעקט, צוריסען און נאָכאַמאָל אָנגעהוי־בען ביי אַ צוואַנציג בריף, און אַלע האָבען זיי אים אויסגעוויזען

בעליידיגענד, מאוס און לעכערליך. אים האָט זיך געוואָלט אין אָבגעהיטע חנ׳עוודיגע ווערטער אַרויסזאָגען איר זיין טיפע דאַנקבאַרקייט, די סאַמע צאַרטעסטע געפיהלען, די הייליגקייט פון זיין אונענדליכער טרייהייט. אָבער אויסצודריקען דידאָזיגע ליידענשאַפט, וואָס איז אָנגעגאָסען מיט בעזונדערע איינציגע שאַטירונגען, האָט ער גאָרנישט געפונען, אויסער אָבגעניצטע פראַזען, באַנאַלע, גראָבע און לעכערליכע.

צולעצט, האָט ער זיך אָבגעזאָגט פון דעם געדאַנק אָנצושרייבען אַ בריף און בעשלאָסען אַוועקגעהן צו איר, באַלד ווי עס וועט קומען די שעה פון סעאַנס, וואָרום ער איז געווען זיכער, אַז זי וועט היינט נישט קומען.

ער האָט זיך פערשלאָסען אין אַטעליע און געקוקט מיט ענטציקונג אויפ׳ן פאָרטרעט, און די ליפען זיינע האָבען געציטערט פון ווילען צו־פאַלען צום בילד, אויף וועלכען עס איז אָנגעזיגעלט געוואָרען אַ טייל פון איר וועזען. פון צייט־צו־צייט פלעגט ער אַרויסקוקען פון פענסטער אויף דער גאַס. דאָס האַרץ פלעגט אים אָנהויבען קלאַפען, אַז ער פלעגט פון דערווייטען דערזעהן אַ פרויענקלייד. אַ מאָל צוואַנציג האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס איז זי, אַז ער דערקאָנט זי אין דער פיגור פון אַ פרוי, וואָס דערנענט זיך, און אַז די פרוי איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט ער זיך בעדאַרפט אויף אַ מינוט אַנידערזעצען, אָבגעשוואַכט פון ענטטוישונג.

פלוצלונג האָט ער זי דערזעהן; האָט ער זיך נישט געטרויט, געכאַפט דעם בינאָקל, זיך לחלוטין איבערצייגט, און, בעפאַלען פון אַ שרעקליכער אויפרעגונג, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און געוואַרט אויף איר קומען.

אַז זי איז אַריינגעגאַנגען, האָט ער זיך געוואָרפען אויף די קני און געוואָלט ־עמען אירע הענט; אָבער זי האָט זיי געשווינד צוגענומען, נאָר אַזוי ווי ער איז נאָך אַלץ געבליבען שטעהן אויף די קני און מיט וועה געקוקט אויף איר, האָט זי האַרט געזאָגט:

—וואָס בעדייט עס, גנעדיגער הער, וואָס ווילט איר זאָ-גען מיט דערדאָזיגער פּאָזע?

ער האָט אַרויסגעמורמעלט:

—אַך, איך בעט אייך...

זי האָט אים האַרט איבערגעשלאָגען:

—שטעהט אויף, איר זענט לעכערליך.

אַ פערשעמטער, האָט ער זיך אויפגעהויבען און אַלץ גע-מורמעלט:

—וואָס איז מיט אייך? פאַרוואָס פייניגט איר מיך אַזוי? איך האָב דאָך אייך ליב!

דעמאָלט האָט זי מיט עטליכע פלינקע און טרוקענע ווער-טער געגעבען אים צו פערשטעהן איר רצון.

—איך פערשטעה נישט, וואָס ווילט איר זאָגען? איר זאָלט מיר קיינמאָל נישט ריידען פון אייער ליבע—אַנישט וועל איך פערלאָזען אייער אַטעליע און וועל שוין קיינמאָל אַהער נישט קומען. אויב איר וועט כאָטש איינמאָל פערגעסען דעמדאָזיגען בעדינג, וועט איר מיך מער נישט זעהן.

ער האָט געקוקט אויף איר אַ פערלאָרענער פון דערדאָזיגער אונגעריכטער שטרענגקייט.

—איך וועל אייך פאָלגען, מאַדאַם.

זי האָט געענטפערט:

—זעהר גוט, אָט דאָס האָב איך געוואַרט פון אייך. און איצט צו דער אַרבייט: דער פּאָרטרעט ווערט זעהר לאַנגזאַם געענדיגט.

ער האָט גענומען די פּאַליטרע און אָנגעהויבען מאָלען, אָבער די האַנט האָט אים געציטערט, די אויגען האָבען גאָר נישט געזעהן און אים האָט זיך געוואָלט וויינען—אַזוי דערשלאָגען האָט ער זיך געפיהלט.

ער האָט געפּרובט מיט איר ריידען, אָבער זי האָט קוים געענטפערט. אַז ער האָט איר געפּרובט זאָגען אַ ליבליכקייט וועגען דעם פאַרב פון איר געזיכט, האָט זי אים איבערגעריסען מיט אַזאַ שאַרפען טאָן, אַז ער האָט דערפיהלט יענעם גרימצאָרן פון

פערליבטע, וואָס טיילמאָל פערוואַנדעלט ער פלוצלונג ליבע אין האַס. די גאַנצע נשמה זיינע, דער גאַנצער קערפער האָבען געציטערט פון אַ נערוועזנצוטרויסלונג, און טאַקי באַלד, אָהן שום איבערגאַנג, האָט ער איר אָנגעהויבען שטאַרק פאָרוואַרפען אין געדאַנק. אַזוי, אַזוי, אָט איז זי, די פרוי! זי איז אויך אַזאַ, ווי אַלע אַנדערע! אויך אַזאַ ליגנערישע, אונבעשטענדיגע און שוואַכע, ווי אַלע. זי האָט אים צוגעצויגען, פערפירט מיט די קונצען פון אַן׳עפענטליכער פרוי, געסטאַרעט זיך גורם צו זיין אים אַ ווילדע תאוה און גאָרנישט צו געבען, האָט אים פערפירט, כדי אָבצושטויסען, געלאָזט אין וועג אַריין אַלע מיטלען פון די פאָדלע קאָקאָטינס, וואָס מאַכען אַן׳אָנשטעל, אַז אָט-אָט טוען זיי זיך אויס, ביז וואַנען זיי דערפירען דעם מאַנסביל צו אַ צושטאַנד פון אַ חיה, ביז וואַנען ער ווערט נישט דערשטיקט פון אַ חיה׳שען בעגער.

נו, מילא, איז עס סוף-כל-סוף פאַר איר אַלץ ערגער. ער האָט זי פאָרט געהאַט, זי האָט זיך אים פאָרט אָבגעגעבען. דאָס וועט זי נישט קאָנען אויסמעקען, נישט אַראָבוואַשען פון זיך, וואָס פאַר אַן׳אָנשטעלענישען זי זאָל נישט מאַכען אין די געשפרעכען מיט אים. ער וועט דער ערשטער זי פערגעסען. עס וואָלט באמת זיין אַ משוגעת אָנצוביגדען זיך אויפ׳ן האַלז אַזאַ געליבטע, אָבצוגעבען דאָס לעבען פון אַ קינסטלער, אַז דידאָזיגע קאַפריזנעציינדלעך פון דער שענער פרוי זאָלען עס אויפפרעסען.

אים האָט זיך געוואָלט צו-פייפען, ווי ער פלעגט עס טאָן אין געגענוואַרט פון אַ געצאָלטער פאָזירערין. ער האָט געפיהלט, אַז די אויפרעגונג וואַקסט אין אים און האָט מורא-געהאַט, ער זאָל נישט טאָן עפּיס אַ נאַרישקייט. האָט ער פערקירצט דעם סעאַנס אונטער דעם אויסרייד פון אַ נויטיגען וויזיט. אַז זיי האָבען זיך צוזעגענט, האָבען זיי זיך געוויס געפיהלט פרעמדע צווישען איינאַנדער, איידער אין דעם טאָג פון זייער ערשטער בעגעגעניש ביי דער הערצאָגין דע-מאָרטעמען.

געבליבען אַליין, האָט ער אָנגעטאָן דעם הוט, דעם מאַנטעל און אַרויסגעגאַנגען. אַ קאַלטע זון האָט אויף דער בלאָסער, פערנעבעלטער הימעלבלויקייט געוואָרפען אויף דער שטאָט אַ

בלאָסען און טרויעריגען שיין.

אַ קליינע צייט איז ער געגאַנגען פּאַראויס מיט אַ שנעלען אויפגערעגטען טריט, נישט אָבגעקערט זיך פון דער גראַדער ליניע, געשטויסען פאַרבייגעהער, אָבער ביסלעכווייז איז די גאַנצע בייזקייט זיינע צוזייט געוואָרען און איבערגעגאַנגען אין פערצווייפלונג און בעדויערונג. איבער׳חזר׳ענדיג פון דאָסניי די אַלע פאָרוואורפען, מיט וועלכע ער האָט זי בעשאָטען, האָט ער זי אָנגעהויבען פערגלייכען מיט די פאַרבייגעהענדיגע פרויען און געזעהן ווי יענע איז שען און רייצענדיג געווען. ווי אַלע, האָט ער שטענדיג געוואָרט אויף אַנ׳אונגעווענליכער בעגעגעניש, אויף אַ זעלטענעם און גאָר אַ בעזונדערן געפיהל, וואָס זאָל זיין פּאָעטיש און הייס—אונזערע הערצער טרוימען וועגען דעם, כאָטש מיר ווילען זיך דערין נישט מודה-זיין. נאָר אַנטלויפט דען נישט איצט פון אים אָט דער טרוים? איז דער טרוים דען נישט יענס וועזען, וואָס וואָלט אים געקאָנט געבען כמעט אונגעווענליך גליק? נאָר פאַרוואָס ווערט עס נישט מקוים? פאַרוואָס קאָנען מיר קיינמאָל נישט כאַפּען דאָס, צו וואָס מיר שטרעבען? פאַרוואָס בעקומען מיר בלויז ברעקלעך פון דעם, נאָך וואָס מיר לעכצען, און דאָס פערגרעסערט נאָך דעם וועה און פערדרוס?

איצט איז שוין זיין האַס געפאַלען נישט אויף דער יונגער פרוי, נאָר אויפ׳ן לעבען גופא. גוט איבערלעגענדיג זיך, האָט ער איינגעפונען, אַז עס איז נישטאָ קיין שום סבה צו זיין בייז אויף איר. און באמת, אין וואָס האָט ער איר סוף-כל-סוף געקאָנט פאָרוואַרפען? דערין אפשר, וואָס זי האָט זיך גוט בעצויגען צו אים, געווען חנ׳עוודיג און ליבליך? אָבער זי האָט אפשר יאָ געהאַט אַ סמך פאָרצעוואַרפען אים פאַר זיין שלעכטער אויפפירונג.

געקומען איז ער אַהיים אין זעהר אַ טריבער שטימונג. אים האָט זיך געוואָלט בעטען ביי איר מחילה, אָבגעבען דאָס לעבען פאַר איר, פערגעסען דאָס געוועזענע, און ער האָט געטראַכט וועגען דעם, ווי אַזוי גיט מען איר צו פערשטעהן, אַז פון היינט-אָן און ביז׳ן טויט אַריין וועט ער זיך אונטערגעבען איר קלענסטען פערלאַנג.

אויף מאָרגען איז זי געקומען אין דער בעגלייטונג פון דער טאָכטער און מיט אַזאַ ביטערן שמייכעל און מיט אַזאַ טרויעריגען אויסזעהן, אַז דער קינסטלער האָט, דאַכט זיך, אַרויסגעלייענט פון דידאָזיגע אומעטיגע בלויע אויגען, אַמאָל אַזוינע פרעהליכע, די אַלע יסורים פון פערצווייפלונג, די אַלע אַנגסטען פון געוויסען, וואָס דידאָזיגע פרוי האָט איבערגעלעבט. ער איז געוועזן גערירט, אַ טיפער רחמנות האָט אים אַרומגעכאַפּט, און, בעמיהענדיג זיך אויסצומעקען פון איר זכרון דאָס געשעהענע, האָט ער זיך בעצויגען צו איר אויסערגעוועהנליך מילד און האַרציג-קלוג. זי האָט אים געענטפערט ווייך, קורץ, מיט אַ מידען און דערשלאָגענעם אויסדרוק פון אַ ליידענדיגער פרוי.

און, קוקענדיג אויף איר, האָט ער זיך פון דאָסניי דערפיהלט אונטער דער מאַכט פונ׳ם ווילדען געדאַנק, אַז ער ליבט זי און איז פון איר געליבט; האָט ער זיך געפרעגט, פאַרוואָס איז זי שוין נישט ביי׳ז אויף אים, ווי אַזוי האָט זי געקאָנט קומען צוריק אַהער, הערען אים און ענטפערן אים, בשעת צווישען זיי שטעהט דידאָזיגע ערינערונג?

אויב זי האָט אים ווידער געקאָנט זעהן, הערען זיין קול, אויסהאַלטען פנים צו פנים מיט אים יענעם איינציגען געדאַנק, וואָס האָט זי איצט נישט בעדאַרפט פערלאָזען אפילו אויף אַ מינוט, בעווייזט עס, אַז דערדאָזיגער געדאַנק איז איר נישט אונדערטרעגליך. בשעת אַ פרוי קריגט פיינט דעם מאַנסביל, וועלכען זי האָט זיך אָבגעגעבען, קאָן זי נישט, ביים אָנבעגעגענען זיך מיט אים, נישט אַרויסווייזען אַזוי אָדער אַנדערש די פיינטשאַפט צו אים. איינס פון די צוויי: אָדער זי האָט אים פיינט, אָדער זי איז אים מוחל. אָבער אויב זי איז אים מוחל, איז זי שוין נישט ווייט פון ליבע.

ער האָט נישט איבערגעריסען די אַרבייט, לאַנגזאַם ווייטער געמאָלט און געטראַכט מיט יענע געדאַנקען—געגויע, דייטליכע און זיכערע. און געפיהלט האָט ער, ווי עס ווערט אים ליכטיג אויף דער נשמה, ער ווערט מיט שטאַרקייט אָנגעגאָסען און ווערט דער דעה-זאָגער איבער די קינפטיגע געשעהענישען.

מען דאַרף נאָר זיין קלוג, געדולדיג, טריי און פּריער-שפּעטער וועט ער זי האָבען פון דאָסניי.

און ער האָט געקאָנט וואַרטען. צו בערוהיגען זי און פון דאָסניי זי געווינען, האָט ער געלאָזט אין וועג אַריין כיטרע שפּיצלעך: ער האָט אַרויסגעוויזען צאַרטקייט, דורכגעוועבט מיט כלומר׳שטע געוויסענוועהען, ציטערדיגע, צוריקגעצויגענע אויפמערקזאַמקייט, געצוואונגענע קאַלטבלוטיגקייט. רוהיג און זיכער אין אַ נאָנטען נצחון, האָט ער קיין שום גרונד נישט געהאַט צו ווערען אונרוהיג דערפון, ווען דאָס וועט קומען עטוואָס פריער אָדער עטוואָס שפּעטער. זעהענדיג, ווי זי קומט נאָך אַלץ צוזאַמען מיט׳ן מיידעלע, האָט אים פערשאַפט אַ בעזונדער ראַפינירט פערגעניגען דאָס נישט-איילען זיך, דאָס אויסוואַרטען רוהיג און זאָגען זיך: „זיך שרעקט זיך.״

ער האָט געפיהלט, ווי צווישען זיי קומט לאַנגזאַם פאָר די אַרבייט פון דערנענטערונג און אַז אין דער גרעפינס בליקען ווייזט זיך עפּיס מאָדנעס, שעמעדיגעס, קרענקליך-צערטליכעס, עפּיס אַ מין סיגנאַל פון דער נשמה, וואָס ראַנגעלט זיך מיט זיך אַליין, אַ מין סיגנאַל פון ווילען, וואָס ווערט איינגעמידט, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געבעטען: „נעם-זשע מיך!״

בערוהיגט פון זיין איינגעהאַלטענקייט, האָט זי אין אַ קורצע צייט אַרום אָנגעהויבען פון דאָסניי קומען אַליין. ער האָט זיך בעצויגען צו איר פריינדליך, ווי אַ חבר, געשמועסט מיט איר, ווי מיט אַ שוועסטער, וועגען זיין לעבען, זיינע פּלאַנען, וועגען זיין קונסט.

זי איז געווען ענטציקט פון אַזאַ מסירת-נפש און מיט שמחה גענומען אויף זיך די ראָל פון אַ ראַטגעבערין. עס האָט איר געשמייכעלט, וואָס ער האָט זי אויף אַזאַ שטייגער אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע פרויען, און זי איז געווען איבערצייגט, אַז זיין טאַלענט וועט נאָך פיינער ווערען פון זייער גייסטיגער דערנענטערונג. אָבער אָפט בעראַטענדיג זיך מיט איר און אויסהערענדיג אירע מיינונגען מיט דרך-ארץ, האָט ער זי דאָך געצוואונגען איבערצוגעהן פון דער ראָל פון אַ ראַטגעבערין צו דער הייליגער מיס׳ע

פון אַ בעגייסטערין. עס האָט זי געפרעהט, וואָס דערמיט ווערט פערגרעסערט איר ווירקונג אויף אַ גרויסען מאַן, און ביסלעכווייז איז זי שלום געוואָרען דערמיט, וואָס ער האָט זי ליב, אַלס קינסטלער, און שעפּט אין איר בעגייסטערונג צו זיין שאַפען.

און אָט, איינמאָל אין אַנ'אָווענד, נאָך אַ לאַנגען שמועס וועגען די געליבטע פון גרויסע קינסטלער, האָט זי זיך ווידער געפונען אין זיינע אָרעמס. דאָסמאָל איז זי שוין פערבליבען, נישט געפּרובט זיך אַנטלויפען און געענטפערט אויף זיינע קושען.

זי האָט שוין מער נישט געהאַט קיין געוויסענאַנגסטען, נאָר בלויז אַ שוואַך געפיהל פון אָבגעבען זיך, און זי האָט גענומען גלויבען אין מזל, אויסצומיידען דערמיט די פּאָרוואורפען פון שכל. צו אים האָט געצויגען איר האַרץ, וואָס איז ביז איצט געווען ריין, און די אונבעשעפּטיגטע נשמה אירע און דער קערפער האָבען זיך אונטערגעגעבען דער קלוגער מאַכט פון געניטע לאַסקעס. זי האָט זיך צו אים צוגעבונדען, ווי עס בינדען זיך צו צאַרטע פרויען, וואָס ליבען צום ערשטען מאָל.

ער האָט איבערגעלעבט אַ שאַרפען ליבעאויסברוך, אַ קערפערליכען און אַ פּאָעטישען. צייטענווייז האָט ער געהאַט אַזאַ שפּירונג, ווי ער וואָלט אַוועקגעפלויגען מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי ער וואָלט ממשות'דיג, קערפּערליך בעהערשט יענעם פליגעלדיגען רייצענדיגען טרוים, וואָס שווימט שטענדיג איבער אונזערע האָפנונגען.

ער האָט געענדיגט דער גרעפינס פּאָרטרעט, און דאָס איז אָהן צווייפעל געווען דער בעסטער פּאָרטרעט פון די אַלע, וואָס ער האָט אָנגעשריבען, ווייל ער האָט געקאָנט זעהן און איבערגעבען יענס, וואָס לאָזט זיך נישט אויסדריקען, וואָס ווערט שטענדיג אַנטרונען פון קינסטלער, יענס פערבאָרגען געזיכט פון דער נשמה, וואָס שפּיגעלט זיך שטענדיג אָב רוחניות'דיג אין דעם קערפּערליכען פּנים פון אַ מענשען.

דערנאָך זענען אַוועקגעשוואומען מאָנאַטען און יאָרען, וואָס האָבען כמעט נישט אָבגעשוואַכט די פעדים, וועלכע האָבען פערבונדען צווישען איינאַנדער די גרעפין דע-הילערוואַ און דעם

קינסטלער אָליוויע בערטען. די פלאַמען זענען אים שוין שטילער געוואָרען, נאָר ער האָט געפיהלט אַ טיפע צוגעבונדענקייט, אַ מין פערליבטע פריינדשאַפט, וואָס איז געוואָרען אַ געוועונהייט.

פערקערט, די הייסקייט פון איר געפיהל האָט כסדר געהאַלטען אין שטייגען. דאָס איז געווען יענס פער'עקשנ'טע געפיהל, איבערגעלעבט פון פרויען, וואָס גיבען זיך אָב דעם מאַנסביל איין מאָל און אויף שטענדיג. פונקט אַזוי ערליך און אָפּענהערציג אין די בעציהונגען מיט'ן געליבטען, וואָלטען זיי אויך געקאָנט זיין בנוגע צום מאַן, און זיי גיבען זיך אינגאַנצען אָב דער איינציגער ליבע, מיט וועלכער זיי קאָנען שוין קיינמאָל נישט איבעררייסען. זיי ליבען נישט בלויז זייער געליבטען, נאָר זיי ווילען אים ליבען; זיי זעהען בלויז נאָר אים איינעם; זייער געדאַנק דערפילט זיי אַזוי די נשמה, אַז אַהין קאָן שוין קיין שום זייטיגעס נישט אַריינדרינגען. זיי בינדען אומישנע זייער לעבען, ווי עס בינדט זיך די הענט דער מענש, וואָס קאָן שווימען און וואָס געהט שפּרינגען פון בריק אין וואַסער אַריין, דערטרונקען צו ווערען.

פון יענעם מאָמענט אָן, ווען די גרעפין האָט זיך אויף אַזאַ מין אַרט אָבגעגעבען, האָט זי זיך אָנגעהויבען שטאַרק פייניגען דערפון, צי אָליוויע בערטען וועט איר זיין שטענדיג טריי. אים האָט געבונדען מיט איר דער קאַפּריז פון אַ מאַן, אַ פיירביילויפענדיג הייס געפיהל צו אַ פרוי, מיט וועלכער דער מזל האָט אים צופעליג צוזאַמענגעבראַכט, פונקט אַזוי ווי ער איז פריער צונויפגעקומען מיט אַזויפיל אַנדערע! ער האָט איר אויסגעוויזען אַזוי פריי און אַזוי נאָכגיביג ביי אַ נסיון. ווי אַלע מאַנסביל, האָט ער זיך אין לעבען נישט גערעכענט מיט קיין שום פליכטען, נישט מיט געוועונהייטען און נישט מיט אָנגענומענע מיינונגען! ער איז אַ שענער יונג, איז בערימט, האָט גרויס ערפאָלג; ביי אַ הייסען ליידענשאַפטליכען בעגער קאָן ער האָבען אַלע וועלטליכע פרויען, וואָס זייער צניעות איז אַזוי נישט זיכער. קאָן דאָך געשעהן, אַז אין איינעם, אַ שענעם אָוונד, נאָכ'ן אָוונדברויט, זאָל איינע פון דידאָזיגע פרויען קומען צו אים, געפע-

לען ווערען אים און אינגאַנצען אַריינגעמען אים אין די הענט אַריין!

און אַזוי האָט זי געלעבט אונטער שטענדיגען שרעק צו פערלירען אים, אַריינקוקענדיג, ווי אַ שפּיאָן, אין זיינע אַלע בע-וועגונגען, אין זיין אַרט האַלטען זיך, צוטרויסעלט טיילמאָל דורך זיינעם אַ וואָרט און יעדעס מאָל שטאַרק ליידענדיג, ווען ער האָט זיך ענטציקט פון אַנ'אַנדער פרוי, ווען ער האָט געלויבט איינערס אַ געזיכט אָדער די פיינקייט פון איינערס אַ פיגור. עס האָט זי געשראָקען אַלץ, וואָס זי האָט געוואוסט פון זיין לעבען און זי האָט געציטערט מיט'ן גאַנצען לייב פון דעם, וואָס זי האָט נישט געוואוסט וועגען אָט דעם לעבען, און יעדעס מאָל, אַז זיי פלע-גען זיך זעהן, פלעגט זי זעהר שכל'דיג און אונבעמערקט אים אויספרעגען, לאָזען אים אַרויסזאָגען זיינע מיינונגען וועגען מענ-שען, וואָס ער האָט געזעהן, וועגען הייזער, וואו ער האָט גע-מיטאָגט און זיך געסטאַרעט צו דערגעהן אַלץ, ביז די סאַמע קלענסטע איינדרוקען זיינע. און אַז איר האָט אויסגעוויזען, אַז זי בעמערקט עפּיס אַ פרעמדע ווירקונג אויף אים, האָט זי זיך געקאָנט ראַנגלען געגען דעם וואונדערליך-שעלמיש און געלאָזט אין וועג אַריין אַ געוואַלטיגען אַרסענאַל פון מיטלען.

אָ, עפטער האָט זי געקאָנט כאַפּען מיט'ן חוש די פאַר-ביילויפיגע אינטריגעלעך, וואָס לאָזען נישט איבער קיין שטאַר-קען רושם, וואָס דויערן פון אַ וואָך ביז צוויי און וואָס זענען פון צייט-צו-צייט אונפערמיידליך אינ'ם לעבען פון אַ יעדען אָנ-געזעהענעם אַרטיסט.

י איז בעוזעסען, אַזוי צו זאָגען, די אינטואיציע פון גע-[illegible]ר; די דערגענטערונג פון אַ סכנה האָט זי דערשפירט פריער, [illegible]יידער דאָס נייע געפיהל האָט בעהערשט אָליוויע'ן און צוגעגע-בען אים אַ פייערליכען אויסדרוק, וואָס לאָזט זיך שטענדיג מער-קען אין די אויגען און געזיכט פון אַ מאַן, וואָס איז אויפגע-רעגט פון אַ ליבע-חלום.

דעמאָלט פלעגט זי אָנהויבען ליידען און שוין נישט קאָנען שלאָפען אָהן אונרוהיגע חלומות, פער'סמ'ט דורכ'ן פיין פון ספקות,

צו כאַפּען אים אויפ׳ן אָרט, פלעגט זי קומען צו אים אָהן שום וואָרנונג, פלעגט אים שטעלען נישט-געוואַרטע פראַגען, וואָס האָבען פלומר׳שט אויסגעזעהן נאַאיוו, אויסגעקלאַפּט אים דאָס האַרץ, אויסגעהערט זיינע געדאַנקען, ווי מען קלאַפּט-אויס און מען הערט-אויס אַ קראַנק-געוואָרענעם מענשען, צו בעשטימען די פערבאָרגענע קראַנקהייט אין אים.

און בלייבענדיג אַליין, פלעגט זי באַלד נעמען וויינען, אַ פערזיכערטע דערין, אַז דאָסמאָל וועט מען איר אים צונעמען, אַוועק׳גנב׳ענען איר דידאָזיגע ליבע, אָן וועלכער זי האָט זיך געהאַלטען מיט אַזאַ עקשנות, ווייל זי האָט אַריינגעטראָגען אין איר דעם גאַנצען ווילען, די גאַנצע קראַפט פון געפיהל, אַלע אירע האָפנונגען און חלומות.

און אַז זי האָט געשפירט, אַז ער קערט זיך אום צוריק נאָך איינעם פון אַזוינע קורצע קאַלטע מאָמענטען, האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי האָט אים פון דאָסניי דערוואָרבען, פון דאָסניי אַריינגעקריגען אין איר ממשלה אַריין, ווי אַ פערלאָרענע און אַ פלוצלונג-געפונענע זאַך, און אַ שטיל און טיף גליק פלעגט איר אָנפילען דאָס האַרץ; און טיילמאָל, בשעת זי פלעגט פאַרביי-געהן פאַרביי אַ קירך, פלעגט דידאָזיגע שפירונג פון גליק זי טרייבען אַריינגעהן אַהין און דאַנקען גאָט דערפאַר.

די זאָרג וועגען דעם, זי זאָל אים שטענדיג געפעלען מער פון אַנ׳אַנדערער און אָבהיטען אים פון אַלע פרויען, האָט פערוואַנדעלט איר לעבען אין אַ שטענדיגען קאַמף, און קאָקעטעריע איז געוועזען איר געווער. זי האָט זיך נאָכאַנאַנד געראַנגעלט פאַר אים און אויף זיינע אויגען, צו האָבען פאָרצוג אין גראַציע, אין שענקייט און רייץ. איר האָט זיך געוואָלט, אַז אומעטום, וואו ער וועט נאָר הערען איר נאָמען, זאָל מען זיין ענטציקט פון איר רייץ, פון איר געשמאַק, פון איר שכל און אירע טואַלעטען. צוליב אים האָט זי געוואָלט געפעלען ווערען אַנדערע; זי האָט געוואָלט צוציהען אַנדערע, כדי ער זאָל זיין שטאָלץ מיט איר און אויפערן. און יעדעס מאָל, בשעת זי האָט געשפירט, אַז ער אויפערט, האָט זי אים געלאָזט עטוואָס ליידען און דערנאָך בע-

צאָלט מיט נייעם גליק, וואָס האָט בעלעבט אין אים די ליבע און דערוועקט אַ געפיהל פון גאוה.

דערנאָך האָט זי פערשטאַנען, אַז אין דער אַריסטאָקראַטישער וועלט קאָן ער שטענדיג בעגעגענען אַ פרוי, וואָס זאָל פיזיש מער צוציהען, איידער זי, וואָס זאָל בלויז מיט איר פרייקייט מער אימפּאָנירען, און זי האָט אָנגענומען גאָר אַנדערע מיטלען: זי האָט אים אָנגעהויבען חנפ'ענען און באַלעווען.

אונבעמערקט, נאָר שטענדיג האָט זי בלויז געטאָן און געלויבט אים; זי האָט אים אַרומגערינגעלט מיט דער גלעטענדיגער אַטמאָספערע פון אונאויפהערליכער ענטציקונג, פון אונצייליגע קאָמפּלימענטען, כדי פריינדשאַפט און אפילו ליבע זאָלען אים אין אַנדערע ערטער אויסווייזען קאַלט און נישט שטאַרק; און אויב איינע וועט זיך איינליבען אין אים, זאָל ער סוף-כל-סוף איינגעפינען, אַז קיינער פערשטעהט אים נישט אַזוי, ווי זי.

פון איר הויז, פון אירע צוויי אויפנאַמצימערן, וואָס האָבען אים אַזוי אָפט געזעהן, האָט זי געמאַכט אַזאַ אָרט, וואוהין דער שטאָלץ פון אַרטיסט האָט אים געצויגען נישט-וועניגער, ווי דאָס האַרץ זיינס פון אַ מאַן—יענס אָרט פון פּאַריז, וואָס ער האָט בעזוכט בעזונדערס גערן, ווייל ער האָט דאָ געקאָנט צופרידענשטעלען זיינע אַלע פערלאַנגען און קאַפּריזען.

זי האָט אויסגעצייכענט גוט געקאָנט דערקאָנען זיינע געשמאַקען און, נעמענדיג זיי אין אַכט, האָט זי געמאַכט אַזוי, אַז אין איר שטוב זאָל אים זיין היימליכער, ווי ערגעץ אַנדערש. דאָס איז אָבער וועניג. זי האָט קונציג ענטוויקעלט אין אים נייע געשמאַקען, אַרויסגערופען אין אים אַ בעדערפניש צו פערשידענע פיינע פערגעניגענס, סיי מאַטעריעלע און סיי גייסטיגע, און צוגעוואוינט אים צו דער אַטמאָספערע פון געטרייער השגחה, פון ליבע, פערגעטערונג און חניפה. זי האָט זיך געכטאַרעט צו פערפירען זיינע אויגען דורך אַ שענער אויסשטאַטונג, זיין חוש הריח—דורך איידעלע פּערפומען, זיינע אויערן—דורך חניפה, זיין מויל—דורך ראַפינירטע מאכלים.

אָבער בשעת דאָס ציל איז געווען דערגרייכט, בשעת עס

איז איר געלונגען איינצעוועבען אין דער נשמה און קערפּער פון
דעמדאָזיגען עגאָאיסטישען און צובאַלעוועטען בחור אַ סך דראָבנע
און טיראַנישע געוואוינהייטען, בשעת זי איז שוין געוואָרען זי-
כער, אַז קיין שום געליבטע וועט נישט קאָנען מיט אַזאַ קונסט,
ווי זי, צופרידענשטעלען און אונטערהאַלטען דידאָזיגע געוואוינהייטען
און צובינדען אים צו זיך דורך טויזענדער קלייניטשקע לעבענס-
פערגעניגענס—בשעת דאָס אַלץ איז דערגרייכט געוואָרען, האָט זי
זיך פּלוצלונג דערשראָקען. זי האָט געזעהן, אַז אים איז דערע-
סען געוואָרען די אייגענע שטוב, אַז ער קלאָגט זיך שטענדיג
אויף זיין איינזאַם לעבען און אויף דעם, וואָס ער קאָן צו איר
נישט קומען פּשוט, נאָר ער מוז זיך רעכענען מיט דער געזעל-
שאַפט און געהן צו איר זעהר פאָרזיכטיג, אַז אין קלוב און או-
מעטום זוכט ער מיטלען, ווי אַזוי צו פערלייכטערן זיין איינזאַמ-
קייט, און זי האָט זיך געשראָקען, אים זאָל נישט איינפאַלען
חתונה צו האָבען.

גענוועען טעג, ווען זי האָט זיך אַזוי געפּייניגט דורך דידאָ-
זיגע שרעקען, אַז איר איז שוין געווען לרצון וואָס גיכער אַלט
צו ווערען. עס האָט זיך איר געוואָלט מאַכען אַן עק מיט די
אַלע פּחדים און אָברוהען; זי האָט געטרוימט פון אַ מער-רוהי-
גער אָבגעקילטער בעציהונג.

אָבער יאָרען זענען געגאַנגען, און זיי זענען נישט צו-
שיידט געוואָרען. די קייט, וואָס זי האָט אויסגעשמידט, איז גע-
ווען פעסט, און זי האָט פלייסיג דערשמידט די רינגעלעך, ווען
זיי זענען אָבגעניצט געוואָרען. זי האָט אים נאָך אַלץ נאָכגע-
קוקט; זי האָט געהיט זיין האַרץ, ווי מען היט אַ קינד, וואָס
דאַרף דורכגעהן די גאַס פול מיט דראָזשקעס. און יעדען טאָג
האָט זי מיט שרעק בעגעגענט: טאָמער וועט עפּיס געשעהן, טאָ-
מער טראָגט אין זיך עפּיס נייס די אונבעקאַנטע צוקונפט.

דער גראַף האָט גאָרנישט חושד-געווען און ער האָט נישט
געאויפערט; די פריינדשאַפט צווישען זיין פרוי און דעם בע-
רימטען קינסטלער, וואָס איז אומעטום אויפגענומען געוואָרען מיט
אונאַנדערגעשפרייטע אָרעמס, האָט ער געהאַלטען פאַר אַ נאַטיר-

ליכע זאַך. טרעפענדיג זיך אָפט, זענען דיביידע מענער געווענט געוואָרען איינער צום צווייטען און סוף-כּל-סוף אפילו ליב בעקומען איינאַנדער.

---

II.

בשעת בערטען איז פרייטאָג אין אָיוענד געקומען אין הויז פון זיין פריינדין, וואו ער איז געוועזען איינגעלאַדען צו דער פייערונג פון אַנטואַנעטע דע-הילערואַ'ס - צוריקקער, איז אינ'ם קליינעם גאַסטצימער אין סטיל פון ליודוויק דעם XV-טען נאָך קיינער נישט געווען, אויסער דעם הער מיוזאַדיע, וואָס איז אויך באַר-וואָס אַריין.

דאָס איז געווען אַ קלוגער זקן, וואָס וואָלט געקאָנט פערבעמען אַנ'אָנגעזעהן אָרט, אָבער ער האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט טרייסטען דערין, וואָס ער האָט עס נישט פערנומען. ביי דעם אַלטען רעזשים איז ער געווען דער משגיח איבער די קייזערליכע מוזייען, אַז עס איז איינגעפירט געוואָרען די רעפּובליק, האָט ער זיך געקאָנט דערשלאָגען, עס זאָל אים איבערגעגעבען ווערען דער פּאָסט פון אינספּעקטאָר איבער דער שענער קונסט, און דאָס האָט אים גאָרנישט געשטערט צו ווערען אַ פריינד פון פירשטען, פירשטינס און גרעפינס פון דער אייראָפּעאישער אַריסטאָקראַטיע און זיין דער געשוואָרענער בעשיצער פון אַלע מינים אַרטיסטען. געהאַט האָט ער זעהר אַ בעוועגליכען שכל און די פעהיגקייט אויפצוכאַפּען אַ זאַך לייכט און שנעל; ער האָט געוואָט זעהר אַ לייכטען שנ׳ט אין ריידען, וואָס האָט אים געגע-

בען די מעגליכקייט ליב צו שמועסען איבער די סאַמע וואָכע-דיגסטע זאַכען; צוליב זיין בעוועגליכען שכל האָט ער זיך גע-פיהלט אומעטום, ווי אין דערהיים, און דער שאַרפער חוש פון אַ דיפּלאָמאַט האָט אים געגעבען די מעגליכקייט אָבצושאַצען אַ מענ-שען באַלד פון ערשטען קוק. פון אינדערפרי ביז אין אָווענד איז ער געגאַנגען פון איין גאַסטצימער אין אַ צווייטען און אומעטום געלאָזט אין וועג אַריין זיין געשליפענע צונג, זיין זעלטען-שענע פּלוידעריי.

פעהיג צו אַלץ, האָט ער וועגען אַלץ גערעדט מיט דער אימפּאָנירונג פון אַן׳אויטאָריטעט, מיט דער קלאָרקייט פון אַ וואולגאַריזאַטאָר, און דעריבער האָבען כון אים שטאַרק געהאַל-טען די וועלטליכע פרויען, וועלכע ער האָט טיילמאָל אַרויסגע-האָלפען, ווי אַן׳אומגעהענדיגע ענציקלאָפּעדיע. ער האָט באמת אַ סך געוואוסט, נישט-געקוקט דערויף, וואָס געלייענט האָט ער בלויז די סאַמע נויטיגע ביכער; אָבער ער האָט זיך געפונען אין נאָענטע בעציהונגען מיט פינף אַקאַדעמיעס, מיט אַלע געלערטע, מיט אַלע שריפטשטעלער—ספּעציאַליסטען אין אלע פראַגען. אויס-הערענדיג זיי, האָט ער געקאָנט פאַרביילאָזען פאַרביי אויער די אַלע זאַכען, וואָס זענען געווען צו-טעכניש און נישט נויטיג פאַר זיינע צוועקען און דערפאַר האָט ער גוט געדענקט דאָס איבערי-גע. זיינע קענטנישען, וואָס זענען אויפגעכאַפּט געוואָרען אויף אַזאַ מין שטייגער, האָבען בעקומען גאָר אַן׳אַנדער פאַרב, זענען גע-ווען אינטערעסאַנט, קלאָר, פיין און צוטריטליך, ווי אַ וויסענ-שאַפטליך מעשה׳לע. ער האָט געמאַכט אַן׳איינדרוק פון אַן׳אוני-ווערסאַל-קראָם פון אידעען, איינס פון יענע גרויסע געשעפטען, וואו מען קאָן קיינמאָל נישט קריגען באמת אַ טייערע און אַ זעל-טענע זאַך, דערפאַר איז אָבער פאַראַן אַ שפע פון כל-ערליי בי-ליגע אַרטיקלען פון פערשידענע מאַרקעס און פאַבריקען, אָנהוי-בענדיג מיט קיך-זאַכען און ענדיגענדיג מיט האַמענטע אינסטרו-מענטען צו פיזישע איבונגען און הויזכירורגיע.

די קינסטלער, מיט וועלכע ער פלעגט קומען אין שטענ-דיגער בערירונג צוליב זיין בעשעפטיגונג, פלעגען אים אויסלאַ-

כען און זיך דאָך שרעקען פאַר אים. איבעריגענס, פלעגט ער זיי טײלמאָל אַרויסהעלפען מיט אַ טובה, פערקויפען זיי אַ בילד, בעקאַנט מאַכען זיי מיט אַריסטאָקראַטישע הײזער. ער האָט ליב געהאַט אַרײנצופירען זיי אין די אויפנאַמצימערן, מקרב-זיין זיי, פערלייכטערן זיי די ערשטע שריט פון זייער קאַריערע. עס האָט אויסגעוויזען, ווי ער וואָלט זיך אָבגעגעבען דער געהיימער אָפּעראַציע צונויפצוגיסען די אַריסטאָקראַטישע וועלט מיט אַרטיסטען בערימענדיג זיך, אַז ער איז נאָנט מיט די לעצטע און ווערט גוט אויפגענומען דורך די ערשטע, אַז ער האָט געפרישטיגט מיט'ן פרינץ פון אועלס, בשעת יענער איז דורכגעפאָרען פאַריז, אַז ער האָט אין דעמזעלבען אָווענד געמיטאָגט מיט פאָל אַדעלמאַן, מיט אָליוויע בערטען און אַמאָרי מאָלדאַן.

די מענער האָבען אײנאַנדער געדריקט די האַנט, אָנגעהויבען ריידען פון פּאָליטיק און פון דער קינפטיגער מלחמה. מיוזאַדיע האָט געהאַלטען, אַז די לאַגע איז אַ געפערליכע און געבראַכט דערצו דייטליכע ראיות, אַרויסזאָגענדיג זיי מיט שטאַרקער איבערצייגונג. דייטשלאַנד שטרעבט נאַטירליך צו דערשטיקען אונז און ועט אודאי נישט דורכלאָזען דעם געהעריגען מאָמענט, וואָס ביסמאַרק וואַרט שוין אויף אים אַ יאָר אַכטצען. בערטען, ווידער, האָט בעוויזען מיט שטאַרקע אַרגומענטען, אַז די שרעקען זענען אומזיסטע, אַז מצד דייטשלאַנד וואָלט געוועזען אַ משוגעת צו קאָמפּראָמעטירען איר נצחון דורך אַוואַנטורעס, וואָס דער רעזולטאַט פון זיי איז זעהר אַ צווייפעלהאַפטער, און אַז דער קאַנצלער איז צו-קלוג, ער זאָל אין די לעצטע טעג פון זיין לעבען ריזיקירען מיט זיין גאַנצען רום.

נאָר מיוזאַדיע האָט געגעבען צו פיהלען, אַז אים זענען בעקאַנט זאַכען, וועלכע ער האָט נישט דאָס רעכט צו דערצעלען. נעכטען בייטאָג האָט ער זיך געזעהן מיט'ן מיניסטער און אין אָווענד האָט ער זיך געטראָפען מיט'ן גרויספירשט וולאַדימיר, וואָס פאָרט פון קאַן און געפינט זיך איצט אין פאַריז.

דער קינסטלער האָט זיך געשפאַרט; מיט אַ רוהיגער איראָניע האָט ער אָבגעשלאָגען די קאָמפּעטענץ פון די סאַמע אינ-

פארמירטסטע לייט, הינטער די קוליסען פון דידאזיגע קלאנגען שטעהען בלויז בערזענספעקולאנטען, וואס גרייטען-צו נייע פי-נאנציעלע קונצען! איין ביסמארק וואלט דא אפשר יא געקאנט ארויסזאגען זיין ענטשיידענע מיינונג.

אריין הער דע-הילערואַ, ווארים דערלאנגט זיי די האנט און אין געקליבענע פראזען זיך ענטשולדיגט, וואס ער האט זיי איבערגעלאזט אליין.

—נו, און איר, מיין ליבער דעפוטאט—האט דער קינסטלער בעפרעגט—וואס טראכט איר וועגען די מלחמה-קלאנגען?

הער דע-הילערואַ האט געגעבען פרייהייט זיין אראטארי-שער קונסט. ווי א מיטגליד פון פאלאטע, האט ער עס בעסער געוואוסט, איידער עמיץ אנ'אנדערער, הגם ער איז נישט מספים-בעווען מיט דער מערהייט פון זיינע קאלעגען. ניין, ער גלויבט נישט אין דער מעגליכקייט פון א נאנטען קאנפליקט, סיידען דער-דאזיגער קאנפליקט וועט פראוואצירט ווערען דורך דעם פראנ-צויזישען עזות און דער אזוי-גערופענער פאטריאטענליגע. און מיט ברייטע שטריכען האט ער אנגעהויבען צייכענען ביסמארקס פארטרעט אין גייסט פון סען-סימאנ'ען. דעמדאזיגען מענשען, האט ער געזאגט, וויל מען נישט פערשטעהן, מען קאן אים נישט פערשטעהן, מחמת מען איז געווענט אריינצולעגען אין דעם צוויי-טען די אייגענע ארט דענקען און האלטען יענעם פאר פעהיג אויף אזויגע מעשים, אויף וועלכע זיי וואלטען אליין פעהיג געווען. גראף ביסמארק איז גארנישט דער מענש פון אנשטעלענישען, איז נישט קיין פאלשער דיפלאמאט; דאס איז אנ'אפענהערציגער, האַ-מעטנער מאן, וואס שרייט שטענדיג אויס דעם אמת, ווייזט שטענדיג ארויס זיינע אמת'ע כונות. „איך וויל שלום”, זאגט ער. און דאס איז אמת: ער וויל שלום און נאר שלום—דאס ווערט דייטליך דערוויזען דורך אלע זיינע מעשים פאר די לעצטע אכט-צען יאהר, נישט-אויסשליסענדיג די בעוואפנונגען, נישט-אויסשלי-סענדיג די אבמאכען, מיט וועלכע ער האט געבונדען די פעלקער איינצושטילען אונזער היץ. און הער דע-הילערואַ האט געענדיגט מיט [illegible]בען איבערצייגטען טאן: דערדאזיגער גרויסער מאן—

און ער איז ווירקליך אַ גרויסער מאַן—וויל פרידען, אָבער צו דערגרייכען עס, האַלט ער פאַר נויטיג צו געברויכען סטראַשונ-קעס און געוואַלטמיטלען. אין פלוג, מיינע הערן, איז עס אַ גרויסער באַרבאַר.

—דאָס ציל הייליגט די מיטלען—האָט געענטפערט מיוזאַ-דיע,—איך וועל גערן איינשטימען מיט אייך, אַז ער פערגעטערט שלום, אויב איר וועט נאָר אַנערקענען צוגלייך מיט מיר, אַז ער לעכצט נאָך מלחמה צו דערגרייכען שלום. דאָס איז בכלל אַן אמת, וואָס איז אַזוי זיכער, ווי איבערראַשענד: אין אונזער צייט ווערט אַ מלחמה דערקלערט נישט אַנדערש, ווי צוליב שלום!

דער דינער האָט געמאָלדען:

—איר דורכלויכט, די הערצאָגין דע-מאָרטעמען.

צווישען די צוויי פליגלען פון דער אָפענער טיר האָט זיך בעוויזען אַ הויכע פולע פרוי, וואָס איז מיט אַן אויסדרוק פון מאַכט אַדורכגעגאַנגען אין גאַסטצימער.

דע-הילערואַ האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו איר, אַ קוש גע-געבען איר אין האַנט און געפרעגט:

—וואָס מאַכט איר, הערצאָגין?

ביידע געסט האָבען זיך איר העפליך, אָבער אויך עטוואָס פאַמיליאַר פערנויגט, וואָרום די הערצאָגין האָט זיך שטענדיג גע-האַלטען פריינדליך און פריי.

אַן אלמנה פון אַ געגעראַל, דעם הערצאָג דע-מאָרטעמען, וואָס האָט אויסגעגעבען איר איינציגע טאָכטער פאַר׳ן פירשט סאַליאַ, אַ טאָכטער פון אַ מאַרקיז, דע-פאַראַנדאַל, אַ פאַרשטעהערין פון גאָר אַ יחוס׳דיגער און אַן׳אַלטער רייכער פאַמיליע, האָט זי אין איר הויז אויף דער גאַס וואַרען אויפגענומען די סאַמע פני פון דער געזעלשאַפט. קיין איין עקסעלענץ איז נישט דורכגעפאָ-רען פאַריז און זאָל ביי איר נישט מיטאָגען, און יעדער מענש, וואָס איז נאָר געוואָרען פאָפּוליער אין דער געזעלשאַפט, האָט באַלד דערוועקט אין איר חשק צו בעקאָנען זיך מיט אים. זי האָט גע-האַט אַ פאָדערונג צו זעהן אים,ריידען מיט אים, אויפפאַסען אַ מיינונג וועגען אים. דאָס האָט זי שטאַרק געצויגען, בעלעבט און

צופרידענגעשטעלט איר נייגיריגקייט, וואָס האָט שטענדיג גע-ברענט אין איר.

באַלד ווי זי האָט זיך בעוויזען אַנידערצוזעצען, האָט דער-זעלבער דינער ווייטער געמעלדען:

—באַראָן און באַראָנעסע דע-קאָרבעל.

ביידע יונגע—דער באַראָן אַ דיקער, מיט אַ פליך, די באַ-ראָנעסע—אַ לופטיגע, אַ פיינע, מיט זעהר אַ טונקעלער הויט.

דאָסדאָזיגע פּאָר האָט פערנומען גאָר אַ בעזונדער אָרט אין די רייען פון דער פראַנצויזישער אַריסטאָקראַטיע און געשעהן איז עס בלויז צוליב דעם בעזונדער מין בעקאַנטשאַפטען, וואָס זיי פלעגען שליסען. געשטאַמט האָבען זיי נישט זעהר יחוס׳דיג, זיי האָבען אויך נישט געהאַט נישט קיין איינפלוס און נישט קיין פערזענליכע טאַלענטען; זיי האָבען אָבער געהאַט אַ שטאַר-קע ליידענשאַפט נאָר צו דעם, וואָס האָט געטראָגען דעם שטעמ-פעל פון אַ גוטען קרייז, פון אַ גוטען טאָן, פון מוסטערהאַפטער אָנשטענדיגקייט; אויף אַזאַ אופן האָבען זיי זיך אויך געקומען רעכענען פאַר די פני אין דער פאַריזער העכערער וועלט. און דערגרייכט האָבען זיי עס הויפטזעכליך דורכדעם, וואָס זיי האָ-בען בעזוכט בלויז די סאַמע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס, אומע-טום אַרויסגעוויזען די סאַמע אָנשטענדיגסטע רוהיגסטע געפיהלען, געשעצט דאָס, וואָס איז פאָרגעשריבען צו שעצען, פעראַכט דאָס, וואָס מען הייסט פעראַכטען, קיינמאָל נישט אָבגעטראָטען אויף אַ האָר פון די אַריסטאָקראַטישע דאָגמען און מיט דער העכסטער פּערטרויונג געפאָלגט די אַלע דעטאַלען פון עטיקעט. זייערע מיי-נונגען זענען געווען אַ מין קאָדעקס פון אָנשטענדיגקייט און אויפפירונג, און אַז זיי פלעגען קומען אין אַ הויז, איז עס גע-ווען די בעסטע ערבות, אַז דאָס איז איינס פון די סאַמע גע-שעצטע הייזער.

קאָרבעל איז געווען דעם גראַף דע-הילערואַ׳ס אַ קרוב.

—און וואו איז,—האָט די הערצאָגין פערוואונדערט גע-פרעגט,—אייער פרוי?

—איין מינוט, נאָר איין מינוט—האָט זיך אָנגערופען דער

גראַף—זי גרייט-צו אַ סיורפּריז און וועט באַלד קומען.

אַז פרוי דע-הילערואַ האָט אין אַ חודש אַרום נאָך דער חתונה אָנגעהויבען בעזוכען די אַריסטאָקראַטישע וועלט, איז זי פאָרגעשטעלט געוואָרען דער הערצאָגין דע-מאָרטעמען, וואָס האָט זי באַלד ליב בעקומען, דערנענטערט צו זיך און גענומען אונטער איר בעשיצונג.

פאַר צוואַנציג יאָר איז דידאָזיגע פריינדשאַפט קיין איין מאָל נישט קאַליע געוואָרען, און בשעת די הערצאָגין פלעגט זאָגען „מיין קינדעלע”, פלעגט נאָך אין איר קול ציטערן די נאָטע פון דערדאָזיגער פלעצליכער און פער׳עקשנ׳טער ענטציקונג. אין איר הויז איז אויך פאָרגעקומען די ערשטע בעגעגעניש צווישען דעם קינסטלער מיט דער גרעפין.

מיוזאַדיע איז צוגעגאַנגען נענטער און געפרעגט:

—הערצאָגין, האָט איר שוין בעזוכט די אויסשטעלונג פון עקשנים?

—ניין, וואָס איז עס אַזוינס?

—אַ גרופּע פון נייע קינסטלער, אימפּרעסיאָניסטען פון קאָפּ ביז די פיס. אַ צוויי פון זיי זענען זעהר טאַלענטירט.

די אָנגעזעהענע דאַמע האָט מיט פעראַכטונג געזאָגט:

—איך האָב נישט ליב די קונצען פון דידאָזיגע הערן.

דידאָזיגע שטאָלצע און היציגע פרוי האָט נישט דערלאָזט קיין שום אַנדער מיינונג, אויסער איר אייגענער, און אָט די אייגענע מיינונג האָט זי אויסשליסליך געשטיצט אויפ׳ן בעוואוסטזיין פון איר סאָציאַלער שטעלונג. צו קינסטלער און געלערטע האָט זי זיך בעצויגען, אַליין נישט-פיהלענדיג עס, ווי צו אינטעליגענטע לוינאַרבייטער, וואָס גאָט האָט אויף זיי אַרויפגעלעגט אַ חוב צו ווייַלען די אַריסטאָקראַטישע וועלט און בעדינען איר. איין יסוד פון איר מיינונג איז שטענדיג געלעגען יענע בעוואונדערונג און אונמיטעלבאַרע הנאה, וואָס זי האָט געשפּירט ביים אָנקוקען אַ זאַך, ביים לייענען עפּיס א בוך אָדער ביי דער ידיעה וועגען עפּיס אַנ׳ערפינדונג.

אַ הויכע, אַ דיקע, אַ שווערע, אַ רויטע, מיט אַ הילכיגען קול,

האָט זי אָבער שטאַרק אימפּאָנירט אין דער העכערער גע-זעלשאַפט, מחמת זי האָט זיך קיינמאָל נישט פערלאָרען און האָט שטענדיג גערעדט הויעכן אַלץ, וואָס זי האָט געוואָלט. זי האָט זיך פאַר אַלץ און אַלעמען אָנגענומען, אָנגענומען פאַר אַראָב-געוואָרפענע מאָנאַרכען, געמאַכט ביי זיך אין הויז פייערונגען לכבוד זיי און זיך אפילו אָנגענומען פאַר גאָט אַליין מיט איר צדקה פאַר גייסטליכע און גרויסע געלדער פאַר דער קירך.

מיוזאַדיע האָט ווידער אָנגעהויבען ריידען:

—האָט איר געהערט, אייער דורכלויכט, דער מערדער פון מאַריע לאַמבורג איז אַרעסטירט.

—ניין, דערצעלט, דערצעלט עס מיר—האָט זי זיך באַלד פעראינטערעסירט.

ער האָט אָנגעהויבען באריכות. אַ הויכער, זעהר אַ מאָגע-רער, אין אַ ווייסען זשילעט מיט קליינינקע בריליאַנטען אין די העמדזאַפּאָנקעס, האָט ער גערעדט אָהן שום זשעסטיקולירונג און מיט אַזאַ אָנשטענדיגער מינע, אַז מען איז אים גערן מוחל-געוועזן די אַלע גליטשיגע טעמעס, וואָס ער האָט ליב געהאַט צו בעריהרען. זעהר קורצזיכטיג, האָט ער, נישט-געקוקט אויף זיין פּענסנע, דאַכט זיך, גאָרנישט געזעהן, און אַז ער האָט זיך אַני-דערגעזעצט, האָט ער געהאַט אַזאַ אויסזעהן, פּונקט ווי דער סקעלעט פון זיין קערפּער וואָלט זיך געבויגט לויט דער פאָרם פון שטול. זיין איינגעהויקערטער קערפער איז דעמאָלט געוואָרען גאָר קליין, זיך איינגעפּרעסט, פּונקט ווי די חוט-השדרה פון דעמדאָזיגען גוף וואָלט געווען געמאַכט פון קויטשוק. זיינע גע-קרייצטע פיס, איבערגעוואָרפען איבער איינאַנדער, האָבען דער-מאָנט אָן צוויי איבערגעפלאָכטענע בענדער און די לאַנגע הענט, אויסגעצויגען ביי די זייטען שטול, זענען אַראָפּגעהאַנגען בלייכע מיט אונגעהויער לאַנגע פינגער.

בשעת ער האָט אָנגעהויבען דערקלערן דער הערצאָגין, אַז די טייערע שטיינער פון דער דער'הרג'עטער עפענטליכער פרוי האָט דער מערדער געשענקט אַן אַנדער מיידעל פון ליכטער

אויפפירונג, האָט זיך די טיר אינ׳ם גרויסען גאַסטצימער פון דאָסנייע ברייט געעפענט און עס האָבען זיך בעוויזען צווי פרויען, געאָרעמט ביים טאַליע און שמייכלענדיג, אין קליידער פון ווייסע דינע טולען,ביידע העלבלאָנדע, ענליך איינע צו דער צווייטער, ווי צוויי שוועסטער פון פערשידענער עלטער—איינע שיער-שיער נישט צו-רייף, די צווייטע עטוואָס צו-יונג, איינע עטוואָס צו-דיק, די צווייטע צו-דין.

עס האָבען זיך דערהערט אויסגעשרייען, אַפּלאָדיסמענטען אויסער אָליוויע בערטען, האָט קיינער נישט געוואוסט פון אַנעטס צוריקקער, און, קוקענדיג אויף דאָס יונגע מיידעל, וואָס האָט זיך בעוויזען צוזאַמען מיט דער מוטער, האָבען אַלע איינגעפונען, אַז ביידע זענען זעהר רייצענדיג. פון ווייטען האָט די מוטער אויסגעוויזען כמעט אויך אַזוי פריש, ווי די טאָכטער און אפילו נאָך שענער, וואָרום זי איז נאָך אַלץ געווען פול גלאַנץ, כאָטש זי האָט דערמאָנט אַ בלימעל, וואָס האָט זיך שוין צופיל פונאַנדערגעלאָזט; די טאָכטער אָבער האָט זיך ערשט אָנגעהויבען פונאַנדערצולאָזען, ערשט אָנגעהויבען צו בליהען מיט עפּטער שענקייט.

די הערצאָגין, קלאַפּענדיג אין פויסט, האָט ענטציקט אויסגעשריען:

—גאָט אין הימעל, ווי ביידע זענען שען און ליב! קוקט נאָר, הער מיוזאַדיע, ווי זיי זענען ענליך!

האָט מען אָנגעהויבען זיי צו פערגלייכען, און באַלד האָבען זיך אויסגעטיילט צוויי מיינונגען. מיוזאַדיע, קאָרבעל און גראַף דע-הילערוא האָבען איינגעפונען, אַז די גאַנצע ענליכקייט צווישען דער גרעפין מיט דער טאָכטער ליגט נאָר אינ׳ם פאַרב פון פנים, אין די האָר און בעזונדערס אין די אויגען, וואָס ביידע האָבען דיזעלבע, דיזעלבע שוואַרצע פינטעלעך, פונקט ווי טינטשפריצען אויף אַ בלויען הייטעל. אָבער דאָס איז גאָר, און אַז דאָס יונגע מיידעל וועט ווערען אַ פרוי, וועלען זיי שוין נישט זיין ענליך צוויש‿ איינאַנדער.

פערקערט, לויט דער מיינונג פון דער הערצאָגין און אָלי-

וויע בערטען, זענען זיי אַבסאָלוט אין אַלץ געווען ענליך און בלויז די עלטער האָט זיי געמאַכט פערשידען.

—זי האָט זיך שטאַרק געענדערט פאַר די לעצטע דריי יאָר. איך וואָלט זי איצט נישט דערקאָנט און וועל שוין אפשר נישט האָבען דעם מוט צו זאָגען איר „דו".

די גרעפין האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט.

—אַך! זאָגט, איך בעט אייך! איך וואָלט טאַקי געוואָלט זעהן, ווי איר וועט אַנטע זאָגען „איר".

דאָס יונגע מיידעל, אין וועלכען די קינפטיגע דרייסטקייט האָט אַרויסגעקוקט פון אונטער די שעמעדיג-שטיפערישע מאַניערן, האָט פון איר זייט בעמערקט:

—דאָס וועל איך שוין נישט וואַגען צו זאָגען „דו" דעם הער בערטען.

איר מוטער האָט אַ שמייכעל געטאָן.

—קאָנסט נאָך האַלטען דידאָזיגע שלעכטע געוואוינהייט. איך דערלויב דיר עס. איר וועט גיך אויפשטעלען אייער אַלטע בעקאַנטשאַפט.

נאָר אַנעט האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ, אַז נישט.

—ניין, ניין, דאָס וואָלט מיר געשטערט.

די הערצאָגין האָט אַרומגענומען אַנעט׳ן און גוט די בעטראַכט מיט אַ מינע פון אַ מבין.

—נו, קינד מיינס, ווייז זיך מיר אינגאַנצען. יאָ, יאָ, דו האָסט דעמזעלבען בליק, וואָס דיין מוטער. דו וועסט זיין נישט מאוס אין אַ געוויסער צייט אַרום, ווען דו וועסט עטוואָס געשלייפטער ווערען. מען דאַרף זיין דיקער, נישט שטאַרק, נאָר עטוואָס. דו ביזט גאָר אַ מאָגערס.

די גרעפין האָט אויסגעשריען:

—אַך, זאָגט עס איר נישט!

—פאַרוואָס?

—עס איז אַזוי גוט צו זיין אַ דינע! איך אַליין וויל מאָגער ווערען!

פרוי דע-מאַרטעמען האָט זיך צוהיצט און אין איר גרוי-סען גרימצאָרן גאָר פערגעסען אָן דעם מיידעלע.

—אַך, ווידער! אייביג זענען ביי אייך ביינער אין מאָדע, ווייל זיי איז לייכטער אָנצוטאָן, ווי אַ קערפער. וואָס אָנבעלאַנגט מיר, געהער איך צום דור פון דיקע פרויען! איצט געוועלטיגט דער דור פון אויסגעדאַרטע פרויען. זיי דערמאָנען מיר אָן די מאָגע-רע קי פון מצרים. איך פערשטעה נישט, ווי קאָנען מענער זיך ענטציקען מיט אייערע סקעלעטען. אין מיינע צייטען האָבען זיי געפאָדערט עפּיס מער.

זי איז אַנטשוויגען געוואָרען, בעמערקט דעם שמייכעל פון די אַרומיגע און אָנגעהויבען ריידען פון דאָסניי:

—גיב אַ קוק אויף דיין מוטער, קינד מיינס. זי איז זעהר שען, אַקוראַט אַזאַ, ווי עס פאָדערט זיך. זאָל זי דיר דינען פאַר אַ מוסטער.

אַלע זענען איבערגעגאַנגען אין עסצימער. אַז מען האָט זיך אַנידערגעזעצט, האָט מיוזאַדיע בעגייט דעם שמועס:

—אויף מיין קוק דאַרפען מענער זיין מאָגער, מחמת זיי זענען געשאַפען פאַר איבונגען, וואָס פאָדערן געשיקטקייט און פלינקייט, זאַכען, וואָס שטימען נישט מיט דיקקייט. בנוגע צו פרויען, איז שוין גאָר עפּיס אַנדערש. נישט וואָר, קאָרבעל?

קאָרבעל איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אין אַ שווערער לאַ-גע: די הערצאָגין איז געוועזען אַ דיקע און זיין אייגען ווייב איז געוועזען מער, ווי מאָגער. אָבער די באַראָנעסע איז געקומען צו הילף איר מאַן און האָט זיך ענטגילטיג אַרויסגעזאָגט פאַר אַ שלאַנקער פיגור. מיט אַ יאָר צוריק איז איר אַליין אויסגעקומען צו וועהרען זיך געגען דער אונגעהויערער דיקקייט און זי האָט זי זעהר שנעל מנצח-געוועזען.

—ווי אַזוי האָט איר עס דערגרייכט?—האָט געפרעגט פרוי דע-הילערואַ.

און די באַראָנעסע האָט אָנגעהויבען צו דערקלערן דאָס סיסטעם, אָן וועלכען עס האָבען זיך צו דעם צוועק געהאַלטען די אַלע עלעגאַנטע פרויען פון יענער צייט. מען טאָר נישט

טרינקען בשעת'ן עסען. בלויז אין אַ שעה אַרום נאָכ'ן עסען מעג מען זיך דערלויבען אַ טעצעלע טיי, זעהר הייסען, כּמעט קאָכי-גען. דאָס געלינגט שטענדיג און אַלעמאָל. זי האָט געבראַכט טשיקאַווע ביישפּילען מיט דיקע פרויען, וואָס אַז זיי האָבען זיך געהאַלטען ביי דעם רעזשים אַ דריי מאָנאַטען, זענען זיי געוואָ-רען דינער פאַר'ן שאַרף פון אַ מעסער.

די הערצאָגין האָט אויסגעשריען אַ פערצווייפעלטע:

—גאָט, סאַראַ מין נאַרישקייט דאָס איז צו מוטשען זיך אויף אַזאַ שטייגער! איר וואַרפט-אָב אַלע געטראַנקען, אַלץ, אפילו שאַמפּאַניער. נו, און איר, בערטען? איר, אַלס קינסטלער, וואָס וועט איר זאָגען וועגען דעם?

—אָבער איך בין אַ מאָלער, מאַדאַם, איך צייכען אָנגעטאָ-נענע, אַזוי, אַז מיר איז עס מער אָדער ווייניגער אַלצאיינס. אָט אַז איך וואָלט געווען אַ סקולפּטאָר, וואָלט איך געהאַט אַ גרונד צו קלאָגען זיך.

—אָבער איר זענט אַ מאַן, וואָס געפעלט אייך בעסער?

—מיר? ווי זאָל איך אייך זאָגען?... עלעגאַנץ, עטוואָס גוט-גענערטע—דאָס, וואָס מיין קעכין רופט-אָן אַ וואויל, גוט-אויס-געפּאַשעט הינדעל. אין אים איז נישטאָ קיין פעטס, פאַראַן אָבער פערקיילעכדיגקייט און ווייכקייט.

זיין פערגלייך האָט אַרויסגערופען געלעכטער; נאָר די גרעפין, כאַפּענדיג אַ קוק אויף דער טאָכטער, האָט אונצוטרויליך איבערגע'חזר'ט:

—ניין, עס איז זעהר גוט צו פערבלייבען מאָגער; מאָגע-רע פרויען ווערען נישט אַלט.

האָט מען נאָכאַמאָל בעטראַכט דעמדאָזיגען פונקט און מען איז נישט געקומען צו אַ הסכם. נאָר כּמעט אַלע זענען געווען איינפערשטאַנדען אין איין זאַך: זעהר אַ דיקע פרוי טאָר האַסטיג נישט מאָגער ווערען.

צוליב דערדאָזיגער אָבסערווירונג האָט מען אָנגעהויבען אַנאַליזירען בעקאַנטע אַריסטאָקראַטישע פרויען און עס זענען אַוועק נייע בעמערקונגען וועגען זייער עלעגאַנץ, רייץ און שענ-

קיים. מיוזאַדיע האָט געגעבען דעם ערשטען פּריז דער בלאָנדער מאַרקיזין דע-לאַקריסט, בערטען, ווידער, האָט שטאַרק געהאַלטען פון פרוי מאַנדעליער, אַ ברונעטין, מיט אַ נידעריגען שטערען, מיט טונקעלע אויגען און עטוואָס אַ צו-גרויסען מויל, וואו עס האָבען אַרויסגעלויכטען שניי-ווייסע ציין.

ער איז געזעסען נעבען דעם יונגען מיידעל און פּלוצלונג, אָבקערענדיג זיך צו איר, געזאָגט:

—הער זיך צו גוט, אַנעט. דאָס, וואָס מיר ריידען איצט, וועסטו הערען, לפּחות, איין מאָל אַ וואָך, ביז וואַנען דו וועסט ווערען אַלט. פּאַר עטליכע טעג וועסטו אויסוועניג וויסען, וואָס מען טראַכט אין דער אַריסטאָקראַטישער וועלט וועגען פּאָליטיק, וועגען פרויען, וועגען טעאַטערפּיעסען און דערגלייכען. ווייטער וועט נאָר אויסקומען צו טוישען פון צייט-צו-צייט נעמען פון מענשען און נעמען פון ליטעראַרישע ווערק. נאָכדעם, אַז דו וועסט הערען מיט וואָס פּאַר אַ מיינונגען מיר זענען איינפערשטאַנדען און ווי אַזוי מיר פערטיידיגען זיי, וועסטו זיך, נישט-געאײַלט, אויסקלויבען אַנ׳אייגענע מיינונג פון יענער צאָל מיינונ-גען, וואָס זענען פּאַסיג און דערנאָך וועסטו שוין קיינמאָל און וועגען קיין זאַך נישט דאַרפען מער טראַכטען. דו וועסט קאָנען בלויז רוהען.

דאָס מיידעל, נישט ענטפערענדיג, האָט אויפגעהויבען אויף אים אַ כוואַטישען בליק, אין וועלכען עס האָט געשיינט יונ-גער פלינקער שכל, וואָס איז דערווייל נאָך געבונדען, אָבער וואָס איז שוין גרייט זיך דורכצורייסען.

אָבער די הערצאָגין און מיוזאַדיע, וואָס האָבען זיך דורכ-געוואָרפען מיט געדאַנקען, ווי מיט אַ באַלכעל און נישט בע-מערקט, אַז זיי וואַרפען און כאַפּען אַלץ דאָס אייגענע, האָבען פּראָטעסטירט געגען דעם קינסטלערס ווערטער אין נאָמען פון מענשליכען פערשטאַנד און מענשליכער טעטיגקייט.

האָט בערטען דעמאָלט אָנגעהויבען ריידען וועגען דעם, וואָס פּאַר אַ קנאַפּען ווערט עס האָט די אינטעליגענץ פון די וועלטליכע מענשען, אפילו פון די סאַמע געבילדעטע, ווי נישטיג

עס איז איר אָנווענדונג, אויף וואָס פאַר אַ צרה׳דיגע יסודות עס שטיצט זיך דער גלויבען פון די וועלטליכע לייט, ווי שוואַך און קליינליך איז זייער אינטערעס צו פּראָבּלעמען פון גייסט, ווי צופעליג און צווייפעלבאַר זענען זייערע געשמאַקען.

אַרומגעכאַפּט דורך איינעם פון יענע האַלבּאויפריכטיגע, האַלבּגעקינסטעלטע אויסברוכען פון צאָרן, וואָס ווערען קודם-כל אַרויסגערופען דורכ׳ן פערלאַנג שען צו ריידען און וואָס דערוועקען דערנאָך הייסע שאַרפע וכוחים, האָט ער בעוויזען מיט וואָס פאַר אַ פאַטאַלער אונפערמיידליכקייט עס בעדאַרפען די מענשען, וואָס זייער איינציגע בעשעפטיגונג פון לעבען בעשטעהט אין מאַכען וויזיטען און אין פייערליכע מיטאָגען, זיך פערוואַנדלען אין גראַציעזע און לייכטע וועזענס, אָבער זעהר באַנאַלע וואָס זענען פעהיג בלויז אויבערפלעכליך אויפצורעגען זיך פון זאָרגען, האָפנונגען און אַפּעטיטען.

ער האָט דערוויזען, אַז זיי האָבען אין זיך נישט קיין שום טיפעס, פלאַמענדיגעס, אויפריכטיגעס. מחמת זייער גייסטיגע קול-טור האָט קיין שום ווערט נישט און זייער ערודיציע איז בלויז אויסערליכער פוץ, פערבלייבען זיי אויפ׳ן גאַנצען לעבען מעכאַ-נישע פיגורען, וואָס בשעת זיי מאַכען די געהעריגע זשעסטען, שאַפען זיי די אילוזיע פון בחירים, אָבער אין דער׳אמת׳ן האָבען זיי צו די לעצטע קיין שום שייכות נישט. יענס באָדען, אין וועלכען די אינסטינקטען זייערע לאָזען אַריין זייער שוואַכען וואָרצעל—יענס באָדען איז אַ וועלט פון בעשרענקטע בעדינגונ-גען, אָבער בשום אופן נישט קיין ווירקליכקייט, און דעריבער איז זייער ליבע נישט קיין עכטע; אפילו דער סאַמע לוקסוס פון זייער עקזיסטענץ איז בלויז פעהיג צופרידענצושטעלען דאָס גע-פיהל פון גאוה און נישט די אמת׳ע ראַפינירטע בעדערפענישען פון קערפער, וואָרום זיי עסען שלעכט, טרינקען שלעכטע ווייגען און צאָלען פאַר אַלץ שרעקליך טייער.

—זיי לעבען—האָט ער געזאָגט—אָבגעזונדערט פון אַלץ, זע-העו גאָרנישט, דרינגען אין קיין זאַך נישט אַריין; אָבגעזונדערט פון דער וויסענשאַפט, וואָס איז זיי ווייניג בעקאַנט; אָבגעזונ-

דערט פון דער נאַטור, אויף וועלכער זיי קאָנען נישט קוקען; אָבגעזונדערט פון גליק, וואָרום זיי זענען נישט אימשטאַנד מיט עפּיס הייס צו פרעהען זיך; אָבגעזונדערט פון וועלטשענקייט און קונסטשענקייט, וועגען וועלכע זיי ריידען, נישט קאָנענדיג זיי און זאָגאַר נישט גלויבענדיג אין זיי, מחמת זיי איז נישט בע- קאַנט די פער'שכור'ונג פון לעבען און געדאַנק. זיי זענען נישט פעהיג צו עפּיס זיך צוצובינדען אויף אַזויפיל, אַז זיי זאָלען עס קאָנען ליב קריגען באמת, פעראינטערעסירען זיך מיט עפּיס אויף אַזויפיל, אַז זיי זאָלען בעהעלפט ווערען דורכ'ן גליק פון פער- שטעהן.

באַראָן דע-קאָרבעל האָט געהאַלטען פאַר זיין חוב צו נע- מען די הויכע געזעלשאַפט אונטער זיין שוץ.

בעשיצט האָט ער זי מיט אַרגומענטען, וואָס האָבען קיין ממשות נישט און וואָס לאָזען זיך אָבער גלייכצייטיג נישט אָב- וואַרפען, וואָס ווערען צוגאַנגען אונטער די שטראַלען פון שכל ווי שניי אַנטקעגען פייער, אָבער וואָס לאָזען זיך נישט כאַפּען מיט יענע נאַרישע און נצחונ'דיגע אַרגומענטען, מיט וועלכע דער דאָרפישער גלח דערקלערט די עקזיסטענץ פון גאָט. צולעצט, האָט ער פערגלייכט די וועלטליכע לייט מיט ספּאָרטספערד, וואָס, דעם אמת געזאָגט, טויגען זיי צו גאָרנישט, אָבער דאָך ליגט אין זיי דער כבוד פון דער פערדענראַסע.

בערטען, געדריקט פון אַזאַ געגנער, האָט איצט געשוויגען מיט אַ פעראַכטליכען און העפליכען שווייגען. אָבער פּלוצלונג, אויפגערעגט דורך דעם באַראָנס נאַרישקייט, האָט ער אים איבערגע- האַקט אינמיטען און דערצעלט מיט אַלע פּרטים, ווי אַזוי עס פערברענגט דעם טאָג אַ גוט-דערצויגענער מענש, אָנהויבענדיג פון יענעם מאָמענט אָן, בשעת ער הויבט זיך אויף פון געלעגער און ענדיגענדיג מיט זיין געהן שלאָפען.

די גוט-בעמערקטע קלייניגקייטען האָבען אויסגעמאָלט פאַר די צוהערער זעהר אַ קאָמישע פיגור. אָט זאָגט אַרויס דער פריץ, וואָס דער דינער האָט אים אָנגעטאָן די קליידער, עטליכע אַל- געמיינע געדאַנקען פאַר'ן שערער, וואָס האָט אים אָקאָרשט אָב-

גערײַזירט; דערנאָך, אויף זיין פרימאָרגענדיגען שפּאַציר, פרעגט ער נאָך ביי די פערדאויפקוקער וועגען דעם געזונד פון די פערד; דערנאָך לאָזט ער זיך אַוועק פּאַמעלעך איבער די אַלעען פונ'ם בולאָנער וואַלד מיט דער איינציגער כונה אָבגעבען און בעקומען אַ נויג מיט'ן קאָפּ; דערנאָך פרישטיגט ער מיט זיין ווייב, וואָס איז אַליין אויך נישט לאַנג אַרויס פון עקיפּאַזש, און ביים פרישטיג רעדט ער מיט איר בלויז צוליב דעם, ער זאָל קאָנען איבערציילען די נעמען פון די געזעהענע מענשען אינדער-פרי; דערנאָך שפּאַנט ער פון גאַסטצימער צו גאַסטצימער ביז'ן אָוועגד און לופטערט די צונג מיט אַזוינע, ווי ער; דערנאָך מיטאָגט ער ביי אַ וויכטיגען פירשט און דאָרטען ביים טיש שמועסט מען וועגען דער איצטיגער סיטואַציע פון אייראָפּאַ; דעם אָווענד פערענדיגט ער ערגעץ אין אַ טעאַטער, וואו עס הערשט די אַטמאָספערע פון אַ פרעהליכען הויז און וואו ער שטעלט-צופרידען זיינע ציטריגע פרעטענזיעס אויף אַ שטורמישען לעבען.

דערדאָזיגער איראָנישער פּאָרטרעט, וואָס האָט קיינעם פערזענליך נישט בעריהרט, איז געווען אַזוי ריכטיג, אַז אַלע האָבען נאָכאַנאַנד געלאַכט, כל-זמן דער קינסטלער האָט גערעדט.

די הערצאָגין, וואָס האָט זיך געטרויסעלט פון איינגעהאַלטענעם געלעכטער, האָט דערפילט לייכטע ספּאַזמעס אין ברוסט. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

—ניין, כלעבען, דאָס איז צו-קאָמיש, איר צווינגט מיך צו שטאַרבען פון געלעכטער.

בערטען, זעהר אויפגערעגט, האָט געענטפערט:

—אַך, מאַדאַם, אין דער אַריסטאָקראַטישער וועלט שטאַרבט מען נישט פון לאַכען. דאָ קאָן מען סתם וועניג לאַכען. צוליב דעם גוטען טאָן מאַכט מען דאָ אַנ'אָנשטעל, אַז מען ווילט זיך כלומר'שט און מען אימיטירט געלעכטער. זעהר געלונגען אימיטירט מען די גרימאַסע פון לאַכען, אָבער מען לאַכט נישט. ווילט איר וויסען, ווי מען לאַכט, טאָ געהט אין פאָלקסטעאַטער. געהט צו ווילענדיגע בורזשועס, און איר וועט זעהן, ווי מען ווערט דערשטיקט פון געלעכטער. געהט אין די קאַזאַרמעס, דאָרט

וועט איר זעהן, ווי סאָלדאַטען, הערענדיג די מעשיות פונ׳ם פאָלקוויצלער, קויקלען זיך איבער די נאַרעס פון געלעכטער, מיט אויגען פול טרערען און זיי ווערען שיער נישט צופּלאַצט. אָבער אין אונזערע אויפנאַמצימערן לאַכט מען נישט. איך זאָג נאָכאַמאָל, דאָ וועט איר געפינען בלויז אימיטאַציע, נישטאָ דאָ קיין שום עכטע זאַך, אפילו געלעכטער.

מיוזאַדיע האָט אים איבערגעשלאָגען:

—זענט אַזוי גוט, איר זענט צו-הארב. איר אַליין, מיין פריינד, אויף וויפיל איך האָב געקאָנט זעהן, בעציהט זיך דאָך נישט מיט פעראַכטונג צו יענעם קרייז, וואָס איר לאַכט אים אויס אַזוי געשיקט?

בערטען האָט אַ שמייכעל געטאָן.

—אָ, יאָ, איך האָב אים זאָגאַר ליב.

—אַלזאָ?

—איך פעראַכט מיך עטוואָס אַליין, ווי אַ מעטיס פון אַ צווייפעלבאַרער ראַסע.

—דאָס איז אַ פּאָזע,—האָט די הערצאָגין געזאָגט.

ער האָט אָנגעהויבען פערזיכערן, אַז ער מיינט נישט צו פאָזירען, אָבער די הערצאָגין האָט געמאַכט אַ סוף צו די וכוחים, בעמערקענדיג, אַז אַלע אַרטיסטען האָבען ליב אויסצוגעבען ווייס פאַר שוואַרץ.

און דער געשפּרעך איז שוין פון דאָסניי געוואָרען אַנ׳אַלגעמיינער; באַנאַל, העפליך, פריינדליך-איינגעהאַלטען, האָט ער זיך געגעאָסען אָהן אַנ׳אויפהער, און אַז דער מיטאָג האָט שוין געהאַלטען ביים סוף, האָט די גרעפין אָנגעוויזען אויף אירע נישט-גערירטע גלעזער און בעכערלעך און געזאָגט:

—נו, אָט האָב איך גאָרנישט געטרונקען, קיין איין טראָפען נישט—מיר וועלען זעהן, צי איך וועל ווערען מאָגערער.

די הערצאָגין, וואָס איז ביז געוואָרען, האָט איר געפּרובט צווינגען, זי זאָל אויסטרינקען עטוואָס מינעראַלוואַסער, אָבער אירע אָנשטרענגונגען האָבען נישט געווירקט און זי האָט אויסגעשריען:

—אָט איז אַ משוגענע! די טאָכטער האָט איר גאָר פער-דרעהט דעם קאָפּ! איך בעט אייך, הילערוא, דערלאָזט נישט, אייער ווייב זאָל טאָן אַזוינע נאַרישקייטען.

—וואָסערע נאַרישקייטען, הערצאָגין?

—וועלען מאָגער ווערען.

ווייך און גלייכגילטיג האָט ער אַ קוק געטאָן אויף זיין פרוי.

—צום בעדויערן בין איך נישט געוועגט איר סותר צו זיין.

די גרעפין האָט זיך אויפגעהויבען און גענומען אונטער'ן אָרעם איר שכן; דער גראַף האָט פאָרגעלעגט זיין האַנט דער הערצאָגין און אַלע זענען איבערגעאַנגען אינ'ם גרויסען גאַסט-צימער. דאָס קלענערע איז געווען בעשטימט פאַר די טעגליכע וויזיטען.

דאָס איז געווען זעהר אַ גרויס און זעהר אַ ליכטיג צימער. די ווענט, בעצויגען מיט ברייטע פּאַנאָס פון שענעם העלבלויען זייד, מיט אַלטע צייכנונגען אין ווייסע און גאָלדענע ראַמען, האָבען צוגעגעבען די לאָמפען און די לייכטער אַ צאַרטען שיין און גלייכצייטיג אויך אַ שאַטירונג פון לבנה-ליכט. אין דערמיט פון דער הויפּטוואַנט האָט דער גרעפינס פּאָרטרעט, געמאַכט דורך אָליוויע בערטען, אויסגעזעהן אַזוי ווי אַ לעבעדיגער און בע-לעבט מיט זיך דאָס גאַנצע צימער. ער איז דאָ געווען אַקוראַט אויף זיין אָרט. די לופט פון צימער האָט זיך אַזוי ווי אָנגע-זאַפּט מיט'ן שמייכעל פון דער יונגער פרוי, מיט דעם רייץ פון אירע אויגען, מיט דער שענקייט פון אירע העלבלאָנדע האָר. און ביי אַלעמען איז שוין כמעט אַריין אין אַ געוואוינהייט, אין אַ מין אונפערמיידליכער טראַדיציע פון העפליכקייט צו לויבען דעם קינסטלער און זיין מאָדעל יעדעס מאָל, בשעת מען פלעגט זיך אָבשטעלען פאַר דעמדאָזיגען בילד.

מיוזאַדיע האָט עס קיינמאָל נישט פערגעסען. זיין מיינונג, די מיינונג פון אַ מענשען, וואָס די רעגירונג האָט אים אָנער-קענט פאַר אַ מבין, האָט געהאַט דעם ווערט פון אַן'אָפיציעלער עקספּערטיזע, און ער האָט געהאַלטען פאַר זיין חוב וואָס עפ-

טערער צו לויבען מיט גרויס איבערצייגונג די אייגענשאַפטען פונ'ם בילד.

—איך שווער,—האָט ער געזאָגט—אַז דאָס איז דער בעס-טער פון אַלע מאָדערנע פאָרטרעטען, וואָס איך ווייס. אין אים איז דאָ עפּיס אַ וואונדערליך לעבען.

'ער גראַף, וואָס די געוועהנהייט אויסצוהערען שבחים וועגען דעמדאָזיגען בילד, האָט אים איינגעגעבען די איבערצייגונג, אַז ער בעזיצט אַ קונסטווערק, איז נענטער צוגעגאַנגען אונטער-צוגעבען נאָך היץ און אין אַ משך פון עטליכע מינוט צייט האָט מען געשאָטען מיט אָבגעניצטע טעכנישע פראַזען, לויבענדיג די אָפענע און פערבאָרגענע מעלות פונ'ם בילד.

אַלע אויגען זענען געווען אויסגעשטעלט אויפ'ן בילד און האָבען, דאַכט זיך, געברענט מיט עקסטאַז. אָליוויע בערטען איז אַזוי געוועגט געוואָרען צו דידאָזיגע שבחים, אַז ער האָט זיך בעצויגען צו זיי אַלצאיינס, ווי צו די פראַגען וועגען געזונט, וואָס בעקאַנטע פרעגען ביים אָנבעגעגענען זיך אין גאַס. דאָך האָט ער פעררוכט דעם לאָמפּ, וואָס איז ספּעציעל אַנידערגע-שטעלט געוואָרען צו בעלייכטען דאָס בילד דורכ'ן רעפלעקטאָר, בעמערקענדיג, אַז דער דינער האָט אים קרום געשטעלט.

דערנאָך האָבען זיך אַלע אַנידערגעזעצט, און אַז דער גראַף איז צוגעגאַנגען צו דער הערצאָגין, האָט זי געזאָגט:

—איך מיין, אַז היינט וועט מיין פלימעניק צו-פאָרען אַהער נאָך מיר און אויסטרינקען ביי אונז אַ טעצעלע טיי.

אין דער לעצטער צייט זענען זייערע פערלאַנגען געגאַנ-גען אין איין ריכטונג און זיי האָבען עס געשפּירט, הגם זיי האָבען נאָך קיין איין מאָל נישט גערעדט, אפילו דורך אַ רמז, וועגען זייערע פּלענער.

הערצאָגין דע-מאָרטעמענס ברודער, מאַרקיז דע-פאַראַנדאַל, האָט כמעט אינגאַנצען רואינירט זיין פערמעגען דורך שפּילען און איז געשטאָרבען דורך אַנ'אונגעלונגענעם פאַל פון אַ פערד, אי-בערלאָזענדיג נאָך זיך אַנ'אלמנה מיט אַ זוהן. דערדאָזיגער יונ-גערמאַן, שוין אַלט אַכטאונצוואַנציג יאָר, איז גערעכענט געוואָ-

רען אין גאנץ איירָאפּאַ פאַר דעם געשיקטסטען דיריזשאָר פון טאַנצען. ער פלעגט איינגעלאַדען ווערען קיין ווין אָדער קיין לאָנדאָן בלויז צוליב דעם, ער זאָל מאַכען עטליכע וואַלסטורען אויפ׳ן באַל פון קייזערליכען הויף. און כאָטש ער איז געווען נישט קיין פערמעגליכער, האָט דאָך זיין שטעלונג אין די הויכע קרייזען, זיין אָבשטאַמונג, זיין נאָמען, זיין פערוואַנדשאַפט כמעט מיט קייזערליכע פאַמיליעס געטאָן דאָס, וואָס אין פּאַריז איז נישט געווען אַ צווייטער מאַן, אַרום וועמען מען זאָל אַזוי אַרומ-טאַנצען, וועמען מען זאָל אַזוי חנפה׳נען.

איז אָנגעקומען אַ צייט אויסצונוצען דעמדאָזיגען יונגעלשען רום. געשטיצט אויף טאַנץ- און ספּאָרט-טאַלענטען, האָט מען איצט בעדאַרפט נעמען אַ רייכע, זעהר אַ רייכע פרוי און אויסטוישען דעם וועלטליכען ערפאָלג אויף אַ פּאָליטישען. ווערענדיג אַ דע-פּוטאַט, וואָלט ער זיך געקאָנט פערוואַנדלען אין אַ שטיצפּונקט פונ׳ם קינפטיגען טראָן, אין איינעם פון דעם קעניגס מקורבים, אין איינעם פון די פּאַרטייפירער.

די הערצאָגין איז געווען גוט אינפאָרמירט וועגען דעם גרויסען פערמעגען פונ׳ם גראַף דע-הילערוא, וואָס איז געווען זעהר אַנ׳אויסגערעכענטער מענש און געוואוינט אין אַ געווענלי-כער וואוינונג, אין דער צייט, ווען ער האָט געקאָנט לעבען ווי אַ פירשט אין די בעסטע פּאַלאַצען פון פּאַריז. איר איז געווען בעקאַנט זיין שטענדיג גליקליכע שפּעקולירונג, זיין גרויסאַרטי-גער חוש פון אַ קאָמערצמאַן, זיין בעטייליגונג אין די סאַמע בעסטע אונטערנעמונגען פאַר די לעצטע יאָרען און זי האָט פער-טראַכט משדך צו זיין דעם פּלימעניק מיט דער טאָכטער פונ׳ם גאָרמאַנדישען דעפּוטאַט, וועמען דערדאָזיגער שדוך וואָלט געזי-כערט די העכסטע השפעה אינ׳ם קרייז פון דער גאָר הויכער אַריסטאָקראַטיע. און הילערוא, וואָס האָט גענומען אַ רייכען נדן און נאָך שטאַרק פערגרעסערט דאָס אייגענע פערמעגען, האָט איצט ווירקליך גע׳חלומ׳ט גאָר פון אַנדערע זאַכען.

ער האָט געגלויבט אין צוריקקער פון קעניג און האָט באַ געוואָלט זיין אימשטאַנד געשיקטער אויסצונוצען דאָסדאָזיגע געשע

הענויש אין יענעם טאָג, ווען דאָס וועט פּאָרקומען.

ווי אַנ׳איינפאַכער דעפּוטאַט, האָט ער נישט געהאַט קיין גרויס געוויכט. אָבער ווי אַ שוועהר פון מאַרקיז דע-פּאַראַנדאַל, וועמעס עלטערן עס זענען שטענדיג געווען טרייע פּאַטריאָטען, וואָס האָבען פערדינט גאָר בעזונדערע חסדים ביים קעניגליכען הויף אין פראַנקרייך, וואָלט ער זיך באַלד אַרויסגערוקט אין די ערשטע רייען.

די גוטע נייגונג פון דער הערצאָגין צו זיין פּרוי, וואָס איז בעזונדערס זעהר וויכטיג, וואָלט, אויסערדעם, צוגעגעבען דערדאָזיגער פערקניפּונג נאָך אַ מער-אינטימערן כאַראַקטער. מורא-האָבענדיג, אַז עפּיס אַנ׳אַנדער מיידעל זאָל דערוויייל נישט מאַכען אַנ׳איינדרוק אויפ׳ן מאַרקיז, האָט ער וואָס גיכער אַרויסגערופען די טאָכטער קיין פּאַריז און געוואָלט שנעל פערענדיגען דעם ענין. די הערצאָגין, וואָס האָט פּאָראויסגעפיהלט און פערשטאַנען דידאָזיגע פּראָיעקטען, האָט זיי אונבעמערקט מיטגעהאָלפען, און כאָטש איר איז מיטגעטיילט געוואָרען וועגען אַנעטס קומען, דאָך האָט זי אין דעם טאָג איינגעלאַדען איר פּלימעניק צו הילערואַ׳ן, ער זאָל ביסלעכווייז געוועגט ווערען און עפּטערער בעזוכען דאָסדאָזיגע הויז.

דאָס ערשטע מאָל האָט די הערצאָגין און דער גראַף אָנגעהויבען ריידען אין פערמאַסקירטע ווערטער וועגען זייערע פּלענער, און אַז זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, איז שוין דער אָבמאַך געווען געשלאָסען.

אין דעם צווייטען עק צימער האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער: מיוזאַדיע האָט דערצעלט דער באַראָנעסע קאָרבעל, ווי אַזוי די נעגרישע באָטשאַפט האָט זיך פּאָרגעשטעלט דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. אין דער צייט איז מיטגעטיילט געוואָרען, אַז עס איז געקומען דער מאַרקיז דע-פּאַראַנדאַל.

ער האָט זיך בעוויזען אין טיר און זיך צוגעשטעלט. מיט אַ פלינקען, געוועגטען זשעסט האָט ער אַריינגעשטעלט דעם מאָנאָקל אין דעם רעכטען אויג און אַ קליינע צייט געקוקט דורך איהם, ווי ער וואָלט זיך וועלען אָריענטירען אין יענעם אויפנאַמ-

נימער, וואוהין ער האָט בעדאַרפט אַריינגעהן און מעגליך אויך צוליב דעם, ער זאָל קאָנען געבען צייט די מענשען, וואָס גע-פינען זיך דאָרטען, צו דערזעהן אים, בעמערקען זיין אַריינגעהן. דערנאָך האָט ער מיט אַנ׳אונמערקליכער בעוועגונג פון דער באַק און ברעם אַרויסגעוואָרפען פון אויג דאָס גלעזעל, וואָס איז גע-בליבען הענגען אויף אַ שוואַרצען זיידענעם שנירעל, שנעל צו-געגאַנגען צו פּרוי דע-הילערואַ, אַ קוש געטאָן איר אויסגעצויגע-נע האַנט און זיך נידעריג פערנויגט. דערנאָך האָט ער אויף דעמזעלבען שטייגער בעגריסט זיין מומע און די איבעריגע, דרי-קענדיג זיי די הענט און איבערגעהענדיג פון איינעם צום צוויי-טען פיין און אונגעצוואונגען.

דאָס איז געווען אַ הויכער מאַן מיט געלבליכע וואָנסען, דער קאָפּ שוין עטוואָס פּליכעוואַטע, און געהאַלטען האָט ער זיך מיליטעריש, ווי אַנ׳ענגלישער ספּאָרטסמאַן. קוקענדיג אויף אים, האָט זיך געפיהלט, אַז דאָס איז איינער פון יענע מענער, ביי וועלכען די אַלע גלידער פון קערפּער זענען בעסער ענטוויקעלט, איידער דער קאָפּ און וואָס האָבען קיין זאַך נישט ליב, אויסער איבונגען, וואָס ענטוויקלען די פיזישע קראַפט און געשיקטקייט. ער איז, איבעריגענס, געווען געבילדעט, ווארום ער האָט שטו-דירט און נאָך איצט אויך טעגליך שטודירט דאָס אַלץ, וואָס האָט אים שפּעטער געקאָנט ברענגען נוצען. ער האָט געלערנט געשיכטע, מיט עקשנות גע׳חזר׳ט די דאַטעס און צופלאָנטערט די געשעהענישען; ער האָט איינגע׳חזר׳ט די עלעמענטאַרע ידיעות איבער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וואָס זענען נויטיג פאַר אַ דעפּו-טאַט, זיך בעקאָנט מיט׳ן אלף-בית פון כאָציאָלאָגיע, אויף וויפיל דאָס איז געווען נויטיג פאַר דעם הערשענדיגען קלאַס.

מיוזאַדיע האָט אים געשעצט, זאָגענדיג: „דאָס וועט זיין אַ מענש מיט געוויכט.” בערטען האָט געהאַלטען פון זיין גע-שיקטקייט און כח. זיי האָבען ביידע בעזוכט איין-און-דעמזעלבען פעכטזאַל, ביידע זיך גע׳בריה׳ט אין שיסען און צוזאַמען זיך בע-געגענט, רייטענדיג, אין די אַלעען פון בולאָנער וואַלד.

בשעת די הערצאָגין האָט פאָרגעשטעלט די יונגע אַנעט

איז אים פלוצלונג געפאַלען אַ חשד וועגען דער קאָמבינאַציע, וואָס זיין מומע האָט פערטראַכט, און אַז ער האָט זיך פער- בויגט, האָט ער שנעל בעקוקט דאָס מיידעל מיט אַנ׳אויג פון אַ מבין.

ער האָט אויסגערעדט מיט איר עטליכע אונבעדייטענדע ווערטער און זיך אַנידערגעזעצט נעבען דער באַראָנעסע קאָרבעל, צו ריידען מיט איר אַ ביסעל רכילות אין דער-שטיל.

די געסט זענען פרי אַוועק, און אַז קיינער איז שוין נישט געווען, איז אַנעט אַוועק שלאָפען; די לאָמפען זענען אויסגעלאָ- שען געוואָרען, די דינער אַוועקגעשיקט אין זייערע צימערן און גראַף דע-הילערואַ, וואָס איז אַרומגעגאַנגען איבער׳ן גאַסטצימער, בעלויכטען פוןביידע זייטען מיט ליכט, האָט נאָך לאַנג אויפ- געהאַלטען די גרעפין אין לענשטשול און ענטוויקעלט פאַר איר זיינע פלענער; ער האָט זיך געסטאַרעט אויספירליך אָנצעווייזען איר די וויכטיגע שריט, בכלל אַלץ, וואָס עס קאָן זיך מאַ- כען, אַלע שאַנסען און אַלע פאָרזיכטסמיטלען, וואָס דאַרפען אָנ- גענומען ווערען.

עס איז שוין געווען שפעט, ווען ער איז אַוועק אַנ׳ענט- ציקטער פון דעמדאָזיגען אָווענד און פאַר זיך געמורמעלט:

—איך מיין, אַז דער עסק איז געשלאָסען.

---

III.

„ווען קומט איר צו מיר, מיין פריינד? שוין דריי טעג ווי איך האָב מיך נישט געזעהן מיט אייך, און דאָס איז פאַר

מיר אַ צו-לאַנגער טערמין, איך בין זעהר בעשעפטיגט מיט מיין טאָכטער, אָבער איר ווייסט, אַז אָהן אייך קאָן איך מיך נישט בעגעהן."

דער קינסטלער האָט בעקומען דאָסדאָזיגע בריוועלע פון דער גרעפין אין דער צייט, ווען ער האָט אָנגעוואָרפען מיט'ן בלייפעדער אַנ'עסקיז, זוכענדיג נאָך אַלץ אַ נייע טעמע. איבערגעלייענט דאָס בריוועלע, האָט ער געעפענט אַ שופלאָד פון אַ שקאַפעל און אַוועקגעלעגט עס אין אַ קופּע אַנדערע בריף, וואָס זענען אויפגעזאַמעלט געוואָרען פאַר דער צייט פון זייער בעציהונג.

בעגוצענדי: זיך מיט די בעקוועמליכקייטען פון אַריסטאָקראַטישען לעבען, זענען זיי געווענט געוועזן טעגל'יך זיך צו זעהן. פון צייט-צו-צייט פלעגט זי קומען צו אים, און, נישטשטערענדיג אים אין דער אַרבייט, פלעגט זי זיך צו-זעצען אויף אַ שעה אָדער צוויי אין יענעם לענשטול, וואו זי האָט פריער פּאָזירט. זי האָט אָבער מורא-געהאַט, די דינערשאַפט זאָל איר נישט בערײדען, פלעגט זי אים בעסער אויפנעמען טעגליך ביי זיך אָדער זיך בעגעגענען מיט אים אין אַנדערע גאַסטצימערן.

זיי פלעגען שוין פריער בעשטימען דידאָזיגע בעגעגענישען, וואָס פלעגען אויסווייזען הער דע-הילערזאַ גאַנץ צופעליג.

צום ווענינסטענס אַ מאָל צוויי אין דער וואָך פלעגט דער קינסטלער מיטאָגען ביי דער גרעפין מיט נאָך איינינע פריינד. אַלע מאָנטאָג פלעגט ער אונפערענדערט אַריינקומען צו איר אין לאָזשע אַריין אין דער אָפּערע. דערנאָך פלעגען זיי זיך בעשטימען צו טרעפען אין דעם אָדער יענעם הויז, וואוהין זיי פלעגען צופעליג קומען אין איין-און-דערזעלבער שעה. ער האָט געוואוסט, אין וועלכע אָוועגדען זי איז אַליין אין שטוב און פלעגט קומען אויסטרינקען אַ טעצעל טיי. זיצענדיג אין דעמדאָזיגען הויז, נעבען איר, האָט ער געפיהלט, ווי שטאַרק עס האַלט אים דער אַלטער צובונד, וואָס פאַר אַ מהַלט עס האָט איבער אים די געוועוהייט צו זעהן זיך מיט איר, זיין נעבען איר, איבערוואַרפען זיך מיט עטליכע ווערטער, מיט געדאַנקען. און כאָטש דער לע

בעדיגער פלאַם פון זיין ליבע איז שוין לאַנג געשטילט געוואָרען, האָט ער דאָך שטענדיג געשפירט די פאָדערונג צו זעהן זי.

דערדאָזיגער צובונד איז נאָך אויך פערשטאַרקט געוואָרען דורך אַ ריין עגאָאיסטישען געפיהל. אין אים האָט גערעדט דער דורשט פון אַ פאַמיליענלעבען, פון אַ היימליכען, בעוואוינטען הויז, פון פאַמיליענמאָלצייטען, פון אָוועדען אין אַ פאַמיליענקרייז; דע-מאָלט איז אַזוי לייכט צו פלוידערן מיט מענשען, וואָס זענען שוין אַזוי לאַנג בעקאַנט; ער האָט געלעכצט נאָך נאָנטקייט, נאָך אַ שטענדיגען פערקער, נאָך אינטימליכקייט, וואָס דרעמעלט אין יעדען מענשליכען האַרצען און וואָס טרייבט יעדען אַלטען בחור פון שטוב צו שטוב, צו פריינד, וואו ער לאָזט איבער אַ טייל-כעל פון זיך. דאָסדאָזיגע הויז, וואו מען האָט אים ליב געהאַט און געפּיעסטעט, וואו ער האָט געפונען אַלץ, וואָס ער האָט גע-זוכט, האָט אים אין דערזועלבער צייט געגעבען די מעגליכקייט אָפּצורוהען און אַראָפּווישען זיין איינזאַמקייט.

דריי טעג האָט ער נישט געזעהן זיינע פריינד, וואָס האָ-בען נאָך אַלץ געמוזט זיין צוטראָגען מיט זייער טאָכטערס קו-מען. ער האָט שוין אָנגעהויבען בענקען און איז אפילו בייז גע-ווען אויף זיי, וואָס זיי האָבען אים ביז איצט נישט גערופען; קומען אַליין צו זיי האָט ער געהאַלטען פאַר נישט בעקוועם.

דער גרעפינס בריוועלע האָט אים צוגעגעבען מוט. עס איז געווען אַ זייגער דריי נאָך האַלבען טאָג. ער האָט בעשלאָסען שוין צו געהן, צו טרעפען זי פריער, איידער זי וועט אַרויספאָ-רען פון שטוב.

ער האָט אָנגעקלונגען, און אין צימער איז אַריין דער דינער.

—ווי איז דאָס וועטער, זשאָזעף?

—אַ שען וועטער, מיין הער

—וואַרים?

—יאָ, מיין הער.

—דעם ווייסען זשילעט, דעם בלויען פּידזשאַק, דעם גרוי-ען הוט.

ער האָט זיך שטענדיג זעהר עלעגאַנט געקליידט. נאָר נישט-געקוקט דערויף, וואָס זיין קאָסטיום איז געווען גענייט דורך אַ שניידער, וואָס האָט געהאַלטען פון שטרענגען סטיל, דאָך האָט מען באַלד געקאָנט דערקאָנען, אַז דאָס געהט נישט קיין בעוויבטער אַרטיסט; מען האָט עס געקאָנט דערקאָנען בלויז פון זיין אַרט געהן און פון זיינע קליידער, ווי אַזוי ער האָט איינגעצויגען דעם בויך מיט אַ ווייסען זשילעט, ווי אַזוי ער האָט געטראָגען, עטוואָס אַראָבגערוקט אַ הינטער, דעם גרויען הוט מיט'ן הויכען טול.

אַז ער איז געקומען צו דער גרעפין, האָט מען אים געזאָגט, אַז זי וויל אַוועקפאָרען אויף אַ שפּאַציר אין בולאָנער וואַלד. אַנ'אונצופרידענער, האָט ער בעשלאָסען צו וואַרטען אויף איר אַרויסגעהן.

ווי אַלעמאָל, האָט ער אָנגעהויבען צו שפּאַנען אויף-און-אָב איבער'ן צימער, געשפּאַצירט פון טיש צו טיש, אָדער פון פענסטער צו דער וואַנט. צוליב די פאָרהאַנגען איז אין צימער געווען האַלבטונקעל. אויף לייכטע טישעלעך איז אין אַ פיינער אונאָרדנונג אויסגעלעגט געווען פערשידענע קלייניגקייטען, נוצלאָזע, שענע און טייערע. דאָס זענען געווען קלייניטשקע אַלטע קעסטעלעך מיט גאָלדענע אינקרוסטאַציעס, קלייניטשקע טאַבאַקפושקעלעך, סטאַטועטקעלעך פון העלפאַנדביין, מאָדערנע זאַכעלעך פון מאַטען זילבער, מער גרעבערע אין ענגלישען געשמאַק: אַ קיכפליטל—גאָר אַ ברעקעלע און דערויף אַ קעצעל, וואָס נאַשט פון אַ פענדעל, אַ פאָרטציגאַר אין דער פאָרם פון אַ גראָבען ברויט, אַ זאַפּאַלקעס-שאַכטעל—ענליך צו אַ קאָפּעקאַן; ווייטער איז געלעגען אַ פופענגאַרדעראָב: אַ האַלזבאַנד, בראַסלעטען, פינגערלעך, בראָשען, אויערינגלעך מיט בריליאַנטען, דימענטען, רובינען, אַ צייל מיקראָסקאָפּישע פאַנטאַזיעס, פונקט ווי זיי וואָלטען געמאַכט געוואָרען פון יובעלירען-ליליפּוטען.

פון צייט-צו-צייט האָט ער זיך צוגערירט צו איינס פון דידאָזיגע קלייניגקייטען, וואָס ער האָט געשענקט אין אַ טאָג פון עפּיס אַ פאַמיליען-יום-טוב, גענומען עס אין דער האַנט אַריין,

געקערט אויף אַלע זייטען, בעקוקט מיט אַ פּערטראַכטער גלייכ-גילטיגקייט און צוריק אַוועקגעשטעלט אויף דעמזעלבען אָרט.

צווישען די פענסטער איז געשטאַנען דער גרעפינס שרייב-טיש, זעהר אַ קאָקעטישע אַרבייט אינ׳ם סטיל פון פערגאַנגענעם יאָרהונדערט. דאָ האָט די גרעפין געענטפערט אויף בריף, וואָס זי פלעגט בעקומען בשעת׳ן אויפנעמען געסט און וואָס מען האָט געמוזט באַלד ענטפערן אויף זיי. דערביי איז אויך געלעגען אַ האַנטשפּיגעלע—אַ שעדעווער פון יובעלירקונסט. דאָס גלאָז איז גע-ווען אַריינגעשטעלט אין אַ פּירקאַנטיג, געליניעט רעמעל פון סאַמעט און דאָס ווענטעל האָט ממש איבערראַשט מיט צייכנונגען פון גאָלד און זילבער.

בערטען האָט גענומען דאָס שפּיגעלע און זיך איינגעקוקט דערין. פאַר די לעצטע יאָרען האָט ער זיך שטאַרק פערעלטערט, און כאָטש אים האָט זיך געדאַכט, אז איצט איז זיין געזיכט מער אָריגינעל, איידער פריער, דאָך האָט אים בעאונרוהיגט די אַראָבגעהאַנגענע באַקען און די הויטקנייטשען אויפ׳ן גאַנצען פּנים.

הינטער אים האָט מען געעפענט די טיר.

—גוט מאָרגען, הער בערטען,—האָט אַ געט געזאָגט.

—גוט מאָרגען, קינד מיינס, וואָס מאַכסטו?

—זעהר גוט, און איר?

—ווילסטו מיר דאָך מער נישט זאָגען „דו"?

—ניין, ניין, דאָס שטערט מיר!

—זאָגט, איך בעט אייך!

—יאָ, דאָס איז מיר שווער. איך שרעק מיך עטוואָס פאַר אייך.

—פאַרוואָס?

—דערפאַר, וואָס... דערפאַר, וואָס איר זענט נישט גענוג יונג און נישט גענוג אַלט...

דער קינסטלער האָט זיך צולאַכט.

—ביי אַזאַ אַרגומענט מוז איך נאָכגעבען.

זי איז שרעקליך רויט געוואָרען און פערשעמט געזאָגט:

—די מאַמע האָט מיך געבעטען, איך זאָל אייך זאָגען, אַז זי וועט באַלד אַרויסקומען, און פרעגען אייך, צי וואָלט איר נישט מיטגעפאָרען מיט אונז אין בולאָנער וואַלד?

—מיט גרויס פערגעניגען. איר אַליין?

—ניין, מיט הערצאָגין דע-מאָרטעמען.

—אויסגעצייכענט. איך פאָר מיט אייך.

—וועט איר מיר דערלויבען געהן אָנטאָן דעם הוט?

—געה, קינד מיינס.

אַז זי איז אַרויס, איז געקומען די גרעפין אין הוט און וואואַל, גרייט צום שפּאַציר. זי האָט אים אויסגעצויגען ביידע הענט.

—פאַרוואָס זעהט מען אייך נישט? מיט וואָס האָט איר זיך בעשעפטיגט?

—איך האָב אייך נישט געוואָלט שטערען אין אַזאַ מאָמענט.

—אָליוויע!—האָט זי אַרויסגעזאָגט מיט פאָרוואורף און דער-ביי אַריינגעלעגט אין דעמדאָזיגען וואָרט איר גאַנצע צערטליכ-קייט צו אים.

—איר זענט די בעסטע פרוי אין דער וועלט,—האָט ער געזאָגט, גערירט דורכ'ן טאָן, מיט וועלכען זי האָט אַרויסגעזאָגט זיין נאָמען.

פערענדיגט און געבראַכט אין אָרדנונג אויף אַזאַ אופן די קליינע ליבערייבונג, האָט זי שוין דערנאָך געזאָגט גאָר אַנדערש, מיט'ן געוועהנליכען טאָן פון אַריסטאָקראַטישער פּלוידעריי:

—מיר וועלען פאָרען נעמען די הערצאָגין און דערנאָך זיך דורכשפּאַצירען איבער'ן וואַלד. מען בעדאַרף עס דאָך אַלץ ווייזען אַנעט'ן.

אַ קאַרעט האָט געוואַרט ביי דער פאַראַדטיר.

בערטען האָט זיך געזעצט געגענאיבער די ביידע דאַמען און די פערד האָבען גערירט די קאַרעט.

דער גרויסער בולוואַר, מיט וועלכען זיי האָבען זיך גע-לאָזט אין דער ריכטונג צו דער הייליגער מאַגדאַלענע, האָט גע-

אָטעמט מיט דער פרייד פון אַ נייעם פריליגג, וואָס איז אַזוי ווי פון הימעל אַראָבגעפאַלען אויף די לעבעדיגע.

די וואַרימע לופט און די זון האָבען צוגעגעבען די מע-נער אַ יום-טוב׳דיגען אויסזעהן, די פרויען האָבען אויסגעוויזען ווי פערליבטע, גאַסענגיונגען זענען אַרומגעלאָפען און אַרומגעשפּרונגען, און די ווייסע קיכעריונגען האָבען אַוועקגעלעגט זייערע קערב מיט שפּייזפּראָדוקטען אויף די בענק און געשפּילט מיט זייערע חברים, אַרומגעריסענע שטיפער; הינט האָבען ערגיץ שרעקליך געאיילט; פויגלעך אין די שטייגען האָבען זיך שטאַרק צוזונגען; בלויז די אַלטע שקאַפּעס אין די דראָזשקעס האָבען אויסגעזעהן טריב און זיך געדרוקט זייער וועג מיט גע׳פגר׳טע פּנים׳ער.

—אַך, סאַראַ שענער טאָג!—האָט אַרויסגעזאָגט די גרע-פין,—ווי גוט עס אָטעמט זיך.

דער ק׳נסטלער האָט זייביידען בעטראַכט, די מוטער און די טאָכטער, פאַר דערדאָזיגער העלער זונבעלייכטונג. געוויס זע-נען זיי געווען פערשידען, אָבער אין דערזעלבער צייט אַזוי ענליך צווישען זיך, אַז איינע איז ווירקליך געווען דער המשך פון דער צווייטער. דאָס איז געווען דאָסזעלבע בלוט, דערזעל-בער קערפּער, בעלעבט דורך איין-און-דעמזעלבען לעבען. און אַזוי האָבען זייערע אויגען, דידאָזיגע בלויע אויגען, בעזייט מיט שוואַרצע פּינטעלעך, אַזוינע ריין-בלויע ביי דער טאָכטער און עטוואָס אָבגעלעבטע ביי דער מוטער, זיך אָבגעשטעלט אויף אים, בשעת ער האָט גערעדט; זייער בליק איז אַזוי ווייט ענליך גע-ווען צווישען איינאַנדער, אַז אונגערן האָט זיך געוואַרט אויף ענליכע רעפּליקען. און צווינגענדיג ביידען צו לאַכען און ריידען, האָט ער אַ פערוואונדערטער פון דאָסניי בעמערקט, אַז ער האָט פאַר זיך גאַנץ פערשידענע פרויען: איינע שוין אַנ׳אָבגעלעבטע, די צווייטע הויבט ערשט אָן צו לעבען. ניין, ער האָט נישט גע-קאָנט פאָראויסזעהן, וואָס פון דעם מיידעלע וועט אַרויסקומען, בשעת איר יונגער שכל, נאָך אונטער דער ווירקונג פון שלאָ-פענדיגע געשמאַקען און אינסטינקטען, וועט זיך פונאַנדערלאָזען, פונאַנדערפעגען פאַר דער אַרומיגער וועלט. דאָס איז געווען אַ

ניי שען ווענען, אונבעקאַנט פאַר זיך און אונבעקאַנט פאַר'ן אַרומיגען, ווען עס זענען פאַרגעסן געווען די אַלע פאַרפאַלענע פון ליבע און וואָס האָט נאָר-וואָס אָבגעשוואומען פון האַפען, בעת איר מוטער האָט זיך שוין אומגעקערט צוריק, איבערשווימענדיג דעם ים פון לעבען און ליבע!

ער האָט דערפיהלט אין זיך אַ וואַרימקייט ביים געדאַנק, וואָס נאָר אים האָט אַמאָל אויסגעוועלט אָט די פרוי, וואָס איז נאָך היינט אויך שען, אָט די פרוי, וואָס וויגט זיך אויף די קאַרעטפעדערן אין דער וואַרימער פרילינגלופט.

דורכ'ן בליק האָט ער איר אויסגעדריקט זיין דאַנקבאַר-קייט, זי האָט פערשטאַנען, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז זי בעדאַנקט אים מיט'ן שאָרך פון איר קלייד.

ער האָט אויך געזאָגט:

—אָ, יאָ, אַ זעלטענער טאָג.

מיטגענומען די הערצאָגין אויף דער גאַס וואַרען, זענען זיי אַוועקגעפאָרען צו די אינוואַלידען, איבערגעשניטען די סענע, און, אַרויספאָרענדיג אויף די יעליסייער פעלדער, האָבען זיי אינ'ם שטראָם פון קאַרעטען זיך גענומען אויפהויבען צו דער טריאומפאַרקע, אויפ'ן פלאַץ פון ש ט ע ר ע ן.

דאָס יונגע מיידעל, וואָס האָט זיך איבערגעזעצט אויפ'ן פאָדערשטען געזעס צוזאַמען מיט אָליוויע'ן, האָט מיט דורשטיגע און נאַאיווע אויגען זיך צוגעקוקט צו די פאַרבייפאָרענדיגע קאַרעטען. טיילמאָל, בשעת די גרעפין און די הערצאָגין האָבען גע-ענטפערט אויף אַ בעגריסונג דורך אַ קליינעם נויג מיט'ן קאָפּ, פלעגט זי פרעגען איר שכן: „ווער איז עס?" און ער פלעגט ענטפערן: „די פאָנטעגלענס", אָדער „די פּיואיסעלסער", אָדער „די גרעפין לאָקריסט", אָדער „די שענהייט מאַנדעליער".

איצט זענען זיי געפאָרען איבער דער אַלעע פון בולאָנער וואַלד, אינ'ם גערויש פון רעדער די עקיפאַזשען, נישט אַזוי צו-זאַמענגעדריקט, ווי פאַר דער טריאומפאַלער אַרקע, האָבען זיך אַזוי ווי גע'חנ'דעלט צווישען איינאַנדער. פיאַקערן, שווערע קאַ-רעטען, מאַיעסטעטישע וועגלעך האָבען איבערגעיאָגט איינע די

אַנדערע, און פלוצלונג, אַריבעריאָגענדיג זיי אַלעמען, האָט זיך בעוויזען אַ לייכט וויקטאָריען-קאַרעטל, געשפּאַנט מיט איין פערד, וואָס האָט זיך מיט ווילדער שנעלקייט געטראָגען צווישען דעם גאַנצען עולם פון בורזשועס און אַריסטאָקראַטען, מענשען פון פערשידענע קלאַסען און שטעלונגען אין דער געזעלשאַפט. אין דעמדאָזיגען עקיפּאַזש איז פויל געזעסען אַ יונגע פרוי אין אַ בונטיג-שרייענדיגען טואַלעט, וואָס האָט פערשפּרייט אַרום זיך עפּיס אַ מאָדנעם ריח פון אַנ׳אונבעקאַנטען בלימעל.

—ווער איז די דאַמע?—האָט געפרעגט אַנעט.

—איך ווייס נישט,—האָט בערטען געענטפערט; די הערצאָגין און די גרעפין האָבען זיך איבערגעשמייכעלט.

עס האָבען זיך פונאַנדערגעלאָזט די בלעטער און די נאַכטיגאַלען, וואָס בעוואוינען שטענדיג אין אַ גרויסער צאָל דעמדאָזיגען פּאַריזער פּאַרק, האָבען שוין געזונגען אין דעם יונגען גרינוואַרג. דער גרעפינס לאַנדאָ האָט זיך פעראייניגט צו דער שורה עקיפּאַזשען, וואָס האָט זיך לאַנגזאַם דערנענטערט צו דער אַזערע. דאָ האָט זיך אַנ׳אונאויפהערליכער רעגען פון בעגריסונגען, שמייכלען און העפליכע ווערטער געשאָטען פון איין עקיפּאַזש אינ׳ם צווייטען, בשעת זיי האָבען זיך אָנגעשלאָגען. איצט איז עס ענליך געוועזען צו אַ טייך, איבער וועלכען עס גליטשט זיך אַ גאַנצער פלאָט פון שיפלעך, וואו עס זענען שטאַטיג צוזעצט קאַוואַלערן מיט דאַמען. די הערצאָגין, וואָס האָט נאָכאַנאַנד געענטפערט אויף די געצויגענע היט און פערנויגטע קעפּ, האָט אַזוי ווי געמאַכט אַ בעקוק די אַרומיגע, זיך געסטאַרעט צו געדענקען אַלץ, וואָס זי האָט געוואוסט, געטראַכט און זיך פאָרגעשטעלט וועגען די אַלע מענשען, וואָס האָבען זיך איר דאָ פאָרבייגעטראָגען.

—זעה-נאָר, קינד, אָט איז ווידער די שענע מאַנדעליער, דער רייץ פון דער רעפּובליק.

דער רייץ פון דער רעפּובליק איז געזעסען אין אַ קאָקעטישען עקיפּאַזשל. סטאַרענדיג זיך אויסצוווייזען גלייכגילטיג צו איר אָנערקענטען רום, האָט זי געלאָזט דעם עולם זיך קוויקען

מיט אירע גרויסע טונקעלע אויגען, מיט דעם נידעריגען שטערען אונטער אַ הוט פון שוואַרצע האָר, מיט דעם קאַפּריזנעם, עטוואַס צו-גרויסען מויל.

—און דאָך איז זי זעהר שען,—האָט געזאָגט בערטען.

די גרעפין האָט נישט ליב געהאַט, ווען ער האָט זיך ענט-ציקט מיט אַנדערע פרויען. זי האָט עטוואָס אַ דריק געטאָן מיט די אַקסלען און גאָרנישט געזאָגט.

אָבער דאָס יונגע מיידעל, ביי וועלכען עס האָט זיך פּלוצ-לונג אויפגעוועקט דער אינסטינקט פון קאָנקורענץ, האָט זיך דער-וועגט צו זאָגען:

—איך זעה עס נישט.

דער קינסטלער האָט זיך אָבגעקערט צו איר.

—ווי, דו האַלסט נישט, אַז זי איז שען?

—ביי איר איז אַזאַ אויסזעהן, פּונקט ווי מען וואָלט זי אָבגעטונקט אין טינט.

די הערצאָגין האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט מיט התפּעלות.

—בראַוואָ, קינדס מיינס. שוין זעקס מאָנאַטען, ווי אַ האַלב פּאַריז מענער שטאַרבט פאַר דערדאָזיגער מאַזעפּע! מיר דאַכט זיך, אַז זיי חוזק'ן פּשוט איבער אונז. קוק בעסער אויף דער גרע-פין לאָקריסט.

די פיינע ליניען פון דערדאָזיגער דינער בלאָנדין, ווי אַ מיניאַטור, מיט גרויע אויגען, האָבען פאַר די לעצטע פינף-זעקס יאָר שטאַרק ענטציקט דעם עולם. געזעסען איז זי אין לאַנדאָ אַליין מיט אַ ווייסען פּודעל און זיך געגויגט מיט אַ שמייכעל, וואָס איז פערשטאָרבען אויף די ליפּען. אָבער אַנעט איז אויך פון איר נישט ענטציקט געוואָרען.

—נו, זי איז שוין נישט גענוג פריש,—האָט זי געזאָגט.

הגם אין די דעבאַטען, וואָס פלעגען אַלע טאָג בעגייט ווערען וועגען די צוויי געגנערינס, איז בערטען געוועהנליך גע-ווען נישט אויף דער זייט פון דער גרעפין, דאָך האָט אים עפּיס פּלוצלונג אויפגעבראַכט די העזה פון דעמדאָזיגען מיי-דעלע.

ו, מיין ליבע—האָט ער געזאָגט—מען קאָן זיך זיין אַ גרע-סערער אָדער אַ קלענערער אָנהענגער פון איר שענקייט, אָבער אַז זי איז שען, דאָס קאָן מען נישט אָבלייקענען, און איך קאָן נאָר דיר ווינשען, אַז מיט דער צייט זאָלסטו אויך ווערען אַזוי שען, ווי זי.

—אַך, לאָזט צורוה,—האָט די הערצאָגין געזאָגט—איר הויבט אָן בעמערקען פרויען, ווען זיי ווערען אַלט אַ יאָר דרייסיג. אָט דאָס מיידעלע איז גערעכט, איר ענטציקט זיך נאָר מיט יענע, וואָס פערלירען שוין זייער פרישקייט.

ער האָט אויסגעשריען:

—ענטשולדיגט, אָבער דאָס איז דאָך נישט ריכטיג: די פרוי ווערט ערשט שען אין די רייפע יאָרען, נאָר דעמאָלט, ווען עס ווייזט זיך אַרויס אין איר אַלץ, וואָס איז אין איר פאַראַן.

ענטוויקלענדיג ווייטער דעם געדאַנק, אַז פרישקייט פון ערשטער יוגענד איז בלויז אַ בונטיג הייטעל פון אַ שענקייט, וואָס דאַרף ערשט צייטיג ווערען, האָט ער דערוויזען, אַז די וועלט-ליכע לייט בעגעהען נישט קיין טעות, ווען זיי לעגען ווייניג אַכט אויף גאָר יונגע פרויען, אַז זיי האָבען אַ גרונד אָנצורופען זיי שען נישט פריער, איידער עס קומט-אָן דער סאַמע לעצ-טער פעריאָד פון זייער אויפבליהונג.

דער גרעפין איז עס געווען געפעלען און זי האָט גע-זאָגט:

—דערין איז פאַראַן אַ טייל אמת. ער מעסט, ווי אַ קינסט-לער. אַ יונג פנים׳ל איז אודאי זעהר שען, אָבער שטענדיג עט-וואָס באַנאַל.

דער קינסטלער האָט נאָך אַלץ ענטוויקעלט זיין געדאַנק, אָנמערקענדיג יענעם פעריאָד, ווען דאָס געזיכט פערלירט די אונ-בעשטימטע חנ׳עוודיגקייט פון יוגענד און בעקומט זיינע פערענ-דיגטע קאָנטורען, זיין אינדיווידואַלען כאַראַקטער, זיין פערזענ-ליכען אויסדרוק.

יעדען וואָרט זיינס האָט די גרעפין געזאָגט „יאָ״ און ליכט אַ נויג געטאָן מיט׳ן קאָפּ. און וואָס דרייסטער עס זענען

געוואָרען זיינע מיינונגען און וואָס מער ער האָט אַרויסגעוויזען היץ פון אַנ׳אַדוואָקאַט און בעגייסטערונג פון אַ מענשען, וואָס סטאַרעט זיך אַראָבצונעמען יעדען חשד פון זיך, אַלץ מער מוט האָט זי אים צוגעגעבען מיט׳ן אויג, מיט׳ן זשעסט, פונקט ווי זיי וואָלטען געשלאָסען אַ בונד אונטערצוהאַלטען אייגאַנדער אין פאַל פון אַ געפאַר, צו בעשיצען זיך פון דער פאַלשער מיינונג, וואָס האָט זיי געגראָזיעט. אַנעט האָט זיי נישט געהערט, זי איז איינ-גאַנצען פערוואַנדעלט געוואָרען אין קוקען. איר עפּטער שמייכ-לענדיג געזיכט איז געוואָרען ערנסט, און זי האָט שוין מער גאָרנישט גערעדט, בערוישט פונ׳ם שפּאַציר. אָט די זון, אָט דאָס גרינוואַרג, אָט די עקיפּאַזשען, אָט דאָס שענע און רייכע לע-בען—דאָס אַלץ איז געווען פאַר איר.

זי קאָן אויך אַזאַ אופן קומען אַהער אַלע טאָג, ווערען אַליין אויך אַ בעוואוסטע, בעקומען בעגריסונגען, אַרויסרופען קנאה; און די מענער, אָנווייזענדיג אויף איר, וועלען אפשר אויך זאָ-גען, אַז זי איז שען. זי האָט נאָר געזוכט יענע מענער און פרויען, וואָס האָבען איר אויסגעוויזען אַממערסטען רייך און גע-פרעגט זייערע נעמען. עס האָט זי אינטערעסירט די האַרמאָניע פון די זילבען, וואָס טיילמאָל האָבען זיי אין איר אַרויסגערופען אונגערנדיגע אַכטונג אָדער ענטציקונג, אויב זי האָט זיי פריער געטראָפען אויף די שפּאַלטען פון אַ צייטונג אָדער אין אַ לערבי-כעל געשיכטע. זי איז נאָך נישט געווענט געווען רוהיג צו קו-קען אויף דערדאָזיגער שורה פון גרויסע נעמען, זי האָט אפילו נישט אינגאַנצען געקאָנט גלויבען, אַז זיי געפינען זיך פאַר איר באמת, און איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי איז אויף אַ פאָרשטע-לונג אין טעאַטער. אָנגעדונגענע עקיפּאַזשען האָבען אַרויסגערו-פען אין איר פעראַכטונג צוזאַמענגעמישט מיט עקעל. זיי האָבען איר געשטערט און אויפגערעגט, און פלוצלונג האָט זי געזאָגט:

—איך מיין, אַז אַהער האָט מען בעדאַרפט אַריינלאָזען נאָר אייגענע עקיפּאַזשען.

—אַזוי גאָר, פריילין?—האָט בערטען דערויף בעמערקט—און ווי זאָל זיין מיט גלייכקייט, פרייהייט און בנידערליכקייט?

זי האָט אָנגעבלאָזען די ליפּלעך, ווי זי וואָלט וועלען זאָ-
גען: „רעדט עס עמיצען אַנ'אַנדערן" און האָט געענטפערט:

—פאַר די אָנגעדונגענע עקיפּאַזשען האָט מען געקאָנט מאַ-
כען אַנ'אַנדער אָרט אין וואַלד.

—דו האָסט שטאַרק פערשפּעטיגט, מיין קינד, דו ווייסט
נאָך ניעשט, אַז די הערשאַפט פון דער דעמאָקראַטיע איז איצט
אין איר פולער קראַפט. איבעריגענס, אויב דו ווילסט זעהן דעם
בולאָנער וואַלד ריין פון געמישטער געזעלשאַפט, טאָ קום אַהער
אינדערפרי—דעמאָלט וועסטו געפינען די בחירים, דעם שענסטען
טייל פון דער גוטער געזעלשאַפט.

און ער האָט איר אָנגעוואָרפען אַ בילד—איינס פון יענע
בילדער, וואָס ער האָט אַזוי אָפט געמאָלט—אַ בילד פון בולאָנער
וואַלד אינדערפרי, מיט זיינע רייטער און אַמאַזאָנקעס, בשעת
דער וואַלד ווערט פערוואַנדעלט אין אַ קלוב פון סאַמע בחירים,
וואו איינער קאָן דעם צווייטען מיט'ן נאָמען און פאַמיליע, וואו
מען ווייס די קרובה'שאַפט צווישען זיך, די טיטלען, די מעלות
און חסרונות איינער ביים צווייטען, פונקט ווי אין אַ קליין שטע-
טעלע.

—און איר זענט דאָ אָפט אין דער צייט?—האָט זי גע-
פרעגט.

—זעהר אָפט. דאָס איז באמת דאָס סאַמע ביליגסטע,
וואָס איז פאַראַן אין פאַריז.

—אינדערפרי פאָרט איר אַרויס רייטענדיג?

—נו, יאָ.

—און דערנאָך, נאָך האַלבען טאָג, מאַכט איר וויזיטען?

—יאָ.

—ווען-זשע אַרבייט איר אויף אַזאַ אופן?

—איך אַרבייט... ווען עס מאַכט זיך, אגב האַרמאָנירט
מיין ספּעציאַליטעט מיט מיינע געשמאַקען! אַזוי ווי איך מאָל
שענע דאַמען, מוז איך זיי שטענדיג זעהן, נאָכגעהן אומעטום
נאָך זיי.

—צופוס אָדער רייטענדיג?—האָט זי געפרעגט און, ווי פריער, נישט געלאַכט.

ער האָט געוואָרפען אויף איר אַ גנב'יש צופרידענעם קוק, וואָס וואָלט געקאָנט הייסען: זעהט, זעהט, שוין שאַרפזיניג, אָ! דו ווערסט ווייט אַוועקגעהן.

אַ צוק פון אַ קאַלטען ווינט האָט זיך פאַרבייגעטראָגען; געקומען איז ער פון ערגיץ ווייט-ווייט, פון די דאָרפפעלדער, וואו דער פרילינג האָט זיך נאָר-וואָס אָנגעהויבען דערוואַכען; און דער גאַנצער וואַלד—אָט דער קאָקעטישער אַריסטאָקראַטישער וואַלד האָט אַ ציטער געטאָן.

עטליכע סעקונדען האָבען געציטערט די קלייניטשקע בלעטעלעך אויף די בוימער און די געוועבען, וואָס דעקען-צו די אַקסלען. אַלע פרויען האָבען כמעט מיט איין-און-דערזעלבער בעוועגונג אַרויפגעוואָרפען צוריק אויף די אַקסלען די אַראָבגעפאַלענע מאַנטאָס און זיך גענומען איינוויקלען. און די פערד פון איין עק אַלעע ביז דער צווייטער האָבען זיך געלאָזט לויפען, פונקט ווי דער קאַלטער ווינט, וואָס האָט זיי אָנגערירט, וואָלט געווען אַ שמיץ פון אַ בייטש.

באַלד זענען די עקיפאַזשען אינמיטען זילבערנעם גערויש פון די ציימלען אַריינגעפאַלען אין און א רויט-קרומען שטראַלענשטראָם פון דער פערגעהענדיגער זון.

—נו, ווי איז מיט אייך? איר וועט זיך איצט אומקערן אַהיים?—האָט די גרעפין .געפרעגט דעם קינסטלער, וועמעס געווענהייטען עס זענען איר געווען גוט בעקאַנט.

—ניין, איך וועל געהן אין קלוב.

—נו, ווילען מיר אייך איינוועגס אָבפירען אַהין.

—איך וועל אייך זיין זעהר דאַנקבאַר.

—און ווען וועט איר אונז מיט דער הערצאָגין איינלאַדען צו זיך אויף פרישטיג?

—בעשטימט אַליין דעם טאָג.

אָט דער געשוואָרענער קינסטלער פון פּאַריזעריננס, וועמען די פערערער האָבען אַ נאָמען געגעבען „דער רעאַליסטישער וואַ-

טאָ" און די שונאים—„דער פאָטאָגראַף פון דאַמענקליידער און פעלערינקעס", פלעגט עפּטער איינלאַדען צו זיך אויף פרישטיג אָדער צום מיטאָג יענע שענע פרויען, וואָס זייערע שטריכען האָט ער געוואָלט איבערגעבען אויפ'ן לייוועגד; ער פלעגט אויך איינלאַדען אַנדערע פרויען—יענע פרויען, וואָס זענען געווען בעקאַנט אָדער בערימט אין דער געזעלשאַפט. און די אַלע בעזוכעריינס האָבען איינגעפונען, אַז דידאָזיגע קליינינטשקע פייערונגען אין דעם קינסטלערס וואוינונג זענען זעהר אינטערעסאַנט.

—איז איבערמאָרגען? איז אייך איבערמאָרגען בעקוועם, מיין טייערע הערצאָגין?—האָט געפרעגט פרוי דע-הילערואַ.

—גאַנץ בעקוועם, איר זענט זעהר מילד! הער בערטענ'ען וואָלט גאָר קיינמאָל נישט איינגעפאַלען איינצולאַדען מיך. באַלד קענטיג, אַז איך בין שוין נישט יונג!

די גרעפין, וואָס איז געוועגט געווען צו קוקען אויפ'ן קינסטלערס הויז כמעט ווי אויף אַנ'אייגענעם הויז, האָט געזאָגט:

—ווען מיר, אַלזאָ, זיין זאַלבעפערט, ווי איצט: די הערצאָגין, אַנעט, איך און איר, נישט וואָר, גרויסער מאַעסטראָ?

—נאָר מיר און מער קיינער—האָט ער געזאָגט, אַרויסגעהענדיג פון עקיפּאַזש.

—ער האָט זיך פערנויגט, שטעהענדיג נעבען עקיפּאַזשטירל, דערנאָך געשווינד אַריין אין גאַרדעראָבצימער פון קלוב, אַ וואָרף געטאָן דעם מאַנטעל און דעם שטעקען אַ גרופּע לאַקייען, וואָס האָבען זיך אויסגעצויגען ביי זיין אַריינקומען, ווי סאָלדאַטען פאַר אַנ'אָפיציר; דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבען אויף די ברייטע טרעפּ, אַדורכגעגאַנגען פאַרביי אַנ'אַנדערער מחנה דינער אין קורצע הויזלעך; דאָ האָט ער אַ שטויס געטאָן אַ טיר און זיך באַלד דערשפּירט שטיפעריש, ווי אַ יונגעל, דערהערענדיג פון קאָרידאָר דעם גערויש פון אָנגעקלאַפּטע ראַפּירען, אַ טופּעריי און אויסגעשרייען מיט שטאַרקע שטימען:

—אַ קלאַפּ!

—מיר!

—פאַרביי!

—פּאַראַן!

—אַ קלאַפּ!

—אייך!

—אין פּעכטזאַל זענען געשטאַנען די פּעכטער אין העמד-לעך פון זעגעלטוך, אין פּעלענע זשילעטען, אין הויזען, אונטען פערבונדען און אין אָריגינעלע פּאַרטוכער, וואָס האָבען בעדעקט דעם בויך, איין האַנט אויפגעהויבען אין דער-הויך און פערדריקט אין אַ פויסט און אין דער צווייטער האַנט, וואָס האָט אויסגע-זעהן זעהר גרויס צוליב דער אָנגעטאָנענער האַנטשו, איז געלע-גען אַ דינע און אַ בויגזאַמע ראַפּיר; די פּעכטער האָבען זיך דאָ אויסגעצויגען, דאָ אויסגעגלייכט, מיט אָבגעהאַקטע שנעלע בעווע-גונגען פון מעכאַנישע פּאַיאַצען.

מאַנכע האָבען אָבגערוהט, געשמועסט צווישען זיך מיט אַ שווערען אָטעם, פערשוויצטע, אויסווישענדיג זיך דעם שטערען און האַלז מיט נאָזטיכלעך. מאַנכע זענען געזעסען אויף דיוואַנעס אַרום די וועגט און געקוקט אויף די פּעכטער. ליווערדי האָט זיך געפּעכט מיט לאַנדאָנ׳ען און דער פּאָרזיצענדער פון קלוב טייר מיט׳ן הויכען ראָקדיאַנ׳ען.

בערטען האָט זיך געפיהלט, ווי ביי זיך אין דערהיים, און האָט געדריקט מיט אַ שמייכעל די אויסגעצויגענע הענט.

—איך רוף אייך אַרויס,—האָט אים אַ געשריי געטאָן דער באַראָן דע-באַוועריי.

—איך בין גרייט, מיין פריינד.

און ער איז אַוועק זיך איבערטאָן.

שוין לאַנג האָט ער זיך נישט געשפּירט אַזוי מונטער און שטאַרק, און, פילענדיג פּאָראויס, אַז ער וועט מאַכען אַ גרויסאַר-טיגען פּעכטצוג, האָט ער שטאַרק געאיילט, ווי אַ חדר-יונגעל, וואָס רייסט זיך שפּילען. אַז ער איז צוזאַמענגעקומען מיט׳ן געג-נער, איז ער אויף אים אָנגעפאַלען מיט דער גרעסטער היץ, אין צען מינוט צייט אָנגערירט אים אַ מאָל עלף און אים אַזוי איינ-געמאַטערט, אַז יענער האָט געמוזט בעטען אום רחמנות. דערנאָך

האָט ער זיך געפּעקט מיט פּוניזימאָנ׳ען און דערנאָך מיט זיין פּאַך-חבר, מיט אַמאָ״י מאַלדאַן.

דערנאָך האָט ער זיך געשטעלט אונטער אַ קאַלטען דוש און איבער זיין צוהיצטען לייב איז אַדורכגעגאַנגען אַ קעלט, וואָס האָט אים דערמאָנט, ווי ער פּלעגט אַמאָל אין די יונגעליאָרען אי-בערראַשען די בעלי-הבתים פון די פּאַריזער פּאָרשטעטלעך, שפּעט אין הערבסט אַראָבוואַרפענדיג זיך מיט׳ן קאָפּ אַראָב פון די ברי-קען אין סענע אַריין.

—דו ווערסט מיטאָגען דאָ?—האָט אים מאַלדאַן געפרעגט.

—יאָ.

—מיר האָבען שוין בעשטעלט אַ טיש: איך, ליוועֶרדי, ראָק-דיאַן און לאַנדאַ. מאַך עס שנעל, איצט איז אַ פּערטעל אַכט.

אין עסזאַל, קאָפּ אויף קאָפּ מיט מענשען, איז געווען רוישיג.

דאָ זענען געווען די אַלע פון דער פּאַריזער האַלבער נאַכט: לעדיגגעהער און געשעפטמאַכער, די אַלע, וואָס ווייסען נישט, וואו זיך אַהינצוטאָן נאָך זיבען אַ זייגער אין אָוועֶנד און געהען מיטאָגען אין קלוב מיט דער האָפנונג, טאָמער וועט זיי אַ צופעליגע בעגעגעניש געבען אַ מעגליכקייט צוצוטשעפּען זיך צו עפּיס אָדער צו עמיצען.

אַז די פינף חברים האָבען זיך געזעצט פּאַר׳ן טיש, האָט דער באַנקיר ליוועֶרדי, אַ שטאַרקער געזעצטער מאַן פון אַ יאָר פערציג, געזאָגט בערטענ׳ען:

—היינט זיצט אין אייך באמת אַ שד.

דער קינסטלער האָט געענטפערט:

—יאָ, היינט זענען מיר געלונגען מאָדנע זאַכען.

אַלע האָבען זיך פונאַנדערגעלאַכט, און דער פייזאַזשיסט אַמאָרי מאַלדאַן, אַ קליין דאַר מענשעלע מיט אַ גרוי בערדעל, האָט געזאָגט מיט אַ קלוגען שמייכעל:

—יאָ, אין אַפּריל פיהל איך אויך, ווי עס לעבען-אויף די יונגעלשע כחות. זיי שלאָגען-אַרויס פון מיר עטליכע נייע בלע-טעלעך, ביי אַ האַלבע טוץ אַנ׳ערך, און איך בין פול מיט גע-

פיהלאויפרעגונגען. אָבער דאָס אַלץ ענדיגט זיך מיט גאָרנישט.

מאַרקיז דע-ראָקדיאַן און גראַף דע-לאַנדאַ האָבען זיך בע-צויגען צו אים מיט מיטלייד. זיי זענען געווען עלטער פאַר אים, אָבער דאָס סאַמע פּראַקטישעסטע אויג וואָלט נישט געקאָנט בע-שטימען זייער עלטער. אַלטע ספּאָרטסמענער, רייטער און פעכ-טער, האָבען זיי דורך שטענדיגע איבונגען צוגעגעבען זייער קער-פּער די בויגזאַמקייט פון שטאָל און האָבען זיך בערימט, אַז זיי זענען אין אַלע פּרטים יונגער פאַר די אָבגעשוואַכטע פאַצעטלעך פון דעם היינטיגען יונגען דור.

ראָקדיאַן האָט געהערט צו אַ גוטער פאַמיליע, און האָט בעזוכט אַלע אויפנאַמצימערן, אָבער מען איז אים חושד-געווען אין פערשידענע טונקעלע געלדאַפּערעס, וואָס איז, לויט בערטענס מיינונג, געווען גאַנץ פערשטענדליך, מחמת ער האָט אַזויפיל צייט גע'פטר'ט אין די שפּילהייזער. ער האָט געהאַט אַ ווייב און נישט געלעבט מיט איר, בעקומען פון איר אַ רענטע, זיך בעטיי-ליגט אין די פערוואַלטונגען פון בעלגישע און פּאָרטוגאַלישע בענק, און בעזיצענדיג אַנ'ענערגיש געזיכט פון אַ דאָן-קיכאָט, האָט ער זיך געסטאַרעט צו טראָגען הויך זיין עטוואָס צוטראָטענעם שם פון אַ דזשענטעלמען, וואָס איז גרייט אויף אַלץ, און פון צייט-צו-צייט האָט ער געקאָנט ריינוואַשען די אַלע פלעקען פון זיין עבר דורכ'ן פערגאָסענעם בלוט אויף אַ דועל.

גראַף דע-לאַנדאַ, אַ שענער ריז, וואָס איז שטאָלץ מיט זיין וואוקס און ברייטע אַקסלען, האָט געהאַט אַ ווייב און צוויי קינדער, און, נישט-געקוקט דערויף, האָט ער קוים געקאָנט פועל'ן ביי זיך צו מיטאָגען כאָטש אַ מאָל דריי אין דער וואָך ביי זיך אין שטוב; אין די איבעריגע טעג פלעגט ער נאָכ'ן סעאַנס אין פעכטזאַל פערבלייבען אין קלוב אינ'ם קרייז פון זיינע פריינד.

—דער קלוב,—פלעגט ער זאָגען—איז אַ פאַמיליענהויז, אַ פאַמיליענהויז פאַר די-יעניגע, וואָס האָבען עס נישט, פאַר די-יעניגע, וואָס וועלען עס קיינמאָל נישט האָבען. דער קלוב איז אָבער אויך אַ פאַמיליענהויז פאַר די, וואָס זיי איז לאַנגוויילינ אין דער אייגענער פאַמיליע.

דער שמועס, וואָס האָט בעריהרט פֿרויען, האָט זי איבערנעקויקעלט פֿון אַנעקדאָטען צו זכרונות, פֿון זכרונות צו בעריםעריי, סאַמע ביז אינטימע נישט־בעשיידענע מעשיות.

דער מאַרקיז האָט נישט אָנגערופֿען זיינע וועלטליכֿע געליבטע, מען זאָל זיי לייכֿטער קאָנען כֿאַפּען דורך זיינע אויספֿירליכֿע שילדערונגען. דער באַנקיר ליוועדי האָט זיי אָנגערופֿען מיט די נעמען און דורכֿגעלאָזט בלויז די פֿאַמיליעס. ער האָט דערצעלט: „איך בין דעמאָלט געשטאַנען אין נאָנטע בעציהונגען מיט דער פֿרוי פֿון אַ דיפּלאָמאַט. איינמאָל, אין אָווענד, בשעת איך האָב מיך צושיידט מיט איר, האָב איך איר געזאָגט: מיין טייערע מאַרגאַריטע”... ער איז פּלוצלונג אַנטשוויגען געוואָרען, און אַלע האָבען געשמייכעלט; דערנאָך האָט ער געזאָגט: „אַך, איך האָב פֿערגעסען! מען האָט בעדאַרפֿט מאַכֿען פֿאַר אַ כּלל, אַז אַלע פֿרויען זאָלען הייסען ביי אונז סאָפֿיע”.

אָליוויע בערטען האָט זיך אין אַזוינע פֿאַלען שטענדיג געהאַלטען בעשיידען, און אַז מען האָט אים פֿונאַנדערגעפֿרעגט, האָט ער געזאָגט:

— איך בענוגען זיך מיט מיינע מאָדעלען.

האָבען אַלע געמאַכֿט אַנ׳אָנשטעל, אַז זיי גלויבען אים, נאָר לאַנדאַ, וואָס האָט ליב געהאַט גאַסענפֿרויען, האָט זיך אָנגעצונדען ביים געדאַנק וועגען די אַלע ליבע שריים, וואָס די קינסטלער קלויבען־צונויף אויף די טראָטואַרען פֿון פּאַריז, וועגען די אַלע שענע מיידעלעך, וואָס טוען זיך אויס נאַקעט פֿאַר׳ן קינסטלער פֿאַר צען פֿראַנק אַ שעה.

פֿון די אויסגעלעדיגטע פֿלעשער זענען די פּנימ׳ער ביי די זקנים, ווי די יונגע מיטגלידער פֿון קלוב פֿלעגען זיי רופֿען, רויט געוואָרען, די פֿערלאַנגען, אונטערגעוואַרימט דורכֿ׳ן ווייַן, האָבען זיך אַלץ מער געשטאַרקט און אַלץ מער זיי צוהיצט.

ראָקדיאַן האָט נאָכֿ׳ן קאַווע אָנגעהויבען אָפֿענער צו ריידען, ער האָט פֿערגעסען אָן די אַריסטאָקראַטישע פֿרויען און אָנגעהויבען לויבען פּשוט׳ע קאָקאָטקעס.

— פּאַריז, — האָט ער געזאָגט — דאָס איז די איינציגע שטאָט,

וואו דער מאַנסביל ווערט נישט אַלט, די איינציגע שטאָט, וואו אַ פינפאונפופציגיעריגער מאַנסביל, אויב ער איז נאָר שטאַרק און נישט אָבגעלאָזען, וועט שטענדיג געפינען אַן׳אַכטצעניעריג מיי־דעלע, שען ווי אַ מלאכ׳ל, וואָס וועט אים ליב האָבען.

לאַנדאַ האָט אים שטאַרק אונטערגעהאַלטען און פערזי־כערט, אַז בלויז נאָכ׳ן ליקער דערקאָנט ער זיין ראָקדיאַנ׳ען און האָט איבערגעצעלט די אַלע יענע מיידלעך, וואָס פערגעטערן אים נאָך איצט.

אָבער ליוועריי, געשטימט מער סקעפּטיש, וואָס האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ גרויסען מבין אויף פרויען און אויף דעם, וואָס זיי זענען ווערט אין דער׳אמת׳ן, האָט אַרויסגעמורמעלט:

—יאָ, אייך זאָגען זיי געוויס, אַז זיי פערגעטערן אייך.

—זיי האָבען עס מיר דערוויזען, מיין ליבער—האָט לאַנ־דאַ דערויף געענטפערט.

—דידאָזיגע בעווייזען זענען ביי מיר אַ סך ווערט.

—פאַר מיר זענען זיי גענוג.

—אָבער זיי טראַכטען גאָרנישט פון דעם, דער רוח זאָל דאָס נעמען!—האָט אויסגעשריען ראָקדיאַן—מיינט איר דען, אַז אַ שענע צוואַנציגיעריגע חצופה, וואָס זינדיגט שוין אַ יאָר פינף־זעקס דאָ, אין פּאַריז, וואו אַזויפיל מענער האָבען שוין בעוויזען צו דערוועקען און קאַליע מאַכען איר דעם געשמאַק צו קושען—צי מיינט איר דען, אַז אַזאַ וועט מאַכען אַנ׳אונטערשייד צווי־שען אַ דרייסיגיעריגען און אַ זעכציגיעריגען מאַנסביל? נאַריש־קייטען! זי האָט צו-שטאַרק געלעבט און צופיל געזעהן, און איך בין גרייט צו געהן אין געוועט, אַז טיף ביי זיך אין הארצען האָט זי באמת מער ליב דעם אַלטען באַנקיר, איידער דעם יונגען טויגעניכטס. און האָבען דאָ דען מענער אַנ׳עלטער? עך, מיין פריינד, אַ נאַש-בראַט ווערט יונגער, גרוי-ווערענדיג, און וואָס גרויער מיר ווערען, אַלץ מער פערזיכערט מען אונז אין זייער ליבע, אַלץ מער ווייזען זיי עס אונז אַרויס און אַלץ מער גלוי־בען מיר אַליין דערין.

האָבען זיי זיך אויפגעהויבען פון טיש רויטע און צוהיצטע

פונ׳ם אַלקאָהאָל, גרייט אויף אַלערליי פּאַסירונגען און זיכערע אין אַ נצחון. בערטען האָט פאַרגעלעגט צירק, ראָקדיאַן פערדענספּאָרט, מאַלדאַן—דאָס שענקעל גן-עדן. נאָר פלוצלונג האָבען זיך דער-טראָגען ווייטע פערשטיקטע קלאַנגען פון אָנגעשטעלטע פידלען.

—איר הערט? האָבען מיר, הייסט עס, היינט מוזיק אין קלוב?—האָט געזאָגט ראָקדיאַן.

—יאָ,—האָט געענטפערט בערטען—ווֶעלען מיר אפשר נאָך וואַרטען ביי אַ פערטעל שעה?

—קומט:

זיי זענען אַוועק דורכ׳ן עסצימער, דורכ׳ן בילאַרדענצימער, דורכ׳ן שפּילזאַל און אַריינגעפאַלען אין עפּיס אַ מין לאָזשע, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען איבער דער גאַלעריי פון די מוזיקאַנטען. פיר הערן, ברייט אויסלעגענדיג זיך אין די לענשטולען, האָבען שוין דאָ געוואַרט אויף מוזיק מיט ערנסטע פּנים׳ער, און אונ-טען, צווישען די לעדיגע שורות שטולען, האָט זיך געזעהן נאָך ביי אַ צענדליג מענשען, וואָס האָבען געשמועסט צווישען זיך, זי-צענדיג און שטעהענדיג.

דער דיריזשאָר האָט אָנגעקלאַפּט מיט׳ן סמיטשיק אין פּיו-פּיטער. דער קאָנצערט האָט זיך אָנגעהויבען.

אָליוויע בערטען האָט פערגעטערט מוזיק, ווי מען פערגע-טערט אָפּיום; די מוזיק האָט אים איינגעהילט אין חלומות.

באַלד ווי ער האָט דערהערט דעם שטראָם פון קלאַנגען, וואָס האָט זיך געטראָגען פון אָרקעסטער, האָט אים בעהערשט עפּיס אַ נערווענפער׳שכור׳ונג, וואָס האָט צוגעגעבען אַנ׳אונגעוועוענ-ליכע פיהלבאַרקייט זיינע קערפּערליכע און גייסטיגע קרעפטען. די פאַנטאַזיע, אָנגעזאָפּט מיט מעלאָדיעס, האָט זיך אָהן אַנ׳אויפ-האַלט געטראָגען צווישען האַרציגע געדאַנקען און זיסע טרוימען. ער האָט פערמאַכט די אויגען, פערלעגט אַ פוס אויף אַ פוס, מאַכטלאָז אַראָבגעלאָזט די הענט און געהערט קלאַנגען און גע-זעהן בילדער, וואָס האָבען זיך אים אין דמיון פאַרבייגעטראָגען פאַר די אויגען.

דער אָרקעסטער האָט געשפּילט היידענס אַ סימפאָניע, און

דער קינסטלער, באַלד ווי אים האָבען זיך צוגעמאַכט די אויגען, האָט פון דאָסניי דערזעהן דעם בולאָנער וואַלד, אַ ים עקיפּאַזשען און נעבען זיך, אין לאַנדאָ, די גרעפין און איר טאָכטער. ער האָט געהערט זייערע שטימען, אַריינגעדרונגען אין זייער שמועס, געשפּירט די בעוועגונג פון לאַנדאָ, אַריינגעאָטעמט די לופט, וואָס איז געווען אָנגעטרונקען מיט'ן ריח פון יונגען גרינוואַרג.

דריי מאָל האָט דער שכן, וואָס האָט אָנגעהויבעןריידען, איבערגעריסען אים דידאָזיגע וויזיע און דריי מאָל האָט זי זיך אָנגעהויבען פון דאָסניי, ווי עס בעגייען זיך נאָך אַ נסיעה אויפ'ן ים די איבעל-שפּירונגען, בשעת דו לעגסט זיך אַריין אין אַ רו-היגען בעט.

דערנאָך האָט זיך די וויזיע פערברייטערט, זיך פערוואַנ-דעלט אין אַ לאַנגער רייזע און דערביי זענען צוויי פרויען גע-זעסען קעגען אים, דאָ אין אַ וואַגאָן פון אייזענבאַן, דאָ ביי אַ מיטאָגטיש ערגיץ אין אַ האָטעל. און די גאַנצע צייט, וואָס די מוזיק האָט געדויערט, האָבען אים אויף אַזאַ אַרט בעגלייט די-דאָזיגע פרויען, פּונקט וויביידענס געשטאַלטען וואָלטען זיך פאַר דער צייט פונ'ם שפּאַציר אונטער דער העלער זון אָבגע-שטעמפּעלט אין דער טיפעניש פון זיין אויג.

געוואָרען שטיל, דערנאָך אַ גערויש פון פונאַנדערגערוקטע שטולען און די קלאַנגען פון מענשליכע שטימען האָבען צווייט די חלומות, אין וועלכע ער איז געווען איינגעהילט, און ער האָט דערזעהן זיינע פיר חברים, וואָס האָבען געדרעמעלט אין נאַאי-ווע פאָזעס פון אויפמערקזאַמקייט און זענען איינגעשלאָפען.

—נו, וואָס נעמען מיר איצט פאַר? —האָט ער געזאָגט, פונאַנדערוועקענדיג זיי.

—איך וואָלט דאָ נאָך אַ ביסעל געשלאָפען—האָט ראָקדיאַן זיך מודה געווען.

—און איך אויך—האָט לאַנדאָ בעמערקט.

—נו, וועל איך געהן אַהיים, איך בין עטוואָס מיד.

פערקערט, אין דער'אמת'ן האָט ער געפיהלט אַ גרויסען צופלוס פון קרעפטען, אָבער ער האָט געוואָלט אַוועקגעהן און

דערמיט אויסמיידען דעם פינאַל פון די געוועגליכע קלובאָווענ-דען ביים גרינעם טיש.

ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים, און אויף מאָרגען, נאָך אַ נאַכט פון נערוועזאויפרעגונג--נאָך איינער פון יענע נעכט, וואָס דערפירען דעם קינסטלער צו אַ צושטאַנד פון הויכער רוחניות׳-דיגער אַקטיוויטעט, וואָס ווערט אָנגערופען בעגייסטערונג—האָט ער בעשלאָסען אין ערגעץ נישט צו געהן און אַרבייטען ביז׳ן אָוועגד.

געווען אַ שענער טאָג, איינער פון יענע געלונגענע טעג, ווען די געדאַנקען לויפען אַליין אַראָב צו דער האַנט און זע-צען זיך אויפ׳ן לייוועגט.

פערשלאָסען די טיר, דערווייטערט פון דער גאַנצער וועלט, אין דער זיסער שטילקייט פון דער אַטעליע, אין דער מנוחה פון אַ וואוינונג, וואָס איז פאַר אַלעמען פערשלאָסען, מיט גלאַנציגע אויגען, מיט אַ קלאָרען קאָפּ, אויפגעלעגט און שפירענדיג אין זיך עפּיס אַ מאָדנע לייכטקייט, האָט ער געגאָסען יענס גליק, וואָס ווערט געגעבען בלויז אַרטיסטען צו שאַפען זייער ווערק. אין דידאָזיגע אַרבייטס-שעה׳ן האָט פאַר אים קיין זאַך נישט עק-זיסטירט, אויסער׳ן שטיקעל לייוועגט, וואָס האָט געבוירען אַ בילד אונטער דער צערטליכער צורירונג פון זיין פינזעל; בשעת אים פלעגט בעפאַלען אַזאַ פּראָדוקטיווע שאַפונגסשטימונג, האָט ער געפיהלט אַ מאָדנע און אַ מהיה׳דיגע שפירונג פון לעבען, וואָס האָט זיך אַריבערגעגאָסען איבער די ברעגען. אין אָוועגד האָט ער זיך געשפּירט צובראָכען, ווי נאָך אַ שטאַרקער פיזישער איינ-מאַטערונג און ער האָט זיך געלעגט שלאָפען מיט׳ן אָנגענעמען געדאַנק וועגען מאָרגענדיגען פרישטיג.

דער טיש איז געווען פערשטעלט מיט בלומען, דער מעניו, אויפמערקזאַם צוזאַמענגעשטעלט צוליב פרוי דע-הילערואַ, וואָס איז געווען אַ שטאַרקער מבין אין עסען-ענינים. נאָך אַנ׳ענערגי-שען, אָבער אַ קורצען ווידערשטאַנד, האָט דער קינסטלער גע-צוואונגען זיינע בעזוכערינס אויסצוטרינקען שאַמפּאַניער.

—דאָס מיידעלע האָט זיין שכור!—האָט געזאָגט די גרעפין.

—אָבער גאָט מיינער! מען דאַרף דאָך אַמאָל אָנהויבען— האָט די הערצאָגין נאָכגעגעבען.

אַריינגעהענדיג צוריק אין אַטעליע, האָבען זיך אַלע געשפירט עטוואָס אויפגעמונטערט דורך יענער לייכטער פרייד, וואָס פון איר וואַקסען-אויס פליגלען אויף די פיס און זיי הויבען אונז אויף פון דער ערד.

די גרעפין און די הערצאָגין, וואָס האָבען נאָך בעדאַרפט זיין אויף דער זיצונג אין קאָמיטעט פון „פראַנצויזישע מוטערס", האָבען געוואָלט אָבפירען דאָס יונגע מיידעל אַהיים, איידער זיי וועלען אַוועק אויף דער זיצונג, אָבער בערטען האָט פערלאַנגט דורכשפּאַצירען זיך מיט איר און דערנאָך וועט ער זי אָבפירען אַהיים. זיי זענען אַרויס צוזאַמען.

—קומט מיט דעם סאַמע ווייטסטען וועג—האָט זי געזאָגט.

—ווילסט אפשר אַ ביסעל שפּאַצירען איבער'ן מאָנסאָפּאַרק? דאָס איז זעהר אַ ליב ווינקעלע: קינדער מיט ניאַנקעס וועלען מיר דאָרט זעהן.

—איך וויל זעהר.

מיט דער וועלאַסקעצגאַס זענען זיי דערגאַנגען ביז דעם מאַסיווען, געפלאָכטענעם און בעגולטען פּאַרקאַן, וואָס האָט אָבגעצוימט און בע'חנ'ט דעמדאָזיגען רייצענדיגען און עלעגאַנטען פּאַרק, וואָס האָט אין סאַמע מיטען שטאָט געלויכטען מיט דער געקינסטעלטער שענקייט פון זיין גרינוואַרג, אַרומגעגאַרטעלט מיט פּרעכטיגע בנינים.

ביי די ברייטע אַלעען, אויסגעלעגט מיט בעדאַכטע ליניעס צווישען לאָנקעס און בוימער, זענען אויף אייזערנע שטולען געזעסען מענער און פרויען, וואָס האָבען בעטראַכט די פאַרבייגעהענדיגע, און אויף די קלייניטשקע שטעגעלעך, וואָס האָבען זיך געשלענגעלט אין שאָטען, ווי שטראָמעלעך, האָבען זיך גרופּעס קינדער געגראָבען אין זאַמד, אַרומגעלאָפען, געשפּרונגען איבער אַ שטריקעלע אונטער דער נאַכלעסיגער השגחה פון די ניאַנקעס אָדער אונטער די אונרוהיגע בליקען פון די מאַמעס. גרויסע בוימער, אויבען געוועלבט, פונקט ווי דענקמעלער, אויפגעשטעלט פון

בלעטער, ריזיגע קאַשטאַנענבוימער, וואָס די בלעטער זייערע האָבען פון ווייטען געקוקט מיט רויטע און ווייסע פלעקען פון די בליהונגקרענצלעך; זעלטענע פייגענבוימער, דעקאָראַטיווע פּלאַטאַנבוימער מיט זייערע קונציג-געבויגטע שטאַמען האָבען בעשענט די כוואַליענדיגע גאַזאָנען, וואָס האָבען געצויגען מיט זייערע פּערספּעקטיוועו.

געוועז הייס, פויגעל האָבען זיך בעהאַלטען אין די בלעטער, איבערגעפלויגען פון איין שפּיץ בוים צו אַ צווייטען, נאָר די ווערבייטשיקעס האָבען זיך געבאָדען אונטער'ן רעגענבויגען פון וואַסערשטויב פון די פאָנטאַנען, וואָס האָבען אָבגעפרישט די שענע גראָזען. די ווייסע סטאַטועס אויף זייערע פּיעדעסטאַלען האָבען זיך אַזוי ווי געקוויקט מיט דעם קילען שאָטען פונ'ם גרינוואַרג. אַ מאַרמאָריונגעלע האָט אַרויסגעשלעפּט פון פוס אַ שטראָם, פונקט ווי ער וואָלט זיך פערשטראָמט בשעת ער האָט זיך געיאָגט נאָך דיאַנע'ן, וואָס איז אַנטלאָפען דאָרט, אַהין, צו דער קליינינשקער אָזערע, אַרומגערינגעלט פון בוימער, צווישען וועלכע עס ליגען פערבאָרגען רואינען פון אַ קירך.

אַנדערע סטאַטועס, פערליבטע אָדער קאַלטע, האַלזען זיך ביים ברעג פון אַ גרינער וואַנט אָדער זיי טרוימען, אַרומכאַפּענדיג מיט איין האַנט אַ קני. איבער שענע פעלזען שוימט און קוויקעלט זיך אַ וואַסערפאַל. דער צוקאַלעטשעטער בוים, וואָס שטעהט דערביי און איז ענליך צו אַ קאָלאָנע, איז איינגעהילט אין נאַסען מאָך.

אין אָט דעם געקינסטעלטען שענעם ווינקעלע געהען די שטאָטלייט קוקען אויף בלומען, אויסגעהאָדעוועט אין שפּעקטען, און זיי קוויקען זיך דאָ אַזוי מיט אַ פאָרשטעלונג, וואָס די שענע נאַטור גיט זיי דאָ, אין סאַמע צענטער פון פּאַריז, ווי מען קוויקט זיך מיט אַ פאָרשטעלונג אין טעאַטער.

שוין אַ סך יאָרען, ווי אָליוויע בערטען געהט כמעט טעגליך אַדורך אָט דאָס געליבטע ווינקעלע, צו אָבסערווירען די פּאַריזערינס, וואָס בעוועגען זיך דאָ אין זייערע שטענדיגע רעמע-

לעך. „אָט דער פּאַרק איז בעשאַפען פאַר שענע טואַלעטען— פלעגט ער זאָגען.—מענשען, וואָס זענען שלעכט אָנגעטאָן, מאַ-כען דאָ זעהר אַ שלעכטען איינדרוק”. און שעה'ענווייז פלעגט ער אַרומבלאָנקען איבער'ן פּאַרק; ער האָט געקאָנט אַלע פלאַנצונגען און אַלע שטענדיגע פּאַרקגעסט.

ער איז געגאַנגען איבער די אַלעען נעבען צַינעט און זיך געווײלט מיט'ן פאַרביגען און רוישיגען לעבען פון פּאַרק.

—אַך, ווי שען!—האָט זי אויסגעשריען!

זי האָט זיך געקוויקט מיט אַ קליין יונגעלע מיט העל-בלאָנדע האָר אין קרייזעלעך, וואָט האָט פערוואונדערט און ענט-ציקט אויפגעהאַנגען אויף איר זיינע בלויע אויגלעך.

דערנאָך האָט זי זיך פערקוקט אויף אַנדערע קינדער, און דאָס פערגעניגען, וואָס איר האָבען פערשאַפט דידאָזיגע לעבעדי-גע ליאַלקעס, געפוצט אין בענדער, האָט איר געמאַכט ריידעוו-דיגער און האַרציגער.

לאַנגזאַם איז זי געגאַנגען און מיטגעטיילט בערטען'ען אי-רע בעמערקונגען וועגען די קינדער, זייערע גיאַנקעס און מאַ-מעס. אַז זי פלעגט דערזעהן דיקע קינדער, פלעגט זיך ביי אי-אַרויסרייסען אַנ'אויסגעשריי פון שמחה, ביי פערמוטשעטע מאָגע-רע קינדער פלעגט זי אויפציטערן.

ער האָט געהאָרכט און מיט איר גופא זיך מער געווײלט, איידער מיט די עופּעלעך און גלייכצייטיג האָט ער נישט פער-געסען אָן די טעמען פון זיינע בילדער און טיילמאָל אויסגערו-פען: „דאָס איז גרויסאַרטיג!” געטראַכט האָט ער וועגען דעם, אַז מען האָט בעדאַרפט אייגענטליך מאַכען אַ סקיץ פון אַ פּאַרק-ווינקעלע מיט אַ גרופּע אַמען, מוטערס און קינדער. ווי אַזוי איז עס אים פריער נישט געקומען אין קאָפּ אַריין?

—האָסט ליב קינדוואַרג?

—איך פערגעטער זיי.

זעהענדיג, ווי זי קוקט אויף זיי, האָט ער געשפּירט, אַז זי האָט שטאַרקען חשק צו נעמען זיי אויף די הענט, צוטוליען צו זיך, צערטלען זי—אַנ'אינסטינקטיווער בעגער פון אַ קינפטיגער

מוטער; און אים האָט גע׳חדוש׳ט דערדאָזיגער געהיימער אינס-טינקט, וואָס איז געלעגען פערבאָרגען אין דעם פרויענקערפער.

ער האָט געזעהן, אַז זי האָט לוסט צו ריידען און ער האָט זי אָנגעהויבען פונאַנדערפרעגען. מיט אַ ליבער נאַאיווקייט האָט זי זיך מודה געווען אין אירע האָפנונגען אויף ערפאָלג און רום אין דער געזעלשאַפט, דערצעלט, אַז זי וואָלט וועלען האָבען שענע פערד, אויף וועלכע זי איז געווען אַ מבין נישט ערגער פון אַ פערדהענדלער, וואָרום דער פערדעגזאַוואָד האָט געשפּילט אַ היבשע ראָל אין דער ווירטשאַפט פון ראָנסיער. צו דער פראַגע וועגען איר קינפטיגען מאַן האָט זי זיך בעצויגען מיט דערזעלבער לייכטקייט, מיט וועלכער מען בעציהט זיך ביים אָנדינגען אַ בעקוועמע וואוינונג, וואָס מען קאָן שטענדיג געפינען צווישען דער מאַסע פרייע דירות.

זיי האָבען זיך דערנעענטערט צו דער אָזערע, וואו עס זענען שטיל אומגעשוואומען צווי שוואַנען און זעקס ענטלעך, רייַנע און אונבעוועגליכע, פּונקט ווי פאַרפאָרפויגעל פון קינדערשע צאַצקעס. זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי אַ יונגער פרוי, וואָס איז געזעסען אויף אַ שטול, שטאַרק פערטראַכט, די אויגען ברייט פונאַנדערגעעפענט און אויף די קני איז איר געלעגען אַנ׳אָפען בוך.

זי האָט זיך גאָרנישט בעוועגט, פּונקט ווי אַ וואַקספיגור. דאָס איז געווען נישט קיין שען און נישט קיין אָנגעזעהן מיידעל, מעגליך, אַ גובערנאַנטין, אָנגעטאָן בעשיידען, אָהן פרעטענזיעס געפעלען צו ווערען. עפּיס אַ פראַזע, עפּיס אַ וואָרט האָט זי פער׳כשופ׳ט און די פאַנטאַזיע האָט זי ווייט פערטראָגען. אָהן אַ ספק, אַז זי האָט אין גייסט פון אירע אייגענע פערלאַנגען און האָפנונגען ענטוויקעלט עפּיס אַ פאַסירונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין בוך.

בערטען איז געבליבען שטעהן פערוואונדערט.

—ווי גוט דאָס איז—האָט ער געזאָגט—אַזוי אָבצורייסען זיך פון דער ווירקליכקייט.

זיי זענען געגאַנגען פאַרביי איר, זיך פון דאָסניי אומגע-

קערט און ווידער פאַרבייגעגאַנגען, און זי האָט זיי אַלץ נישט בעמערקט — אַזוי ווייט איז זי געווען אַריינגעטאָן אין אירע חלומות.

דער קינסטלער האָט געזאָגט אַנעט'ן:

—הער-נאָר, קינד, דיר וואָלט זעהר לאַנגווייליג געווען צו פאָזירען פאַר מיר אַמאָל צי צוויי?

—אָ, ניין, פערקערט!

—טאָ קוק זיך גוט צו צום פריילײַן, וואָס איז אינגאַנצען אַריינגעטאָן אין דער וועלט פון חלומות.

—איר רעדט וועגען יענער, וואָס זיצט דאָרטען אויפ'ן שמול?

—יאָ. נו, ווערסטו זיך אויך אַזוי אַנידערזעצען אויף אַ שטול, פונאַנדערעפענען אַ בוך אויפ'ן שויס און טאָן אַזוי, ווי זי. האָסטו אַמאָל גע'חלומ'ט אויפ'ן וואָר?

—נו, געוויס.

—וועגען וואָס?

און ער האָט זיך געפּרובט אויסשפּירען אירע אינטימע טרוימען. אָבער זי האָט נישט געוואָלט ענטפערן און אָבגעגויגט די פראַגען. עס האָבען זי אינטערעסירט די קאָטשקעס, וואָס האָבען זיך געוואָרפען נאָך שטיקלעך ברויט, וואָס עפּיס אַ דאַמע האָט זיי געגעבען און זי האָט זיך געפיהלט נישט הענטיג, פּונקט ווי ער וואָלט איר אָנגערירט אַ קראַנק אָרט.

כדי איבערצובייטען די טעמע פונ'ם שמועס, האָט זי דערנאָך אָנגעהויבען דערצעלען פון איר לעבען אין ראָמסיער, דערצעלט פון איר באָבען, וועמען זי האָט אַלע טאָג אַ סך פאַרגעלייענט און עס בעדאַרף איר איצט זיין לאַנגווייליג און אומעטיג.

דער קינסטלער האָט זי אויסגעהערט און איהם איז געווען פרעהליך, ווי נאָך קיינמאָל נישט, לייכט און פרעהליך, ווי אַ פויגעל. אים האָט אויסגעוויזען טשיקאַווע אַלץ, וואָס זי האָט דערצעלט, אַלע קלייניגקייטען, אַלע געוועגליכע, סאַמע וואָכעדיגע פּרטים פון דעם מיידעלעס אונבעמערקט לעבען.

—לאָמיר זיך זעצען,—האָט ער געזאָגט.

זיי האָבען זיך געזעצט ביים וואַסער, אוןביידע שוואַנען האָבען אָנגעהויבען שווימען פאַר זיי, האָפענדיג, אַז מען וועט זיי עפּיס צו-וואַרפען.

בערטען האָט געפיהלט, ווי אין אים זענען אויפגעשטאַנען ערינערונגען, שוין לאַנג פערגעסענע; פּלוצלונג, אָהן שום סבה, זענען זיי אויפגעשטאַנען און אַזוי שנעל און אַזוי פערשידענאַר-טיג און דערביי אין אַזאַ געוואַלטיגער צאָל, אַז ער האָט גע-האַט אַ שפּירונג, פּונקט ווי אַ זייטיגע האַנט וואָלט זיי אויסגע-טרייסעלט פון זיין זכרון-קעסטעל.

ער האָט זיך געפרעגט, פאַרוואָס האָט עס אין אים פּלוצ-לונג גענומען אַזוי שלאָגען דאָס עבר׳דיגע לעבען—אַ זאַך, וואָס ער האָט שוין געזעהן און בעמערקט עטליכע מאָל, הגם נישט אין אַזאַ שאַרפער פאָרם, ווי היינט. שטענדיג איז עפּיס געווען אַ סבה פאַר דידאָזיגע אויפלעבונגען פונ׳ם עבר, אַ מאַטעריעלע אָ׳ער אַזוי אַ געוועגליכע סבה, עפּטער עפּיס אַ ריח, אַנ׳אַראָמאַט. וויפיל מאָל האָט דאָס קלייד פון אַ דורכגעהענדיגער פרוי, וואָס האָט אַ וועהע געטאָן אויף אים מיט פערפומען, געצוואונגען צו דערמאָנען אַ סך געשעהענישען, שוין אויסגעמעקטע פון זכרון, נישט-זעלטען האָט ער אַ טיילכעל פון זיין פריערדיגער עקזיס-טענץ געפונען אין אַ פערעלטערטען שניט פון עפּיס אַנ׳אַלטען קאָסטיום; און די אַלע פאַרבייגעגאַנגענע ריחות, די ריחות פון גאַס, פון פעלדער, הייזער. מעבעל, אָנגענעמע און אָבשטויסענ-דיגע, וואַרימע ריחות פון אַ זומערווינד, קאַלטע פון אַ ווינטער-נאַכט, האָבען דערוועקט אין אים ווייטע ערינערונגען, פּונקט ווי דידאָזיגע ריחות וואָלטען פערבעהאַלטען אין זיך אין אַ באַלזאַ-מירטער פאָרם דאָס אַלץ, וואָס איז אויסגעשטאָרבען, ווי די אַראָ-מאַטאיילען פערבעהאַלטען און היטען-אָב די מומיעס.

וואָס פאָרט האָט איצט געוועקט אין אים דאָס פערגאַנגע-נע? די פּייכטע גראָזען, די בליהונג פון קאַשטאַנענבוימער? ניין. יואָס-זשע פאָרט! אפשר דאָס, וואָס ער האָט געזעהן, האָט אַרויסגערופען אַלטע שאָטענס? נאָר וואָס האָט ער געזעהן?

גאָרנישט. עס האָט זיך געוויס געקאָנט טרעפען, אַז איינע פון די אָנבעגעגענטע פרויען זאָל זיין ענליך צו אַ געשטאַלט פון די אַלטע טעג און דיראָזיגע ענליכקייט, וואָס איז אפשר נישט דער־גאַנגען צו זיין בעוואוסטזיין, האָט אָבער דאָך דערוועקט די אַלע סטרונעס פונ׳ם עבר.

צי איז עס אפשר נישט געווען אַמאָל אַ קלאַנג? זעהר אָפט פלעגט אַ צופעליג-דערפלויגענער קלאַנג פון אַ קלאַוויר, פון אַ׳-אונבעקאַנטער שטים, אפילו פון אַ גאַסענשאַרמאַנקע אים צווינגען מיט אַמאָל יונגער צו ווערען אויף אַ צוואַנציג יאָר און פון דאָס־ביי בעלעבט פערגעסענע געפיהלען.

אָבער דאָך האָט ער געפיהלט, אַז דער קלאַנג פון ערי־נערונגען געהט ווייטער, נאָכאַנאַנד, פערבאָרגען און רעגט כמעט אויף. נאָר וואָס אַזוינס איז געווען פאַר אים און אַרום אים, וואָס זאָל קאָנען אויף אַזאַ אַרט בעלעבען זיינע פערלאָשענע גע־פיהלען?

—עס ווערט עטוואָס קילער—האָט ער געזאָגט—לאָמיר געהן ווייטער.

זיי האָבען זיך אויפגעהויבען און אַוועק.

ער האָט געקוקט אויף די אָרימע, וואָס זענען געזעסען אויף בענקעלעך און וואָס אָנדינגען אַ שטול איז פאַר זיי געווען אַ צו-גרויסע הוצאה.

אַנעט האָט זיך איצט אויך צוגעקוקט צו זיי, אינטערעסירט זיך מיט זייער לעבען און אַרבייט, זיך געוואונדערט דערויף, וואָס זיי האָבען אַזאַ נעבעכדיג אויסזעהן און זיצען מיט צוזאַ־מענגעלעגטע הענט אין אַזאַ רייצענדיגען עפענטליכען גאָרטען.

און נאָך שטאַרקער, איידער מיט אַ מינוט צוריק, זענען אין אָליוויעס נשמה אויפגעשטאַנען זכרונות פון פערגאַנגענע יאָרען, פונקט ווי עפיס אַ פליג וואָלט זיך געשלאָגען אַרום אים, אָנפי־לענדיג זיינע אויערן מיט אַ ווייטען זשומען, אָנפילענדיג זיינע אויערן מיט אַ ווייטען קלאַנג פון פערגאַנגענע טעג.

דאָס יונגע מיידעל, וואָס האָט עס בעמערקט, האָט גע־פרעגט:

—וואָס איז עס מיט אייך? איר זענט אַזוי ווי טרויעריג.

און ער האָט אַ ציטער געטאָן פון קאָפּ ביז די פיס. ווער האָט עס געזאָגט? זי אָדער איר מוטער? נישט מיט דעם איצטיגען קול, נאָר מיט יענעם, וואָס זי האָט אַמאָל געהאַט און וואָס האָט זיך אַזויפיל געענדערט, אַז ער קאָן איהם קוים דערקאָנען.

ער האָט געענטפערט, שמייכלענדיג:

—מיט מיר? גאָרנישט. מיר איז גוט מיט דיר: דו ביזט אַזוי ליב, דו דערמאָנסט מיר דיין מוטער.

און ווי אַזוי האָט ער עס פריער נישט דערקאָנט דעמדאָזיגען מאָדנעם ווידערקול פון אַמאָל, אַזאַ גוט-בעקאַנטען לשון, וואָס איז איצט אַרויס פון אַנדערע ליפּען.

—רייד נאָך,—האָט ער געבעטען.

—פון וואָס?

—דערצעל מיר, ווי אַזוי האָבען דיך געלערנט דיינע לערערינס. האָסט זיי ליב געהאַט?

זי האָט פון דאָסניי אָנגעהויבען ריידען.

און ער האָט זי געהערט, אַרומגעכאַפּט מיט אַ שטייגענדיגער אויפרעגונג; ער האָט געהיט, געכאַפּט צווישען די פראַזען פון דעמדאָזיגען מיידעל, וואָס איז איהם כמעט פרעמד געווען, ווערטער, קלאַנגען, געלעכטעראינטאָנאַציעס, וואָס האָבען געהערט נישט איר, נאָר איר מוטער אין די יונגע יאָרען און וואָס זענען פערבעהאַלטען געוואָרען ביז איצט. מאַנכע אינטאָנאַציעס האָבען איהם געצוואונגען אויפצוציטערן פון פערוואונדערונג. אמת, אין זייער אַרט ריידען איז געווען אַנ׳אונטערשייד און אַזאַ בעדייטענדער, אַז בערטען האָט נישט מיט אַמאָל געקאָנט אויפכאַפּען די ענליכקייט; אָבער גראָד צוליב דעמדאָזיגען אונטערשייד האָבען איהם נאָך שטאַרקער צוטרייסעלט די פּלוצלונגע אינטאָנאַציעס פון דער מוטער אין דעם מיידעלס לשון. ביז אַהער האָט ער בלויז מיט אַ פריינדליכען און טשיקאַווען בליק בעמערקט די ענליכקייט פון זייערע געזיכטער. נאָר איצט האָט דער סוד פון דעמדאָזיגען צוריק-אויפגעלעבטען קול אויף אַזויפיל זיי צונויפגע-

אין איין גאַנצען, אַז ווען ער זאָל זיך אָבקערן אין אַ
ווײַס און נישט זעהן דאָס יונגע מיידעל, וואָלט ער מאָמענטען-
ווייז זיך געפרעגט, צי רעדט עס אים נישט די גרעפין מיט אַ
צוועלף יאָר צוריק ?

און דערנאָך, בשעת ער איז געווען אַרומגעכאַפּט מיט דער
האַלוצינאַציע פון דערדאָזיגער ערינערונג און זיך אָבגעקערט צו
איר, אַנטרעפענדיג זיך מיט איר בליק, האָט ער, ווי אונטער׳ן
בליק פון איר מוטער אין דער ערשטער צייט פון זייער ליבע,
אויף אַ רגע כמעט פערלאָרען דאָס בעוואוסטזיין.

שוין דריי מאָל זענען זיי אַדורכגעגאַנגען דעם פּאַרק, יע-
דעס מאָל אַדורכגעגאַנגען פאַרביי דיזעלבע פּנים׳ער, דיזעלבע
ניאַנעס, דיזעלבע קינדער.

איצט האָט אַנעט בעטראַכט די הייזער, וואָס האָבען אַרום-
גערינגעלט דעמדאָזיגען גאָרטען און זיך נאָכגעפרעגט, ווער עס
וואוינט אין זיי.

זי האָט געוואָלט וויסען וועגען די אַלע מענשען און זיך
פונאַנדערגעפרעגט מיט שטאַרקער נייגיריגקייט ; גיריג האָט די
פרוי אין איר איינגעשלונגען די אַלע ידיעות. איר געזיכט, בע-
לעבט מיט שטאַרקען אינטערעס, האָט שאַרף אָנגעקוקט בער-
טען׳ען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט געהערט נישט בלויז
מיט די אויערן, נאָר אויך מיט די אויגען.

נאָר אַז זיי זענען צוגעגאַנגען צום פּאַוויליאָן, וואָס האָט
זיך געפונען צווישען צוויי אויסגאַנגען צו דעם אויסערליכען בול-
וואַר, האָט בערטען בעמערקט, אַז עס האָט געשלאָגען פיר אַ
זייגער.

—אָהאָ !—האָט ער געזאָגט—צייט צו געהן אַהיים.

ער האָט זיך געשיידט מיט׳ן יונגען מיידעל און אַוועק צום
פּלאַץ איינזאַמקייט, וואו ער האָט בעדאַרפט מאַכען אַ וויזיט
אויף דער אַנדערער זייט פון דער סענע.

ער האָט שטיל צוגעזונגען, לויפען האָט זיך אים געוואָלט
שפּרינגען איבער בענק—אַזויפיל בייע כחות האָט ער אין זיך
דערשפּירט. פּאַריז האָט אים אויסגעוויזען שטראַלענדיגער. די

צענדיגער, ווי אַנ׳אַנדערש מאָל. „און טאַקי—האָט ער געטראַכט—פרילינג מאַכט אַלץ און אַלעם יונג.

ער האָט איבערגעלעבט איינע פון יענע שעה׳ן, בשעת דער אויפגערעגטער שכל נעמט אַלץ אַרום מיט גרויס תענוג, בשעת דאָס אויג זעהט בעסער, ווערט אַזוי ווי איינדרוקספּעהי-גער און שאַרפער, בשעת די שמחה צו זעהן און צו פיהלען לאָזט זיך שטאַרקער שפּירען, פונקט ווי אַנ׳אַלמעכטיגע האַנט וואָלט בעפרישט אַלע פאַרבען פון דער ערד, וואָלט בעלעבט אַלע בעוועגונגען פון אירע איינוואוינער און וואָלט אין אונז מער אָנגעשטרענגט די חושים, ווי עס ווערט אָנגעשטרענגט די פרוזשינע אין אַ זייגער, וואָס האָט זיך צוגעשטעלט און מען ציהט אים אָן.

ער האָט גערעדט צו זיך, אויפכאַפּענדיג מיט׳ן אויג טויזענ-דער טשיקאַווע זאַכען: „און דאָך זענען פאַראַן מאָמענטען, ווען איך געפין נישט קיין סיוזשעט פאַר אַ בילד!״ ער האָט געפיהלט אַזאַ פרייהייט און אַזאַ קלאָרקייט אין די געדאַנקען אַז די אַלע פרי-ערדיגע קינסטלערישע ווערק זיינע האָבען אים אויסגעזעהן באַ-נאַל; און צוגעטראַכט האָט ער אַ ניי מיטעל ווי אויסצודריקען דאָס לעבען, אַ מיטעל, וואָס איז מער-אמת׳דיג און מער-אָרי-גינעל.

און פּלוצלונג איז אים בעפאַלען אַ חשק צו אַרבייטען, האָט ער זיך אומגעקערט, אַריין אין זיין וואוינונג און זיך פערשלאָ-סען אין דער אַטעליע.

אָבער באַלד, ווי ער האָט זיך אַנידערגעשטעלט נעבען זיין אָנגעהויבענעם לייווענט, איז דער פּלאַן, וואָס האָט געברענט אין זיין בלוט, פערלאָשען געוואָרען. ער האָט זיך דערפיהלט מיד, אַנידערגעזעצט זיך אויפ׳ן דיוואַן און זיך שטאַרק פערטראַכט.

ער האָט שוין נישט געשפּירט יענע אייגענאַרטיגע גליקלי-כע זאָרגלאָזיגקייט, אין וועלכער ער האָט געוועהנליך געלעבט. דידאָזיגע זאָרגלאָזיגקייט פון אַ צופרידענעם מענשען, וואָס אַלע זיינע פערלאַנגען זענען כמעט בעפרידיגט, איז אונבעמערקט אַנט-רונען געוואָרען פון אים, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז אים

פעלט עפּיס. ער האָט געפיהלט די פּוסטקייט פון זיין הויז, די וויסטעניש פון זיין גרויסער אַטעליע. און אַז ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך, האָט זיך אים אַזוי ווי פאַרבייגעטראָגען דער שאָטען פון אַ פרוי, וואָס איר געגענוואַרט איז אים געוועזען אַזוי אָנגענעם. ער האָט שוין לאַנג פערגעסען יענס אונגעדולדיג געפיהל, וואָס עס לעבט-איבער דער פערליבטער, וואַרטענדיג אויף זיין געליבטער—און אָט האָט ער פלוצלונג אַזוי שאַרף דערשפּירט, אַז זי פעלט אים, מיט אַזאַ יונגעלשער אויפרעגונג געוואָלט זי דאָ זעהן נעבען זיך.

און עס האָט זיך אים געטראַכט וועגען דעם, ווי זיי ליבען איינאַנדער, און אין יעדען ווינקעל פון דעמדאָזיגען גרויסען צימער, וואָס זי האָט אַזוי אָפט בעזוכט, האָט ער געפונען אָנ׳-ערינערונג פון איר, פון אירע זשעסטען, ווערטער, קושען. ער האָט זיך דערמאָנט אָן בעשטימטע טעג, שעה׳ן, מאָמענטען און ער האָט דערשפּירט אַ לייכטע בערירונג פון אירע געוועהנליכע לאַסקעס.

ער האָט נישט געקאָנט מער פערבלייבען אויף איין אָרט און ער איז אויפגעשפּרונגען און אַרומגעגאַנגען אויף-און-אָב איבער׳ן צימער, פון דאָסניי געטראַכט וועגען דעם, אַז ער איז איינזאַם, שטענדיג איינזאַם, נישט-געקוקט אויף זיינע ליבע, וואָס האָט אים פול געמאַכט זיין גאַנצע עקזיסטענץ. בשעת ער פלעגט נאָך לאַנגע שעה׳ן פון אַרבייט אַבומקוקען זיך, ווי נאָך אַ טיפען שלאָף, פער׳שכור׳ט דורך דערדאָזיגער דערוואַכונג צום לעבען, פלעגט ער פיהלען אַרום זיך בלויז ווענט. נישט-האָבענדיג קיין פרוי אין זיין הויז, נישט-קאָנענדיג זיך זעהן מיט יענער, וואָס ער האָט געליבט, נישט אַנדערש, ווי מיט דער פאָרזיכטיגקייט פון אַ גנב, האָט ער די פרייע שעה׳ן זיינע פערבראַכט אין פערשיידענע געזעלשאַפטליכע ערטער, וואו מען קאָן געפינען צו קויפען פאַר געלד עפּיס אַ מיטעל צו פערטרייבען די צייט. ער איז געוועזען אַ געוועהנליכער בעזוכער פון קלובען, פון צירק, פון פערד-ספּאָרט, פון דער אָפּער; ער איז אומעטום געוועזען, כדי אומצוקערן זיך וואָס שפּעטער אַהיים, וואו ער וואָלט זיכער מיט פער-

געניגען פערבליבען, ווען ער וואָלט געוואוינט מיט איר אינ-איינעם.

אַמאָל, אין שעה׳ן פון שטאַרקער ליידענשאַפט, האָט ער פיינליך געליטען דערפון, וואָס ער קאָן זי נישט נעמען און האַל-טען ביי זיך. דערנאָך איז זיין היץ עטוואָס שוואַכער געוואָרען און שוין אַזוי נישט געשטורמט אין אים געגען זייער צוטיילונג און זיין פרייהייט. איצט האָט ער עס פון דאָסניי בעדויערט, פונקט ווי זיין ליבע צו איר וואָלט זיך אָנגעהויבען פון דאָסניי.

דערדאָזיגער רעצידיוו פון ליידענשאַפטליכער ליבע האָט אים אויף אַזאַ אופן פלוצלונג בעזיגט, כמעט אָהן שום סבה, בלויז דערפאַר, ווייל עס איז געווען אַ שען פרילינגוועטער און, מעגליך, דערפאַר, ווייל ער האָט דערהערט דעם יונגען קול פון זיין געליבטער פרוי. ווי וועניג בעדאַרף מען האָבען דערויף אַרויסצופירען פון גלייכגעוויכט דאָס האַרץ פון אַ מאַנסביל, אַ מאַנסביל, וואָס עלטערט זיך שוין, פאַר וועלכען יעדע ערינערונג איז שוין אַ בעדויערונג!

און, ווי אַמאָל, איז דאָס בעדערפעניש זי צו זעהן בע-פאַלען זיין נשמה און זיין לייב, פונקט ווי אַ פיבער. און ער האָט גענומען טרוימען וועגען איר, ווי עס טרוימען יונגפערליב-טע: דאָס האַרץ איז אים צוגאַנגען, ער האָט זיך אַלץ מער און מער בעגייסטערט און אַלץ מער זי בעגערט. דערנאָך האָט ער בעשלאָסען, אַז ער וועט געהן צו איר אין אָוונד אויסטרינקען אַ טעצעלע טיי, הגם ער האָט זי שוין געזעהן אינדערפרי.

די צייט האָט זיך זעהר לאַנגזאַם געצויגען, און בשעת ער איז אַרויס פון שטוב, האָט ער דערפיהלט אַ שטאַרקען פחד: זי וועט נישט זיין אין דערהיים און אין איינזאַמקייט וועט ער דאַרפען פערברענגען דעם אָוונד, ווי ער האָט שוין אַזויפיל אָוונדען אויף אַזאַ שטייגער פערבראַכט.

אויף דער פראַגע: „איז די גרעפין אין דערהיים?“—האָט אים דער לאַקיי געענטפערט: „יאָ, מיין הער“ און אָט דער ענט-פער האָט אים אָנגעפילט מיט שמחה.

מיט אַ שיינענדיג געזיכט האָט ער געמאָלדען: „דאָס בין

איך ווידער"—בעווייזענדיג זיך אויף דער שוועל פון דעם קליי-ניטשקען גאַסטצימער, וואוביידע פרויען זענען געזעסען ביי שטריקערייי און געאַרבייט פאַר׳ן שיין, וואָס איז געפאַלען פון לאָמ-פען מיט ראָזע אַבאַזשורען און מיט צוויי ברענערס פון ענגלישען מעטאַל, וואָס האָבען זיך אויפגעהויבען אויף אַ הויך דין שטע-קעלע.

די גרעפין האָט אויסגעשריען:

—אָ, דאָס זענט איר! אַקוראַט צו דער צייט געקומען!

—נו, יאָ, איך האָב מיך דערשפּירט זעהר איינזאַם און בין געקומען.

—ווי דאָס איז שען!

—איר וואַרט אויף עמיצען?

—ניין... אפשר... אויף זיכער ווייס איך קיינמאָל נישט.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט און מיט אויגען, פול פעראַכ-טונג, בעטראַכט די גרויע שטריקערייי פון גראָבען וואָל, איבער וועלכער זיי האָבען געשיקט געאַרבייט, בעוועגענדיג מיט לאַנגע הילצערנע שפּיצען.

ער האָט געפרעגט:

—וואָס איז עס אַזוינס?

—דעקעס.

—פאַר אָרימע?

—נו, געוויס.

—דאָס איז זעהר העסליך.

—דערפאַר זעהר וואַרים.

—מעגליך, אָבער דאָס איז זעהר העסליך, איבערהויפּט אין דער אויסשטאַטונג פון אַ גאַסטצימער אין גייסט פון לודוויג דעם XV-טען, וואו אַלץ גלעט דאָס אויג. אויב נישט צוליב אייערע אָרימע, האָט איר כאָטש צוליב אייערע פריינד בעדאַרפט פיינער מאַכען אייער מתנה...

—אַך, גאָט מיינער, אָט ווי אַזוי מאַנסלייט זענען!—האָט זי געזאָגט און אַ דריק געטאָן מיט די אַקסלען—אָבער אומעטום אַרבייט מען דאָך איצט אַזוינע דעקעס.

—איך ווייס עס זעהר גוט, שוין צו־גוט. מען קאָן שוין איצט ערגיץ נישט קומען אין אָווענד, וואו מען זאָל נישט זעהן דידאָזיגע העסליכע גרויע שמאַטעס אויף די סאַמע שענסטע טו־אַלעטען און ביי דעם שענסטען מעבעל. די צדקה צייכענט זיך אויס היינטיגען פרילינג מיט זעהר אַ שלעכטען געשמאַק.

צו איבערצייגען זיך דערין, צי ער איז גערעכט, האָט די גרעפין פונאַנדערגעלעגט די שטריקעריי אויף אַ דערבייאיגען לע־דיגען טישעל, בעצויגען מיט זייד. דערנאָך האָט זי גלייכגילטיג צוגעשטימט.

—יאָ,ווירקליך, דאָס איז נישט שען.

און זי האָט זיך גענומען פאַר דער אַרבייט. אָט די צוויי קעפּלעך, אָנגעבויגט אין איין שורה אונטער צוויי נאָנטע פייערן פון לאָמפּ, האָבען אָבגעשלאָגען אויף זייערע האָר דעם שיין פון די ראָזע שטראַלען, וואָס זענען אויך געפאַלען אויף זייערע פנים׳ער, קליידער און בעוועגענדיגע הענט. ווי אַלע פרויען, וואָס זענען געוועזען צו האַנטאַרבייט, האָבען זיי אויפמערקזאַם, אָבער קאַלט נאָכגעקוקט נאָך דער אַרבייט און זיך גאָרנישט גע־זאָרגט וועגען איר.

אין די פיר ווינקלען פון צימער האָבען פיר אַנדערע לאָמ־פּען פון כינעזישען פּאַרפאָר, וואָס זענען געשטאַנען אויף אַלט־טימליכע זיילעכלעך פון בעגולטען האָלץ, געוואָרפען אויף די טעפּיכען און אויסגייאונגען אַ ווייכען גלייכען שיין, עטוואָס בע־שאָטענט מיט דורכזיכטיגע טיול־אַבאַזשורען.

בערטען האָט גענומען גאָר אַ נידעריג קליין לענשטולכעל, אין וועלכען ער האָט זיך קוים געקאָנט אַנידערזעצען. אָבער ער האָט ליב געהאַט צו זיצען דערין און פּלוידערן דערביי מיט דער גרעפין: אַזוי איז ער געווען כמעט ביי אירע פיס.

—איר האָט געמאַכט אַ היבשען שפּאַציר מיט אַנעט אינ־דערפרי אין פּאַרק?

—יאָ, מיר האָבען געשמועסט מיט איר, ווי אַלטע פריינד. איך האָב זי זעהר ליב, אייער טאָכטער. זי איז אינגאַנצען ענ־

ליך צו אייך. בשעת זי רעדט-אַרויס עטליכע פראַזען, קאָן מען מיינען, אַז איר רעדט עס.

—מיין מאַן האָט עס שוין מיר נישט איינמאָל געזאָגט.

ער האָט בעקוקט, ווי זיי האָבען געאַרבייט, בעלויכטען מיט די העלע פייערן פון די לאָמפּען, און דער געדאַנק, פון וועלכען ער האָט אַזוי אָפט געליטען, וואָס האָט אים נאָך היינט בייטאָג געפּייניגט, דער געדאַנק וועגען זיין אייגענער וואוינונג, וואָס איז אַזוי וויסט, אונבעוועגליך, שטילשווייגענדיג און קאַלט, וואָס פאַר אַ וועטער עס זאָל נישט זיין און ווי העל עס זאָל נישט פלאַקערן אין אויוען און אין קאַמין—דער געדאַנק האָט אים אַריינגעוואָרפען אין אומעט, פונקט ווי ער וואָלט דאָס ערשטע מאָל גוט משיג-געווען זיין איינזאַמקייט.

אַך, ווי אים האָט זיך געוואָלט זיין דער מאַן פון אָט דער פרוי, און נישט דער געליבטער אירער! אַמאָל האָט ער גע'חלומ'ט דערפון—אַוועקצורייבען זי, אָבצונעמען זי ביי דעמ-דאָזיגען מענשען, אַוועק'גנב'ענען זי אים אינגאַנצען. איצט האָט ער אים מקנא-געווען, דעמדאָזיגען גענאַרטען מאַן, וואָס האָט שטענדיג געפונען זיין אָרט נעבען איר, וואָס איז געווען אַרומ-גערינגעלט מיט דער היימליכקייט, וואָס זי האָט בעשאַפען, מיט דער צערטליכקייט פון איר בעציהונג.

קוקענדיג אויף איר, האָט ער געפיהלט, ווי זיין האַרץ ווערט בעפאַלען פון אַלטע ערינערונגען און אים האָט זיך שרעק-ליך געוואָלט טיילען מיט איר דידאָזיגע ערינערונגען. יאָ, ער האָט זי נאָך אַלץ שטאַרק ליב געהאַט, אפשר נאָך שטאַר-קער, אַ סך שטאַרקער היינט, איידער ווען עס איז פריער. און דאָס בעדערפעניש צו דערצעלען איר וועגען זיין יונגגעוואָרע-נעם געפיהל, וואָס וואָלט זי אַזוי דערפרעהט, האָט אים גע-צוואונגען צו וועלען, דאָס יונגע מיידעל זאָל וואָס גיכער אַוועק שלאָפען.

ער האָט געקוקט אויפ'ן זייגער און מער נישט גערעדט קיין שום וואָרט. ער האָט שטאַרק געוואָלט פערבלייבען אַליין מיט איר, דערנענטערן זיך צו אירע קני, לעגען אויף זיי דעם קאָפּ, בע-

מען זי פאַר די הענט, פון וועלכע עס וואָלט זיך דעמאָלט אַרויסגעגליטשט די דעקע פאַר אָרימע, די הילצערנע פּראָטקעס און דער וואָלענער קנויל וואָלטען זיך פערקויקעלט אונטער׳ן שטול, און אַוועקגעשלעפּט נאָך זיך דעם צופלאָנטערטען פאָדעם. ער האָט איינגעפונען, אַז מען בעדאַרף גאָרנישט צוגעוועגען קליי-נע מיידעלעך צו זיצען אין אָוועגד מיט דערוואַקסענע.

די שטילקייט איז געשטערט געוואָרען פון טריט, וואָס האָבען זיך דערהערט אין דעם דערבייאיגען גאַסטצימער, עס האָט זיך בעוויזען דעם דינערס קאָפּ; דער דינער האָט געמאָלדען:

—הער דע-מיוואַדיע.

אָליוויע בערטען האָט דערפיהלט אַנ׳אַטאַק פוןווילדען גרימצאָרן, און אַז ער האָט געדריקט די האַנט דעם אינספּעקטאָר איבער שענער קונסט, האָט ער געהאַט אַ פערלאַנג אָנצונעמען אים פאַר די אַקסלען און אַרויסוואַרפען הינטער׳ן טיר.

מיוואַדיע איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט נייס: עס האָט בע-דאַרפט פאַלען דאָס מיניסטעריום און מען האָט גערעדט פון אַ סקאַנדאַל, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צום מאַרקיז דע-ראָקדיאַן. אַ קוק געטאָן אויפ׳ן יונגען מיידעל, האָט ער געזאָגט:

—איך וועל עס דערצעלען שפּעטער אַביסעל.

די גרעפין האָט אויפגעהויבען די אויגען אויפ׳ן זייגער און בעמערקט, אַז באַלד וועט שלאָגען ניין.

שוין צייט דיר צו שלאָפען, מיין קינד,—האָט זי געזאָגט דער טאָכטער.

אַנעט, נישט-געענטפערט, האָט צונויפגעלעגט איר האַפטונג, פערוויקעלט דעם קנויל, אַ קוש געטאָן דער מוטער אין ביידע באַקען, דערלאַנגט די האַנט די מענער און שנעל אַוועק, פּונקט ווי זי וואָלט זיך אַוועקגעגליטשט און דערביי נישט בעוועגט די לופט ארום זיך.

אַז זי איז אַרויסגעגאַנגען, האָט די גרעפין געפרעגט:

—נו, פון וואָס פאַר אַ סקאַנדאַל האָט איר גערעדט?

מען פערזיכערט, אַז דער מאַרקיז ראָקדיאַן, וואָס האָט זיך, ווי בעוואוסט, פריינדליך געשיידט מיט זיין פרוי און בעקומען פון

איר אַ יערליכע רענטע, לויט זיין מיינונג, אַ צו-קנאַפּע, האָט געפונען אַ ריכטיג, נאָר אַ ביסעל אַ צו-משונה'דיג מיטעל ווי אַזוי צו פערטאָפּלען זיינע הכנסות. די מאַרקיזין, וואָס ער האָט שטי-לערהייט נאָכגעהיט, האָט מען געכאַפּט אויפ'ן אָרט פון פערברעכען, און כדי אויסצומיידען אַ פּראָטאָקאָל פון דעם פּאָליצייקאָמיסאַר, האָט זי איינגעשטימט אויסצוצאָלען דעם מאַן אַ צווייענדיגע פענסיע.

די גרעפין האָט זיך צוגעהערט, די אויגען אירע האָבען אויסגעדריקט נייגיריגקייט, די הענט האָבען זיך אויפגעהערט צו בעוועגען און די איבערגעריסענע אַרבייט איז געלעגען אויף די קני.

בערטען איז געווען שטאַרק אין כעס; נאָכדעם, ווי דאָס יונגע מיידעל איז אַוועק, האָט ער נישט געקאָנט פערטראָגען מיוזאַדיעס געזעלשאַפט. מיט אַ כעס פון אַ מענשען, וואָס האָט שוין געהערט פון דערדאָזיגער רכילות און מיט קיינעם נישט געוואָלט דערפון ריידען, האָט ער אָנגעהויבען פערזיכערן, אַז דאָס איז אַ געמיינער ליגען, אַז דאָס געהערט צו יענעם מין רכילות, וואָס אָנשטענדיגע מענשען בעדאַרפען עס קיינמאָל נישט הערען און נישט איבער'חזר'ן. שטעהענדיג מיט'ן רוקען צום קאַמין, האָט ער געלאָזט פריי זיין גרימצאָרן און גערעדט מיט יענער אויפגערעגטקייט פון אַ מענשען, וואָס איז גרייט אָנצונע-מען די גאַנצע זאַך פאַר אַ פּערזענליכע בעליידיגונג.

ראָקדיאַן איז געווען זיין פריינד און אויב אין אַנדערע פעלען האָט מען אים געקאָנט פאָרוואַרפען אין לייכטזיניגקייט, האָט מען אים דאָך נישט געקאָנט בעשולדיגען אָדער חושד-זיין אין עפּיס אַ מאוס'ער טאַט. מיוזאַדיע, פערוואונדערט און פער-שעמט, האָט זיך פערטיידיגט, גענומען די ווערטער צוריק, זיך ענטשולדיגט.

—זענט אַזוי גוט,—האָט ער געזאָגט,—דאָסדאָזיגע נייס האָב איך נאָר-וואָס געהערט ביי דער הערצאָגין דע-מאָרטעמען.

בערטען האָט געפרעגט:

—ווער האָט עס אייך דערצעלט? אַ פרוי, מסתמא.

—ניין, טאַקי נישט, דאָס האָט געזאָגט דער מאַרקיז דע-פאַראַנדאַל.

דער קינסטלער, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרען פון גע-דולד, האָט געענטפערט:

—פון זיין זייט וואונדערט עס מיך נישט!

מען האָט געשוויגען. די גרעפין האָט זיך ווידער גענומען צו איר אַרבייט. דערנאָך האָט אָליוויע אָנגעהויבען ריידען שוין מיט אַ רוהיגערן טאָן:

—מיר איז פּאַקטיש בעוואוסט, אַז דאָס איז אַ ליגען.

אין דער׳אמת׳ן האָט ער גאָרנישט געוואוסט, וואָרום ער האָט עס צום ערשטען מאָל געהערט.

מיוזאַדיע האָט שוין געוואָלט כאַפּען צוריק—ער האָט איינ-געפונען די לאַגע פאַר געפערליך. האָט ער אָנגעהויבען ריידען וועגען דעם, אַז ער דאַרף מאַכען די קאָרבעלס אַ וויזיט, נאָר דאָ איז געקומען דער גראַף דע-הילערואַ, וואָס האָט אין דער-היים נישט געמיטאָגט.

בערטען האָט זיך פון דאָסניי אַנידערגעזעצט. ער איז גע-ווען דערשלאָגען און געפיהלט, אַז איצט איז שוין קיין שום האָפנונג נישטאָ פטור צו ווערען פון מאַן.

—איר ווייסט נישט—האָט דער גראַף געזאָגט—פון דעם גרויסען סקאַנדאַל, וועגען וועלכען אַלע ריידען היינטיגען אָוועגד?

נאָר אַזוי ווי קיינער האָט אים נישט געענטפערט, האָט ער פון דאָסניי אָנגעהויבען ריידען:

—אַפּנים, ראָקדיאַן האָט געכאַפּט זיין פרוי אין אונגעזעצ-ליכע בעציהונגען און זי איז געצוואונגען געווען טייער דע פ ר צו בעצאָלען.

דעמאָלט האָט בערטען מיט אַ פערקומערטען קוק און מיט טרויער אין קול און אין די זשעסטען, אַוועקלעגענדיג אַ האַנט אויף דע-הילערואַס קני, אָנגעהויבען איבער׳חזר׳ן אין ווייכע פריינדליכע אויסדרוקען דאָס אַלץ, וואָס ער האָט נאָר-וואָס מיט אַזאַ היץ געוואָרפען מיוזאַדיע׳ן אין פנים אַריין.

און דער גראַף, אויף אַ העלפט איבערצייגט און געערגערט

דערמיט, וואָס ער האָט לייכטזיניג איבערגע׳חזר׳ט אַ רכילות, וואָס איז צווייפעלהאַפט און קאָן נאָך אפשר קאָמפּראָמעטירען. האָט אָנגעהויבען זאָגען, אַז ער ווייס נישט און איז דאָ גאָר אונשולדיג.

און פּלוצלונג האָבען אַלע איינגעשטימט אין איין זאַך, אַז די אַריסטאָקראַטישע קרייזען בעשולדיגען, זענען חושד אין בעטאַדלען מיט אַ שרעקליכער לייכטקייט. און אויף אַ פּאָר מינוט האָבען אַלע פיר אויסגעוויזען איבערצייגט דערין, אַז די אַלע קלאַנגען, וואָס ווערען בסוד איבערגעגעבען איינאַנדער, זענען ליגען, אַז די פרויען האָבען גאָרנישט קיין געליבטע, וואָס ווערען זיי צוגעשריבען, אַז די מענער טוען גאָרנישט די אַלע געמיינהייטען, אין וועלכע מען איז זיי חושד און אַז בכלל זעהט אַלץ אויס אַ סך ערגער, ווי דאָס איז אין דער ווירקליכקייט.

בערטען, האָט אויפגעהערט צו כעס׳ן אויף מיוזאַדיע׳ן באָכדעם ווי עס איז אַריין הילערואַ; ער האָט אים אָנגעהויבען ריידען גוטע זאַכען, פערפירט מיט אים אַ שמועס אויף זיינע געליבטע טעמעס און געלאָזט פריי זיין צונג. דער גראַף האָט אויסגעזעהן זעהר צופרידען, ווי אַ מענש, וואָס טראָגט אומעטום אַריין שלום און פריינדליכקייט.

אַריין צוויי דינער, וואָס האָבען אָהן שום קלאַנג געטראָטען איבער די טעפּיכען. זיי האָבען געבראַכט אַ טייטישעל מיט אַ שענעם, גלאַנציגען קעסעלע, וואָס איז געהאַנגען איבער אַ בלויען פלאַם פון אַ ספּירטלעמפּעלע; אין קעסעלע האָט זיך געקאָכט וואַסער און אַ דאַמף האָט קנוילענווייז געשלאָגען דערפון.

די גרעפין האָט זיך אויפגעהויבען, צוגעגרייט דעם הייסען געטראַנק מיט יענער פּאָרזיכטיגקייט און ריינקייט, וואָס די רוסען האָבען אונז אויסגעלערנט און דערלאַנגט אַ טעצעלע טיי בערטען׳ען און מיוזאַדיע׳ן; דערנאָך איז זי געקומען מיט טעלערלעך, בעלעגט מיט פּוטערברויטען און פּאַשטעטען און מיט קליינע וויענער און ענגלישע געבעקסען.

דער גראַף איז צוגעגאַנגען צום טייטישעל, וואו עס זענען אייך געשטאַנען וואַרעניעס, ליקער און גלעזער און זיך געמאַכט

אַ ווייגעמיש; דערנאָך איז ער אונבעמערקט אַרויס אינ׳ם דערבייאיגען צימער און פערשוואונדען געוואָרען.

בערטען איז ווידער געזעסען מיט מיוזאַדיע׳ן און פון דאָסגיי איז אים בעפאַלען אַ חשק אַרויסצושליידערן דעמדאָזיגען גודגעם הער, וואָס האָט געשאָטען מיט רייד, געוואָרפען מיט אַנעקדאָטען, איבערגע׳חזר׳ט פרעמדע וויצען און געשאַפען אייגענע. און נאָכֿאַנאַנד האָט דער קינסטלער געקוקט אויפ׳ן זייגער און דער ווייזער האָט זיך דערנענטערט צו צוועלף. די גרעפין האָט בעמערקט זיין קוק און פערשטאַנען, אַז ער וויל מיט איר ריידען און מיט דער געשיקטקייט פון אַ וועלטליכֿער פרוי, וואָס קאָן אונבעמערקט פערענדערן די בעציהונג, דעם כֿאַראַקטער פונ׳ם שמועס און די אַטמאָספערע אין גאַסטצימער, געבענדיג צו פיהלען אָהן ווערטער, צי מען קאָן פערבלייבען, צי מען דאַרף אַוועקגעהן, האָט זי בלויז מיט אַ פּאָזע, מיט אַנ׳אויסדרוק פון געזיכֿט און מיט דער לאַנגווייליגקייט, וואָס האָט זיך געלאָזט געזעהן אויף די אויגען, פערשפרייט אַרום זיך אַזאַ קעלט, פונקט ווי מען וואָלט נאָר-וואָס געעפענט אין גאַסטצימער אַ פענסטער.

מיוזאַדיע האָט דערפיהלט דעמדאָזיגען קאַלטען שטראָם, וואָס האָט אַרומגעכֿאַפּט מיט אייז די פליגלען פון זיין געדאַנק און, אָהן אַ שום רעכנונג דערין, האָט ער דערשפּירט, אַז ער דאַרף זיך אויפהויבען און אַוועקגעהן.

בערטען האָט אים טאַקטיש נאָכגעטאָן. די מענער האָבען זיך גלייכֿצייטיג אויפגעהויבען און אַוועק צום טיר, אַדורכגעהענדיג ביידע גאַסטצימערן. די גרעפין איז זיי נאָכֿגעגאַנגען און די גאַנצע צייט גערעדט מיט׳ן קינסטלער. ביי דער טיר פון פאָרצימער האָט זי אים פערהאַלטען, וואַרטענדיג אויף זיינעם אַנ׳ענטפער; אין דער צייט האָט מיוזאַדיע אָנגעטאָן דעם מאַנטעל מיט דער הילף פון דינער. מחמת מאַדאַם הילערואַ האָט נאָך אַלץ גערעדט מיט בערטענ׳ען, האָט דער איגספעקטאָר איבער שענער קונסט עטוואָס צוגעוואַרט פאַר דער טרעפּ-טיר, וואָס דער צווייטער דינער האָט פאַר אים ברייט פונאַנדערגעעפענט; דערנאָך האָט ער זיך בעשלאָסען אַוועקצוגעהן אַליין, כדי נישט

צו שטעהן געגען דינער.

די טיר איז הינטער אים שטיל צוגעמאַכט געוואָרען, און דעמאָלט האָט זיך די גרעפין פריי געווענדעט צו בערטענ׳ען.

—אייגענטליך, וואָס האָט איר אַזוי געאיילט אַוועקצוגעהן? נאָך קיין צוועלף אַ זייגער נישטאָ. נו, פערבלייבט כאָטש עטוואָס.

און זיי האָבען זיך צוריקגעקערט אין דעם קליינינטשקען גאַסטצימערל.

באַלד ווי זיי האָבען זיך געזעצט, האָט ער געזאָגט:

—גאָט מיינער! ווי דידאָזיגע חיה האָט מיך דענערווירט.

—נאָר פאַרוואָס?

—ער האָט מיר אַוועקגענומען אַ טיילכעל פון אייך.

—אָ, זעהר אַ קליינס.

—מעגליך, אָבער ער האָט מיר געשטערט.

—איר אויפערט?

—הייסט עס דען אויפערן, אַז מען געפינט-איין, אַז אַ מענש איז נודנע?

ער האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט אויפ׳ן קליינינטשקען לענשטולכעל, און איצט, נאָנט נעבען איר און האַלטענדיג די געוועבען פון איר קלייד, האָט ער איר גערעדט וועגען דעם, וואָס פאַר אַ הייס ליבע-געפיהל עס רעגט היינט זיין האַרץ.

זי האָט אים געהערט מיט התפעלות און פערוואונדערונג, צערטליך געלעגט איר האַנט אויף זיינע ווייסע האָר און שטיל געגלעט זיי, פונקט ווי זי וואָלט אים דערמיט געדאַנקט.

—אַך, ווי מיר וואָלט זיך וועלען לעבען נאָנט נעבען אייך!— האָט ער געזאָגט.

ער האָט געטראַכט פון איר מאַן, וואָס האָט מסתמא איצט געשלאָפען אין איינעם פון די דערבייאיגע צימערן, און ער האָט ווידער געזאָגט:

—נאָר אין חתונה-האָבען קאָנען זיך צונויפגיסען צוויי וועזענס.

—מיין אָרימער פריינד!—האָט זי אַרויסגעמורמעלט פון רחמנות צו אים און צו זיך.

ער האָט זיך צוגעדריקט מיט אַ באַק צו אירע קני און גע-קוקט אויף איר מיט צערטליכקייט, עטוואָס אומעטיג און אַנגסט-ליך, אָבער שוין נישט אַזוי הייס, ווי פריער, בשעת איר טאָכ-טער, איר מאַן און מיוזאַדיע האָבען אים אָבגעטיילט פון איר.

זי האָט געשמייכעלט, געפירט מיט לייכטע פינגער איבער אָליוויעס קאָפּ און געזאָגט:

—גאָט מיינער! ווי גרוי איר זענט! פערשוואונדען אייערע לעצטע שוואַרצע האָר.

—יאָ! איך ווייס עס, דאָס ווערט געמאַכט זעהר שנעל.

—אָך! איבעריגענס, האָט איר געהאַט גרויע האָר בשעת איר זענט נאָך געווען זעהר יונג. איך האָב אייך שטענדיג גע-קאָנט פאַר אַ גרויען.

—יאָ, דאָס איז וואָר.

צו פערטרייבען דעם לעצטען זכר פון בעדויערונג, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך אירע ווערטער, האָט זי זיך אָנגעבויגט צו אים, אַרומגעכאַפּט זיין קאָפּ מיטביידע הענט און גענומען בעדעקען זיין שטערען מיט לאַנגזאַמע און צאַרטע קו-שען, מיט יענע קושען, וואָס האָבען אַזוי ווי קיין סוף נישט.

דערנאָך האָבען זיי זיך איבערגעקוקט און אין די טיפעניש פון די אויגען זיך געסטאַרעט צו זעהן איינער ביים צווייטען די אָבשפּיגלונג פון זייער ליבע.

—איך וואָלט וועלען—האָט ער געזאָגט—פערברענגען איין טאָג אינגאַנצען מיט אייך.

ער האָט געפיהלט, אַז אים פייניגען נישט-קלאָרע אונדער-קלערליכע פערלאַנגען.

ערשט האָט ער געטראַכט, אַז ווען די מענשען, וואָס זע-נען דאָ געזעסען, וועלען אַוועקגעהן, וועט זיין גענוג—זיין פער-לאַנג זאָל בעפרידיגט ווערען, זיין פערלאַנג, וואָס האָט זיך דער-וועקט אין אים היינט אינדערפרי, און איצט, בשעת ער איז גע-בליבען אַליין מיט זיין געליבטער, בשעת ער האָט אויפ׳ן שטע-רען געשפירט די וואַרימקייט פון איר האַנט און אויפ׳ן באַק,

דורכ'ן קלייד, די וואַרימקייט פון איר לייב, האָט ער פון דאָס-ניי איבערגעלעבט דיזעלבע אונרוהיגקייט, דעמזעלבען בעגער נאָך אַנ'אונבעקאַנטער און ווייטער ליבע.

און איצט האָט ער משער-געווען, אַז זיין האַרץ קאָן זיך איינשטילען, איינרוהיגען—אויב נישט אין דעמדאָזיגען הויז—איז ערגיץ אין אַוואַלד, וואו זיי וועלען זיין לחלוטין אַליין, נישט-זעהענדיג קיינעם אַרום זין

זי האָט געענטפערט:

—סאַראַ קינד איר זענט! אָבער מיר זעהען זיך דאָך כמעט אַלע טאָג.

ער האָט זי שטאַרק געבעטען, זי זאָל אויסגעפינען עפּיס אַמיטעל צו פרישטיגען מיט אים ערגיץ אין דער אומגעגענד פון פּאַריז, ווי זיי האָבען עס שוין פריער געטאָן אַמאָל פיר אָדער פינף.

עס האָט זי געוואונדערט דערדאָזיגער קאַפּריז, וועלכען עס איז שווער צו פערווירקליכען איצט, בשעת איר טאָכטער איז גע-קומען.

אָבער דאָך וועט זי זיך פּרובען עס איינצואָרדנען, באַלד ווי איר מאַן וועט אַוועקפאָרען קיין ראָנסיער.

—נו, אָבער ביז וואַנען-וואָס, ווען וועל איך אייך זעהן?

—מאָרגען אין אָוונד ביי די קאָרבעלס. אויסערדעם, קומט אַהער דאָנערשטאָג אַזייגער דריי, אויב איר וועט האָבען אַפרייע צייט, און דערצו דאַרפען מיר, דאַכט זיך, פרייטאָג מיטאָגען אינאיינעם ביי דער הערצאָגין.

—יאָ, גאַנץ ריכטיג.

ער האָט זיך אויפגעהויבען.

—אַדיע.

—אַדיע, מיין פריינד.

ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען, זיך נישט בעשלאָסען אַוועק-צוגעהן, ווייל ער האָט כמעט נישט געפונען קיין איין וואָרט פון יענע, מיט וועלכע ער איז געקומען צו איר, און פול איז גע-ווען זיין קאָפּ מיט נישט-אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען און נעבעל-

האַפּטע ווערטער, וואָס ער האָט נאָך נישט בעוויזען צו טיילען זיי מיט איר, אָנגענומען זי פאַר'ן האַנט, האָט ער איבערגע־חזר'ט: „אַדיע".

—אַדיע, מיין פריינד.

—איך האָב אייך ליב.

זי האָט אים אַ שמייכעל געטאָן, ווי עס קאָן אַ פרוי שמייכלען אַ מאַנספערשוין, אַריינלעגענדיג אין דעמדאָזיגען שנעלען שמייכעל די ערינערונג וועגען דעם אַלעס, וואָס זי האָט אים געגעבען.

מיט אַ ציטערדיגען האַרץ האָט ער איבערגע'חזר'ט צום צווייטען מאָל:

—אַדיע.

און איז אַוועק.

IV.

דאַכט זיך, אַלע פאַריזער עקיפּאַזשען ציהען זיך אין דעמדאָזיגען טאָג צום פּאַלאַץ פון אינדוסטריע. שוין פון ניין אַזייגער אינדערפרי האָבען זיי זיך אָנגעהויבען צונויפפאָרען פון אַלע גאַסען און בריקען צו דעמדאָזיגען מאַרק פון שענער קונסט, וואו „גאַנץ פאַריז" אַרטיסטען האָט איינגעלאַדען „גאַנץ פאַריז" אַריסטאָקראַטען צו זיין ביי דער עפענונג פון דער אויסשטעלונג, וואָס בעשטעהט פון דרייטויזענד און פירהונדערט בילדער. אין אַ לאַנגער שורה איז געשטאַנען אַ המון ביי די טירען און, נישט־לעגענדיג קיין שום אַכט אויף די סקולפּטוראַרבייטען, האָט מען זיך

געריסען צו דער גאַלעריע פון מאָלעריי. שוין אויף די טרעפּ געהענדיג, האָט מען בעדאַרפט אויפהויבען די אויגען אויף די לייוועגדען, פונאַנדערגעהאַנגענע אויף די ווענט ביי די טרעפּ. דערצו האָט געדינט אַ ספּעציעלע קאַטעגאָריע פון קינסטלער, וואָס זייערע בילדער זענען געווען אונגעהויער גרויס אָדער אַזוינע, וואָס מען האָט נישט געקאָנט פערבראַקירען. דער פירקאַנטיגער זאַל האָט געשוויבעלט און געגריבעלט פון מענשען. די קינסט-לער, וואָס האָבען דעם גאַנצען טאָג געשפּילט די ראָל פון בעלי-הבתים, האָבען זיך געלאָזט דערקענען דורך זייער רירעוודיגקייט, דורך זייערע הילכיגע קולות און שטאַרקער זשעסטיקולירונג. פאַר די אַרבעל האָבען זיי געשלעפּט די חברים צו די בילדער, אויף וועלכע זיי האָבען מיט אויסגעשרייען און תנועות פון מבינים אָנגעוויזען מיט דער האַנט. געווען צווישען זיי פערשידענע טי-פּען: לאַנגע, מיט לאַנגע האָר, אין ווייכע שוואַרצע אָדער גרויע היט פון די סאַמע משונה׳דיגסטע פאָרמען—געווען פלאַכע היט און געווען קיילעכיגע, ווי אַ דעק, מיט ברייטע אַראָבגעלאָזטע ברעגען, פון וועלכע עס איז געפאַלען אַ שאָטען אויפ׳ן גאַנצען גוף פון מענשען. געווען טיפּען פון קינסטלער—גאָר קליינינשקע, בעוועגליכע, שוואַכע אָדער פעסט-געבויטע, וואָס האָבען געטראָ-גען טיכלעך אָנשטאָט קראַוואַטען, וואָס זענען געווען אָנגעטאָן אין רעקלעך אָדער אויסגעפּוצט אין אַלטמאָדישע קאָסטיומען, כאַ-ראַקטעריסטיש פאַר דער בעזונדערער קאַטעגאָריע קינסטלער-שלימזל׳ס.

דאָ זענען געווען פאָרשטעהער פון פאַצעטען און פאַטען, פון בולוואַראַרטיסטען, פאָרשטעהער פון אַקאַדעמיקער, אומגעלום-פערטע, אָנשטענדיגע, בעפּוצט מיט רויטע ראָזעטקעס, גרויסע און קליינע, לויט׳ן אייגענעם געשמאַק און גוסט, פאָרשטעהער פון בורזשואַזע קינסטלער, וואָס זענען געקומען אַהער, בעגלייט פון דער גאַנצער פאַמיליע.

די בילדער, וואָס זענען צוגענומען געוואָרען צו בעפּוצען דעם פירקאַנטיגען זאַל און זענען פונאַנדערגעהאָנגען געוואָרען אויף פיר ריזיגע ווילען האָבען נאָך ביים אריינגאַנג שטאַרק פערבלענדט

מיט'ן גלאַנץ פון זייערע טאָנען, מיט'ן שיין פון די ראַמען, מיט דער שרייענדיגער העלקייט פון זייערע נייע פאַרבען, אונטערגע-שטרייכט דורכ'ן פרישען לאַק, העל-בלענדענדיגע אונטער דעם שאַרפען טאָגשיין, וואָס איז געפאַלען פון אויבען.

דער פאָרטרעט פונ'ם רעפובליקפרעזידענט איז געהאַנגען סאַמע געגען דער טיר, אין דער צייט, ווען אויף דער צווייטער װאַנט איז אַ גענעראַל, איינגאַנצען אויסגעפוצט מיט גאַלונען, אין אַ הוט מיט שטרויספעדערן און אין רויטע הויזען, געהאַנגען אין שכנות מיט גאַנץ נאַקעטע נימפען הינטער ווערבעבוימער און אַ שיף, וואָס איז בעפאַלען געוואָרען פון אַ שטורם אויפ'ן ים און שוין כמעט איינגעשלונגען געוואָרען פון אַ כוואַליע. אַ פאַרצייטי-גער עפיסקאָפּ, וואָס דערוויטערט פון דער קירך אַ טיראַן אַ מלך; אַ גאַס אין מזרח, פול מיט טרופּעס פון טשומאַ און דאַנטעס שאָ-טען, וואָס מאַכט אַ שפּאַציר אין גיהנם: דאָס אַלץ האָט פער-כאַפּט, צוגעשמידט דאָס אויג מיט דער אונגעהויערער אויסדרוקס-קראַפט.

אויסערדעם, האָט מען נאָך אין דעמדאָזיגען זאַל געקאָנט זעהן אַנ'אָטראַד קאַוואַלעריע, שיסער אין וואַלד, בהמות אויף דער פּאַשע, צוויי אָנגעזועהענע הערן פון פערגאַנגענעם יאָרהונ-דערט, וואָס האָבען זיך געשלאָגען אויף אַ דועל אין אַ ראָג גאַס, אַ משוגע'נע, וואָס איז געזעסען אויף אַ גאַסקלאָץ, אַ גלח ביים בעט פון אַ גוסס'ן, שניטער, שטראָמען, אַ זונאונטערגאַנג, אַ לבנה-נאַכט— מיט איין וואָרט, מוסטערן פון דעם אַלעם, וואָס עס טוען, וואָס עס מאָלען און ועלען מאָלען קינסטלער ביז די וועלט וועט אונטערגעהן.

אָליוויע, אַרומגערינגעלט מיט אַ גרופּע בכבוד'ע חברים, מיטגלידער פון אינסטיטוט און זשורי, האָט געכאַפּט אַ שמועס מיט זיי. ער איז געווען נישט אויפגעלעגט, עס האָט אים שטאַרק געערגערט די זאַך, וואָס ער האָט אַרויסגעשטעלט. נישט-געקוקט אויף די וואַרימע בעגריסונגען, האָט ער דאָך נישט געפיהלט איר ערפאָלג.

ער איז געגאַנגען אַנטקעגען דער הערצאָגין דע-מאַרטע-מען, וואָס האָט זיך בעוויזען ביים טיר.

זי האָט געפרעגט:

—איז נאָך די גרעפין נישט געקומען?

—איך האָב זי נישט געזעהן.

—און הער דע-מיוזאַדיע?

—איך האָב אים אויך נישט געזעהן.

—ער האָט צוגעזאָגט צו וואַרטען אויף מיר אויבען אויף די טרעפּ ניין אַזייגער און זיין מיין בעגלייטער איבער די זאַלען.

—דערלויבט מיר אומצוטוישען אים, הערצאָגין.

—ניין, ניין. אייערע פריינד נויטיגען זיך אין אייך. מיר וועלען זיך באַלד זעהן, ווייל איך מיין, אַז מיר וועלען פריש-טיגען צוזאַמען.

מיוזאַדיע האָט שנעל געאיילט צו זיי. אויף עטליכע מינוט האָט מען אים פערהאַלטען ביי אַ סקולפּטור און ער האָט זיך ענטשולדיגט מיט אַ פערכאַפּענדיגען אָטעם. ער האָט געזאָגט:

—פון דאַנען, הערצאָגין, פון דאַנען וועלען מיר אָנהויבען רעכטס.

זיי זענען פערשוואונדען געוואָרען אינ'ם זאַל, בשעת עס איז געקומען די גרעפין דע-הילערוא, געאַרעמט מיט דער טאָכ-טער, זוכענדיג מיט די אויגען אָליוויע בערטענ'ען.

ער האָט זיי דערזעהן, באַלד צוגעגאנגען צו זיי און, פער-נויגענדיג זיך, געזאָגט:

—גאָט, ווי זיי זענען שען! כלעבען, אַנעט איז אַסך שע-נער געוואָרען. אין איין וואָך איז זי געוואָרען גאָר אַנ'אַנדערע.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר מיט זיין בעאָבאַכטענדיגען שאַרפען אויג און צוגעגעבען: די ליניען פון געזיכט זענען צאַר-טער, ווייכער, דער פאַרב העלער. איצט איז זי שוין אַסך ווע-ניגער ענליך צו אַ קליינטשיק מיידעלע און מער צו אַ פּאַריזערין.

נאָר פּלוצלונג האָט ער זיך אומגעקערט צום געוועגליכען טאָג-ענין.

—מיר וועלען אָנהויבען פון רעכטס. באַלד וועלען מיר געפינען די הערצאָגין.

די גרעפין, וואָס האָט זיך געפונען אין קורס פון אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות צו מאָלעריי, האָט אַ פּערזאָרגטע, פּונקט ווי זי וואָלט אַליין אויסגעשטעלט אַ בילד, געפרעגט:

—וואָס זאָגט מען?

—מען לויבט די אויסשטעלונג. באַנאַ איז מערקווירדיג; צוויי גרויסאַרטיגע בילדער פון קאַראָלוס דוראַן; פּיוביס דע-שאַוואַן ענטציקט; דאָס, וואָס ראָל האָט אויסגעשטעלט, איבערראַשט, זעהר ניי; רעווע איז אויסגעצייכענט און אַ סך אַנדערע.

—און איר?—האָט זי געפרעגט.

—מען זאָגט מיר קאָמפּלימענטען, אָבער איך בין נישט צופרידען.

—איר זענט קיינמאָל נישט צופרידען.

—ניין, טיילמאָל יאָ. אָבער דאָסמאָל, דאַכט מיר, איז מיר ווירקליך נישט געלונגען.

—פאַרוואָס?

—איך ווייס אַליין נישט.

—מיר וועלען זעהן.

אַז זיי זענען צוגעגאַנגען צום בילד—צוויי פּויערשע מיידעלעך, וואָס באָדען זיך אין אַ קליין טייכעל—, איז אַ גרופּע מענשען געשטאַנען דערביי און זיך ענטציקט מיט אים. דאָס האָט זי דערפרעהט און זי האָט געזאָגט:

—אָבער דאָס איז דאָך פּראַכטפול, דאָס איז דאָך אַ פּערל. איר האָט נאָך קיינמאָל נישט געשריבען בעסער דערפון.

ער האָט זיך צוגעדריקט צו איר, אַ ליבענדיגער, אַ דאַנקבאַרער פאַר איר יעדען וואָרט, וואָס האָט שטענדיג בערוהיגט אין אים עפּיס אַ נאָגעניש, איינגעשטילט עפּיס אַ וואונד. און אין קאָפּ האָבען זיך אים דורכגעטראָגען געשווינטע אַרגומענטען, וואָס האָבען אים איבערצייגט דערין, אַז זי איז גערעכט, אַז מיט אירע קלוגע אויגען פון אַ פּאַריזערין שאַצט זי ריכטיג אָב. ער האָט געוואָלט פערשטיקען זיינע ספקות און פערגעסען, אַז אין אַ משך

פון צוואַנציג יאָר האָט ער די פאַרגעוואָרפען טאַקי דערפאַר, וואָס זי האָט זיך צופיל ענטציקט מיט שפּילצייגקונסט, מיט פיי-נע קליינינקייטען, מיט ווייכע מאָטיוועלעך, מיט די אַלע נאַריש-קייטען, וואָס ווערען אַרויסגערופען דורך דער מאָדע און נישט דורך דער קונסט—דורך יענער איינציגער קונסט, וואָס איז פריי פון אידעען, פון טענדענצען און וועלטליכע פאָראורטיילען.

ער האָט זיי גערופען ווייטער און פאַרגעלעגט בעטראַכטען די בילדער. און לאַנג האָט ער זיי געפירט פון זאַל אין זאַל, בעוויזען זיי בילדער, דערקלערט טעמעס, אַ גליקליכער פון זייער געזעלשאַפט, פון זייער נאַנטקייט.

פלוצלונג האָט די גרעפין געפרעגט:

—וויפיל אַ זייגער?

—האַלב איינס.

—אָ, גיכער פרישטיגען! די הערצאָגין וועט וואַרטען אויף אונז ביי לעדואַיינ׳ען; אַהין בעדאַרף איך אייך ברענגען, אויב מיר וועלען זי דאָ אין די זאַלען נישט געפינען.

דער רעסטאָראַן, אַרומגערינגעלט מיט אַ וועלדעל פון בוי-מער און קוסטעס, איז געווען ענליך צו אַ זשומענדיגען בינשטאָק; אַ נישט-קלאָרער גערויש פון קולות, אַ רופעריי, אַ קלאַפעריי פון טעלער האָט זיך בעטראָגען פון די ברייט-פונאַנדערגעעפענטע טי-רען און פענסטער. די טישען, אַרום וועלכע עס זענען געזעסען מענשען און אין איילעניש געגעסען, זענען געווען איינג צונויפ-גערוקט איינער צום צווייטען און אויסגעשטעלט אין לאַנגע רייהען ביי ביידע זייטען פון דעם איינגען דורכגאַנג. אַהין-און-צוריק זענען אומגעלאָפען גאַרסאָנען איבער דעם איינגען דורכגאַנג, צוטומעלטע און פערשמייעטע, און געטראָגען אין די הענט שווערע געריכטען מיט פלייש, פיש און פרוכטען.

אויף דער קיילעכיגער ווערענדע איז געווען אַזויפיל מענ-שען, אַז זיי האָבען אויסגעוויזען ווי אַ לעבעדיגער טויג. און דאָס אַלץ האָט געלאַכט, גערופען, געטרונקען און געגעסען, בעגייס-טערט פון פרעהליכקייט, אַ דאַנק דעם וויין און יענער בעזונדע-

דער פרייד, וואָס אין מאַנכע טעג בעגיסט זי צוזאַמען מיט דער זון פון פּאַריז.

דער גאַרסאָן האָט דורכגעפירט די גרעפין, אַנעט און בערטענ'ען אין אַ בעזונדער זאַל, וואו אויף זיי האָט געוואַרט די הערצאָגין.

אַריינגעהענדיג, האָט דער קינסטלער בעמערקט דעם מאַרקיז דע-פּאראַנדאַל, וואָס איז געזעסען נעבען זיין מומען. ער איז געוועזן זעהר העפליך, געשמייכעלט, אויסגעצויגען די הענט, צו נעמען ביי דער גרעפין און איר טאָכטער זייערע שירמלעך און פעלערינקעס. דערזעהענדיג אים, האָט בערטען דערשפּירט אַ שאַרפע פּיינטשאַפט און ער האָט געהאַט אַ פערלאַנג צו בעשיטען אים מיט שטעכווערטער און גראָבקייטען.

די הערצאָגין האָט אָנגעהויבען דערקלערן איר בעגעגעניש מיט'ן פלימעניק און מיוזאַדיעס אָבפאָר, וואָס שטעהט אין רשות פון מיניסטער איבער שענער קונסט. און ביים געדאַנק, אַז דערדאָזיגער פּראַנטישער מאַרקיז וועט חתונה-האָבען מיט אַנעט, אַז ער איז געקומען אַהער צוליב איר, אַז ער קוקט שוין אויף איר, ווי אויף אַ פרוי, וואָס וועט טיילען מיט אים איר לעגער—ביי דעמדאָזיגען געדאַנק האָט בערטען אָנגעהויבען ווערען נערוועאיש און האָט דערשפּירט אַזאַ מין האַס, פונקט ווי זיינע רעכט וואָלטען אין עפּיס נישט אָנערקענט געוואָרען, זיינע געהיימע און הייליגע רעכט.

באַלד ווי מען האָט זיך געזעצט פאַר'ן טיש, האָט דער מאַרקיז, וואָס האָט געהאַט זיין אָרט נעבען דעם יונגען מיידעל, אָנגעהויבען פעראינטערעסירען זי. ער האָט דערביי אַרויסגעוויזען יענעם בעזונדערן פלייס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר מענער, וועלכע ווייסען, אַז זיי מעגען אָפען ראָמאַנסירען מיט'ן מיידעל.

ער האָט געקוקט אויף איר מיט בייגיר און דעם קינסטלער האָבען זיינע בליקען אויסגעוויזען העזה'דיגע און פּרובענדיגע. אין זיינע שמייכלען איז כמעט געלעגען צערטליכקייט און צופרידענקייט; זיין העפליכקייט איז גלייכצייטיג געווען אַ קאַל-

טע און אַ וואַרימע. אין זיינע מאַנירען און ווערטער איז שוין אַרויסגעטראָטען עפּיס אַ בעשלאָסענקייט, ער האָט אַזוי ווי געגעבען צו פיהלען, אַז ער איז גרייט אָנצונעמען די זאַך.

די הערצאָגין און די גרעפין האָבען אים קענטליך בעשיצט, געלעגט זייער הסכמה אויף אַזאַ אויפפירונג און זיך דורכגעוואָרפען מיט בליקען פון פערשווערער.

באַלד ווי מען האָט געענדיגט פרישטיגען, איז מען צוריק אַוועק אויף דער אויסשטעלונג. די זאַלען האָבען גערוישט פון מענשען און עס איז געוועזן אונמעגליך דורכצושטופען זיך צווישען זיי. די וואַרימקייט פון מענשליכע קערפּער, דער זיס-קלעפיגער ריח פון דאַמען- און מענערקליידער—דאָס אַלץ צוזאַמען האָט בעשאַפען אַ שווערע עקעלדיגע אַטמאָספערע. איצט האָט מען שוין מער נישט געקוקט אויף די בילדער. נאָר אויף פּנים'ער און טואַלעטען, מען האָט געזוכט בעקאַנטע; טיילמאָל האָט מען דידאָזיגע מענגע מענשען פונאַנדערגעשטויסען און אויף אַ מינוט האָט מען געמאַכט אַ וועג פאַר אַ הויכען צווייענדיגען לייטער, וואָס מען האָט געטראָגען מיט געשריי הינטער די מיטגלידער פון דער אויסשטעלונג: „טרעט-אָב, היט זיך, דאַמען!"

אין אַ פינף מינוט אַרום האָט די גרעפין און אַליוויע פערלאָרען די זייעריגע. ער האָט געוואָלט געהן זיי אָבזוכען, אָבער זי, אָנגעלעגט אויף זיין האַנט, האָט אים געזאָגט:

—איז דען אונז נישט גוט? מיר האָבען זיך נישט וואָס צו בעאונרוהיגען וועגען זיי. מיר האָבען דאָך בעשטימט, אַז אויב מיר וועלען זיך פערלירען, וועלען מיר געפינען איינער דעם צווייטען פיר אַ זייגער אין בופעט.

—יאָ, אמת—האָט ער געזאָגט.

אָבער ער האָט אַלץ געטראַכט פון דעם, אַז דער מאַרקיז בעגלייט אַנעט'ן און שלענגעלט זיך אַרום איר מיט מאַנירען פון אַ פיינעם פאַצעט.

די גרעפין האָט אַרויסגעמורמעלט

—אַלזאָ, האָט איר מיך נאָך ליב?

ער האָט איר געענטפערט מיט אַ צווייטען און בעזאָרגטען פנים:

—נו, יאָ, געוויס.

און ער האָט זיך געסטאַרעט איבער די קעפ אויסצוגעפי-גען דע-פּאַראַנדאַלס גרויען הוט.

זי האָט געפיהלט, אַז ער איז צוזייט און געוואָלט צו-ציהען צו זיך זיין אויפמערקזאַמקייט, און זי האָט פון דאָסניי געזאָגט:

—ווען איר וואָלט געוואוסט, ווי מיך ענטציקט אייער איצ-טיג בילד. דאָס איז אַ פּערל.

ער האָט אַ שמייכעל געטאָן, באַלד פערגעסען די יונגעלייט און געטראַכט נאָר וועגען דעם, וואָס אים האָט בעאונרוהיגט פון אינדערפרי-אָן.

—אמת? איר געפינט-איין?

—יאָ, מיר געפעלט דאָס בילד בעסער פון אַלע אַנדערע.

—דאָסדאָזיגע בילד האָט מיר פערשאַפט נישט ווייניג ער-גערניש.

מיט וואַרימע און חניפה׳דיגע ווערטער האָט זי פון דאָסניי צוגעשמידט זיין אויפמערקזאַמקייט צו זיך. זי האָט שוין לאַנג געוואוסט, אַז קיין זאַך האָט נישט אַזאַ מאַכט איבער דעם אַר-טיסט, ווי האַרציגע שטענדיגע חניפה. אַ געפאַנגענער, פון דאָסניי בעלעבט און דערפרעהט פון דידאָזיגע צאַרטע ווערטער, האָט ער גענומען פּלוידערן און שוין מער קיינעם נישט געזעהן און נישט געהערט אויסער איר אין דערדאָזיגער רוישיגער בעוועגליכער מחנה.

צו בעדאַנקען זי, האָט ער איר אָנגע׳סוד׳עט אויפ׳ן אויער:

—איך האָב אַ ווילדען בעגער צו קושען אייך.

איר איז בעפּאַלען אַ הייסע אויפרעגונג, און, אויפגעהויבען אויף אים די אויגען, האָט זי ווידער געפרעגט:

—אַלזאָ, האָט איר מיך נאָך אַלץ ליב?

און ער האָט געענטפערט מיט אַ בעגער׳ענדיגער אינטאָנאַציע, וואָס זי האָט פריער נישט געהערט אין זיין קול:

—יאָ, איך האָב אייך ליב, מיין טייערע אַנע.

—קומט עפטער צו מיר אין אָוועגד—האָט זי געזאָגט.— איצט, ווען מיין טאָכטער איז אין דערהיים, וועל איך ווייניגער אַרויספאָרען.

פון דער צייט אָן, וואָס זי האָט דערפיהלט, אַז ער ווערט צו איר פלוצלונג צוריק צערטליך, האָט זי זיך געשפירט איינגאַנצען גליקליך. אַליוועס ווייסע האָר און די בערוהיגונג, וואָס די יאָרען ברענגען מיט זיך, האָבען פערקלענערט איר אונרוהיגקייט, אַז אַ צווייטע פרוי וועט אים צוציהען, אָבער איצט האָט זי זיך שטאַרק געשראָקען, אַז ער וועט חתונה האָבען אויס מורא פאַר איינזאַמקייט. אָט די אַלטע שרעקען האָבען זיך אין איר אַלץ געשטאַרקט און געצוואונגען זי צוצוטראַכטען פערשידענע פלאַנען, ער זאָל קאָנען זיין וואָס מער צייט נעבען איר, כדי צו בעפרייען אים פון לאַנגע איינזאַמע אָוועגדען אינ'ם קאַלטען שטילשווייגען פון זיין לעדיגען הויז. מחמת זי האָט נישט געקאָנט אים שטענדיג איינלאַדען צו זיך און פערהאַלטען אים נעבען זיך, האָט זי אים אויסגעזוכט פערשידענע פערגעניגענס, געשיקט אים אין טעאַטער, רעקאָמענדירט אים צו פירען אַ וועלטליך לעבען, געגעבען אים צו פיהלען, אַז זי וויל בעסער ער זאָל זיין אַרומגערינגעלט מיט פרויען, איידער טראַכטען, אַז ער איז אַליין אין דעם טריב-פערלאָזטען הויז.

זי האָט אָנגעהויבען ריידען, ענטפערנדיג זיך גופא אויף אַ געהיימען געדאַנק:

—אַך, ווען איך וואָלט אייך אויף שטענדיג געקאָנט איינהאַלטען, ווי וואָלט איך אייך געצערטעלט, געהיט! זאָגט מיר צו, אַז איר וועט איצט קומען צו מיר עפטער, ווען איך וועל מער נישט אַרויספאָרען.

—איך זאָג עס אייך צו.

—מאַמע—האָט זי דערהערט אַ שעפטשען ביים אויער.

די גרעפין האָט אַ ציטער געטאָן און זיך אומגעקערט. נעבען איר זענען געשטאַנען אַנעט, די הערצאָגין און דער מאַרקיז.

—איצט איז פיר אַ זייגער—האָט געזאָגט די הערצאָגין—

איך בין זעהר מיד און וויל אַוועקגעהן.

די גרעפין האָט געענטפערט:

—איך געה אויך, איך קאָן נישט מער.

זיי זענען צוגעגאַנגען צו די אינערליכע טרעפ, וואָס האָבען זיך געצויגען פון דער גאַלעריי, פערשטעלט מיט צייכנונגען און אַקוואַרעלען, און איז געהאַנגען איבער דעם גרויסען ווינטערגאָרטען. דאָ זענען אויסגעשטעלט געווען סקולפטורווערק.

פון דאַנען האָט זיך געלאָזט זעהן די אונגעהויער-גרויסע אָראַנזשעריע מיט סטאַטועס, פונאַנדערגעשטעלט אויף די וועגען. זיי האָבען געבלייכט צווישען די גרינע קוסטעס אויף זייערע פיעדעסטאַלען און זיך געהויבען איבער די מחנות מענשען, וואָס האָבען זיך אין אַ שנעלען שוואַרצען שטראָם צוגאָסען איבער די אַלעען. אין דידאָזיגע שוואַרצע לענטעס פון היט און אַקסלען האָבען זיך אויסגעטיילט די מאַרמאָרסטאַטועס, בילדענדיג טויזענדער ליכטפלעקען און לייכטענדיג מיט זייער בלענדענדיגער ווייסקייט.

אַז בערטען האָט זיך ביי דער טיר צוזעגענט מיט זיינע בעגלייטער, האָט מאַדאַם דע-הילערואַ אים שטיל אַ פרעג-געטאָן:

—קומט איהר, אַלזאָ, היינט אין אָוועגד?

—געוויס וועל איך קומען.

און ער האָט זיך צוריקגעקערט אויף דער אויסשטעלונג איבערצושמועסען מיט די קינסטלער וועגען די איינדרוקען פון טאָג.

מאָלער און סקולפטאָרס זענען אין קליינע מחנה׳לעך געשטאַנען אַרום די סטאַטועס און פאַר׳ן בופעט. דאָ זענען פערטיידיגט און אָבגעוואָרפען געוואָרען דיזעלבע אידעען, ווי אין די פּרגאַנגענע יאָרען; עס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרען דיזעלבע אַרגומענטען און געאַמפּערט האָט מען זיך אויך אונגעפעהר איבער דיזעלבע ווערק. אָליוויע איז, ווי אַלעמאָל, שטאַרק אויפגעלעבט געוואָרען ביי דידאָזיגע וכּוחים. ער האָט געהאַט די פעהיגקייט אונטערצודריקען שנעלע רעפליקעס, צוטומלען יענעם האַסטיג און האָט געשמ׳ט פאַר אַ שאַרפזיניגען טעאָרעטיקער, מיט

וואָס ער האָט זיך זעהר געגרויסט. דאָסמאָל האָט ער געסטאַרעט זיך אויפצומונטערן, זיך דערהיצען דורכ'ן וכוח, אָבער די געדאַנקען, מיט וועלכע ער האָט געווענליך אָבגעשלאָגען די געגנער, האָבען אים אויך אַזוי וועניג אינטערעסירט, ווי דאָס, וואָס אים איז אויסגעקומען צו הערען; און אים האָט זיך געוואָלט אַוועקגעהן, נישט הערען, נישט פערשטעהן, מחמת ער האָט פאָראויס געוואוסט אַלץ, וואָס מען וועט זאָגען בנוגע צו די אַלטע פראַגען איבער קונסט פון פערשידענע, אים שוין לאַנג בעקאַנטע שטאַנדפונקטען.

דאָך האָט ער עס אַלץ ליב געהאַט, מיט גרויסער אויסשליסליכער ליבע ביז אַהער ליב געהאַט, אָבער היינט האָט אים עפּיס צוזייט, נישט געלאָזט זיך קאָנצענטרירען, ווי עס געשיהט, בשעת עפּיס אַ קלייניגקייט, וואָס בעדאַרף אונז, דאַכט זיך, גאָרנישט אינטערעסירען, פערפאָלגט אונז אָהן אַנ'אויפהער, וואָס אַרום זאָל נישט געטאָן ווערען, נישט גערעדט ווערען; עס בלייבט שטעקען ביי אונז אין מח, ווי אַ העלצעל, וואָס איז אַריין אין לייב.

אפילו די אונרוהיגקייט פאַר די באָדענדיגע מיידעלעך איז גאָר אַנטרונען, בשעת ער האָט זיך דערנאָך דערמאָנט וועגען דעם, ווי אונאָנגענעם דער מאַרקיז האָט זיך געדרעהט אַרום אַנעט. אייגענטליך, וואָס האָט עס צו אים? האָט ער דען געוויסע רעכט? פון וואַנען קומט צו אים דער חשק צו שטערען דעמדאָזיגען שענעם שדוך, וואָס איז פריער בעשטימט געוואָרען און וואָס איז פּאַסיג אין אַלע פּרטים? אָבער נאָך די אַלע בעדאַכטונגען איז אים נישט געלונגען אָבצוטרייבען יענע שפּירונג פון פיינטשאַפט און אונצופרידענקייט, וואָס איז אים בעפאַלען, בשעת ער האָט דערזעהן, ווי פאַראַנדאַל רעדט און שמייכעלט, ווי אַ חתן, גלעטענדיג מיט'ן אויג דאָס געזיכט פונ'ם יונגען מיידעל.

אַז ער איז געקומען אין אָווענד צו דער גרעפין און פון דאָסניי זי בעפונען מיט דער טאָכטער ביי דער האַפּטונג פאַר אָרבּע, האָט אים געקאָסט אַ סך מיה איינצוהאַלטען זיך פון חוזק'ן און בייזע בעמערקונגען אויפ'ן אדרעס פון מאַרקיז; ער האָט

קוים דערשטיקט אין זיך דעם חשק קלאָר צו מאַכען פאַר אַנעט'ן די גאַנצע באַנאַליטעט פון דעמדאָזיגען מאַן, וואָס איז אויסערליך בעדעקט מיט גלאַנץ.

בשעת דידאָזיגע נאָך מיטאָג-וויזיטען האָט ער שוין לאַנג, אויף די רעכט פון אַנ'אַלטען פריינד, וואָס שטערט זיך נישט, טיילמאָל זיך דערלויבט אַ לייכט שלעפעריג שווייגען און אונגעצוואונגענע פּאָזעס. טיף אַריינגעזעצט זיך אין לענשטול, אַ פוס אויף אַ פוס, דעם קאָפּ פערוואָרפען אַהינטער, האָט ער עפטער ריידענדיג געטרוימט און אין דערדאָזיגער אַטמאָספערע פון בעקוועמליכקייט האָט אויסגערוהט זיין גוף און זיין נשמה. אָבער פלוצלונג האָט ער דערשפירט עפּיס אַ דערוואַכונג, אַ צופלוס פון ענערגיע, ווי עס געשיהט מיט מענער, וואָס סטאַרען זיך מיט אַלע מעגליכקייטען געפעלען צו ווערען, בשעת זיי זענען בעשעפטיגט דערמיט, וואָס מען וועט זאָגען וועגען זיי, און אין דער דער געזעלשאַפט פון עטליכע פערזאָנען זוכען זיי אָב די מערגלענצענדיגע אָדער פיינערע אויסדרוקען, כדי די געדאַנקען זאָלען אַרויסקומען מער אויסגעפוצט און מער קאָקעטיש. איצט האָט ער שוין נישט געלאָזט אָבשטאַרבען דעם שמועס, ער האָט אים בעלעבט און אויפגעהויבען דורך זיין בעגייסטערונג, און אַז אים פלעגט געלינגען, די גרעפין און איר טאָכטער זאָלען אָנהויבען לאַכען מיט אַנ'אויפריכטיגען פרעהליכען געלעכטער, אָדער אַז ער פלעגט בעמערקען, אַז זיי זענען גערירט אָדער אַז זיי פלעגען אויף אים אויפהויבען פערוואונדערטע אויגען אָדער זיי פלעגען פערגעסען די אַרבייט און זיך צוהערען צו זיינע ווערטער—דעמאָלט פלעגט ער שפירען אַ קיצעלדיג געפיהל פון פערגעניגען, אַ קליינעם ציטער פון נצחון, מיט וועלכען ער איז בעלוינט געוואָרען פאַר זיינע אָנשטרענגונגען.

איצט פלעגט ער קומען יעדעס מאָל, ווען ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט זיי געפינען אין דערהיים אַליין און, מעגליך, אַז ער האָט קיינמאָל נישט איבערגעלעבט אַזוינע אָנגענעמע אָווענדען.

אָט די אָפטע פּינקטליכע וויזיטען האָבען איינגעשטילט די

שטענדיגע שרעקען פון מאַדאַם דע-הילערואַ און מיט אַלע כחות האָט זי זיך געסטאַרעט צוצוציהען אים און איינצוהאַלטען נעבען זיך. זי האָט זיך אָבגעזאָגט פון געלאַדענע מיטאָגען, פון בעלער, פון פאָרשטעלונגען, צו פערשאַפען זיך בלויז דאָס פערגעניגען, אַרויסצוהגען דריי אַ זייגער פון שטוב און, אַריינוואַרפען אין טעלעגראַפענקעסטעל אַ בלויע טעלעגראַם מיט די ווערטער: „ביז׳ן אָוועגד”. פון אָנהויב פלעגט זי אָבשיקען די טאָכטער שלאָפען, ווי נאָר עס פלעגט שלאָגען ניין אַ זייגער, כדי ער זאָל האָבען די מעגליכקייט צו פערבלייבען מיט איר וואָס מער אַליין. דערנאָך אָבער, אַז זי האָט איינמאָל בעמערקט, ווי ער וואונדערט זיך דערויף און זאָגט מיט אַ שמייכעל, אַז מען בעדאַרף זיך אויפהערן בעגעהן מיט אַנעט, ווי מיט אַ קליין מיידעלע, וואָס האָט זיך צופיל צושטיפט, האָט זי איר געגעבען אַ הנחה נאָך אַ פערטעל שעה, דערנאָך אַ האַלבע שעה, דערנאָך אַ שעה; אַז דאָס מיידעל פלעגט אַוועק שלאָפען, פלעגט ער, איבעריגענס, לאַנג נישט פערבלייבען. עס פלעגט זיך דאַכטען, אַז צוזאַמען מיט איר פלעגט פערשווינדען אַ העלפט פון יענעם צויבער, וואָס פלעגט אים אויפהאַלטען אין דעמדאָזיגען גאַסטצימער. נאָך איר אַוועקגעהן, פלעגט ער באַלד צורוקען צו דער גרעפינס פיס דאָס קליינע ליבע נידעריגע לענשטולכעל, זיך אַנידערזעצען נאָענט פון איר און טיילמאָל מיט אַ צערטליכער שטיפערישער בעוועגונג זיך צודריקען מיט אַ באַק צו אירע קני. פלעגט זי אים געבען איר האַנט, וואָס ער פלעגט נעמען אין זיינע און זיין היין און אונרוהיגקייט פלעגען באַלד פאַלען; פלעגט ער אויפהערן ריידען און אין האַרציגען שטילשווייגען, אויסגערוהט דאַכט זיך, פון זיין אויפרעגעניש און אָנשטרענגונג.

ביסלעכווייז האָט זי מיט׳ן אינסטינקט פון אַ פרוי פערשטאַנען, אַז אַנעט ציהט אים צו אויך כמעט אַזוי, ווי זי אַליין. אָבער דאָס האָט זי נישט געערגערט, זי איז געווען גליקליך, וואָס צווישען זיי ביידען קאָן ער געפינען עטוואָס אַזוינס, ענליך צו אַ היים, וואָס זי האָט אים צוגענומען. און זי האָט זיך געסטאַרעט איינצוהאַלטען אים נעבען זיך און איר טאָכטער ווי

ווייט מעגליך לענגער. זי האָט אונטערגעשטריכען איר ראָל פון אַ מוטער, ער זאָל האָבען די אילוזיע, אַז דאָס מיידעלע איז זיינס און אַז צו דעם אַלעם, וואָס האָט אים צוגעשמידט צו דעמדאָזיגען הויז זאָל צוקומען נאָך אַ שאַטירונג פון צערטליכקייט.

אין איר קאָקעטעריע, וואָס איז שטענדיג געווען אויף דער וואַך, האָט זיך אַריינגעגנב'עט אַן'אונרוהיגקייט פון דער צייט אָן, וואָס זי האָט דערפיהלט די בייזע רמזים פון אַלטקייט, פונקט ווי אַ לייכטען קוים-שפירענדיגען שטאָך, און איצט איז איר קאָקעטעריע געוואָרען מער אַקטיוו. צו ווערען אַזאַ שלאַנקע און דינע, ווי אַנעט, האָט זי זיך שטענדיג אָבגעזאָגט פון טרינקען און זי איז ווירקליך מאָגערער געוואָרען; איר פיגור איז איצט ענליך געווען צו דער פיגור פון דעם יונגען מיידעל, אַזוי, אַז פון הינטען האָט מען זיי כמעט נישט געקאָנט אונטערשיידען. אָבער אויף איר אָבגעצערטען פנים האָט זיך שלעכט אָבגעשפיגעלט דער דאָזיגער שנוי. די בעפרייטע הויט האָט זיך איינגעשרומפען און בעקומען אַ געלבע שאַטירונג, וואָס האָט נאָכמער אונטערגעשטריכען די רייצענדיגע פרישקייט פונ'ם יונגען מיידעל.

און דעמאָלט, אָבהיטענדיג דאָס געזיכט, האָט זי אָנגעהויבען ברויכען די מיטלען פון אַן'אַקטריסע; אמת, די ווייסקייט פון דער הויט, וואָס זי האָט אויף אַזאַ אופן דערגרייכט, האָט אויסגעוויזען בייטאָג, פאַר'ן העלען שיין, עטוואָס פערדעכטיג, אָבער דערפאַר אין אָווענד האָט איר הויט בעקומען יענעם קינסטליכען, נאָר רייצענדיגען גלאַנץ, וואָס גיט די גוט-געפאַרבטע פרויען אַזאַ זעלטענע געזיכטשאַטירונג.

דאָס, וואָס זי האָט אָנערקענט די קאַפּיטולירונג פאַר דער צייט און אָנגעהויבען געברויכען קינסטליכע מיטלען, האָט אין איר פערענדערט די געוואוינהייטען. אויף וויפיל עס איז נאָר געווען מעגליך, האָט זי אָנגעהויבען אויסמיידען פערגלייכונגען פאַר דעם העלען שיין פון דער זון און געזוכט דידאָזיגע פערגלייכונגען פאַר'ן שיין פון אַ לאָמפּ, מחמת דאָס אָווענדליכע ליכט האָט איר געגעבען פאָרצוג. אַז זי האָט זיך געפיהלט מיד, בלאַס, מער אַלט, איידער געוועהנליך, זענען איר געקומען צוהילף די געהאָרזאַמע

מיגרענען, וואָס האָבען דערלויבט דורכצולאָזען בעלער און ספעקטאַקלען; דערפאַר אָבער אין יענע טעג, ווען זי האָט זיך געשפירט איינגאַנצען גלאַנץ פון איר שענקייט, האָט זי געפייערט איר נצחון און מיט בעשיידענעם שטאָלץ פון אַ יונגער מוטער זיך פאָרגעשטעלט פאַר אַנ'עלטערע שוועסטער. צו טראָגען שטענדיג כמעט דיזעלבע קליידער מיט דער טאָכטער, פלעגט זי אָנטאָן די טאָכטער, ווי אַ יונגע פרוי, און די טואַלעטען האָבען אויסגעוויזען צו-שווער פאַר אירע יאָרען. אַנעט, אין וועלכער עס האָט זיך אַלץ מער אַרויסגעוויזען דער פרעהליכער חוזק'דיגער כאַראַקטער, האָט געטראָגען דידאָזיגע קליידער מיט אַזאַ רירעוודיגער פרעהליכקייט, אַז זיי האָבען זי געמאַכט נאָך רייצענדיגער. מיט דער גאַנצער נשמה האָט זי זיך בעטייליגט אין דער מאַמעס קליינינקע קאָקעטישע כיטרעקייטען, אינסטינקטיוו מיט איר צוזאַמען געשפּילט קלייניטשקע גראַציעזע סצענעלעך, געקאָנט אַ קוש טאָן זי צו דער צייט, צאַרט אַרומנעמען זי ביי דער טאַליע, געקאָנט מיט אַ בעוועגונג, מיט אַ גלעט, מיט עפּיס אַ פּלעצליכען פרעהליכען המצאה'לע בעווייזען, ווי אַזוי זיי זענען ביידע שען און ווי זיי זענען ענליך צו איינאַנדער.

אָליוויע בערטען, וואָס האָט זיי שטענדיג געזעהן צוזאַמען, וואָס האָט זיי שטענדיג פערגלייכט, איז דערגאַנגען דערצו, אַז מינוטענווייז פלעגט ער זיי צוזאַמענמישען. טיילמאָל, בשעת דאָס יונגע מיידעל פלעגט ריידען צו אים אין דער צייט, וואָס ער האָט גראָד נישט געקוקט אויף איר, פלעגט ער זיין געצוואונגען צו פרעגען: „ווער האָט עס נאָר-וואָס גערעדט?" טיילמאָל פלעגט ער זיך אפילו ווילען דערמיט, ער פלעגט אויף אַזאַ אופן שפּילען מיט זיי און צוזאַמענמישען זיי, בשעת זיי פלעגען זיין אַליין אין גאַסטצימער, געפּוצט אין סטיל פון לודוויג דעם XV-טען. ער פלעגט פערמאַכען די אויגען און טיילמאָל בעטען, זיי זאָלען זיך ווענדען צו אים מיט דערזעלבער פראַגע, איינע נאָך דער צווייטער, דערנאָך פלעגט ער ענדערן די אָרדנונג פון די פראַגען, צו דערקאָנען זייער קול. זיי האָבען זיך אַזוי געשיקט איינגעאיבט אין דער קונסט צו ריידען מיט דער אייגע-

נער אינטאָנאַציע, אַז עפּטער האָט ער נישט געקאָנט טרעפען, ווער פון זיי האָט עס גערעדט. און זיי האָבען זיך ווירקליך אויסגעלערנט ריידען אַזוי ענליך, אַז די דינער פלעגען זאָגען: „יאָ, מיין הערין״ דעם יונגען מיידעל און „יאָ, פריילין״ — איר מוטער.

זיי האָבען זיך געוויילט דערמיט, וואָס זיי האָבען נאָכגעמאַכט איינע דער צווייטער, קאָפּירט די בעוועגונגען צווישען איינאַנדער און דערגרייכט אַזאַ ענליכקייט אין דער פיגור און די זשעסטען, אַז אפילו הער דע-הילערואַ אַליין פלעגט זיי ווילעוויין צוזאַמישען, בשעת די אָדער יענע פלעגט אַדורכגעהן די שוואַך בעלויכטענע טיפקייט פון גאַסטצימער, און ער פלעגט זיי פרעגען:

—דאָס ביזטו, אַנעט, אָדער דאָס איז דיין מוטער?

אָט די נאַטירליכע און קינסטליך-דערגרייכטע ענליכקייט, אָט דאָס ווירקליכע און דאָס געמאַכטע האָבען געגעבען דעם קינסטלער אַ מאָדנעם איינדרוק פון עפּיס אַ צווייענדיג וועזען, אַן אַלטען און אַ יונגען, זעהר אַ בעקאַנטען און כמעט אַן אונבעקאַנטען. צוויי קערפּער, אינגאַנצען ענליך צווישען זיך, פון איין-און-דערזעלבער פרוי, אַן עלטערער און אַ יונגער, וואָס איז פון דאָסניי געוואָרען אַזאַ, ווי זי איז געוועזן. און ער האָט געלעבט נעבען זיי, זיך געטאָפּעלט צווישען זיי, פול אונגרוהיגקייט און אויפרעגונג. ער האָט געפיהלט, ווי די געוועזענע ליידענשאַפט צו דער מוטער ווערט פון דאָסניי בעלעבט אין זיין נשמה און אין דערזעלבער צייט וועקט אין אים דאָס יונגע מיידעל עפּיס אַ נישטקלאָרע צאַרטקייט.

## I.

20-טער יולי, פּאַריז, 11 אַ זייגער אין אָוונט.

מיין ריינד, מיין מוטער איז נאָר-וואָס געשטאָרבן אין ראַנסיער. מיר פאָרען-אַרויס האַלבע נאַכט. קומט נישט, וואָרום מיר האָבען קיינעם נישט געמאָלדען. אָבער בעדויערט מיך און טראַכט וועגען מיר.

אייער אַנע.

21 יולי, האַלבער טאָג.

מיין אָרימער פריינד, איך וואָלט געקומען געגען אייער ווילען, ווען איך וואָלט נישט געוועזען געוועזען צו דערפילען יע-דען פערלאַנג אייערן. פון נעכטען-אָן, טראַכטענדיג וועגען אייך, שפיר איך אַ שטאַרקען ווערטאָג. איך שטעל מיר פאָר די שוויי-געגדיגע נסיעה, וואָס איר האָט געמאַכט צוזאַמען מיט אייער טאָכטער און אייער מאַן, איך שטעל מיר אייך פאָר, ווי איר זיצט אין אַ שלעכט-בעלויכטענעם וואַגאָן, וואָס פירט אייך אַוועק צו דער טייערער פערשטאָרבענער. איך זעה אייך אַלע דריי אונ-טער אַ רויכערדיגען לעמפּעלע — איך זעה אייך וויינענדיג, איך זעה אַנעט יאָמערענדיג. אָט קומט איר אויפ'ן וואָקזאַל, אייך שטעהט נאָך פאָר אַ שרעקליך נסיעה'לע אויף פערד. אָט קומט איר אַריין,

[illegible]ינגעלט פון דינער, אין הויז, איר וואַרפט זיך צו די זרעפּ, צו יענעם צימערל, צו יענעם בעט, וואו זי ליגט. איך זעה אייער ערשטען בליק, אויסגעשטעלט אויף איר, איך זעה, ווי איר קושט דאָס אויסגעמוטשעטע אונבעוועגליכע געזיכט. און איך טראַכט פון אייער האַרץ, פון אייער אָרימען האַרץ, וואָס אַ העלפט פון אים געהערט מיר. דאָס האַרץ איז דערשלאָגען, דאָס האַרץ ליידט, אייך איז אונגעהויער שווער איצט, און איך לייד טיף צוזאַמען מיט אייך.

איך קוש אייערע אויגען, פול טרערען, מיט שטאַרקען מיטלייד.

אָליוויע.

2-טער יולי, ראָנסיער.

אייער בריף וואָלט מיר געבראַכט פערלייכטערונג, מיין פריינד, אויב מיר וואָלט עפּיס יאָ געקאָנט געבען פערלייכטערונג אין דעמדאָזיגען שרעקליכען אומגליק, וואָס מיר האָט געטראָפען. איר לויה איז געוועזן נעכטען, און פון דער צייט אָן, וואָס איר אָרימער טויטער גוף איז אַוועק פון דעמדאָזיגען הויז, דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך בין געבליבען אַליין אויף דער ערד. האָסט ליב די מוטער, כמעט נישט-וויסענדיג עס, כמעט נישט-פיהלענדיג דידאָזיגע ליבע, ווייל ליבען זי איז אַזוי נאַטירליך, ווי לעבען, און ווי טיף עס זענען די וואָרצלען פון דעמדאָזיגען געפיהל, בעגרייפסטו ערשט דעמאָלט, ווען דו בעדאַרפסט זיך שיידען צום לעצטען מאָל. און נישטאָ קיין אַנדער ליבע-געפיהל, וואָס מען זאָל קאָנען פערגלייכען מיט דעם, מחמת די אַלע איבעריגע קומען צו אונז דורך צופעליגע בעגעגענישען און נאָר אָט דאָס געפיהל לעבט אין אונז פון געבוירען-אָן. די אַלע איבעריגע געפיהלען קומען אין אונז אין צוזאַמענהאַנג מיט'ן שפּילען פון מזל און נאָר די ליבע צו אַ מוטער ליגט אין אונזער בלוט פון'ם ערשטען טאָג פון לעבען. און דאָס איז דאָך נישט בלויז דאָס, וואָס דו פערלירסט אַ מוטער, דאָ ווערט אויך אויף אַ העלפט פערשוואונדען אונזער קינדהייט, ווארום דאָס לעבען פון אַ קינד געהערט אויף אַזויפיל איר, וויפיל אונז. נאָר זי אַליין האָט עס

געוואוסט צוזאַמען מיט אונז, נאָר זי אַליין האָט געדענקט אַ סך לאַנג-פערגאַנגענע, אונבעדייטענדיגע, אָבער טייערע געשעהעני-שען, וואָס האָבען אַרויסגערופען דעם ערשטען צאַרטען ציטער אין אונזער האַרץ. נאָר איר אַליין האָב איך נאָך געקאָנט זאָ-גען: „געדענקסטו, מאַמע, אין יענעם טאָג, ווען?.. געדענקסטו, מאַמע, די פּאַרפאָר-ליאַלקע, וואָס די באָבע האָט מיר געשענקט?" צוזאַמען מיט איר פלעגען מיר איבערקלויבען די קליינינקע און קאָמישע ערינערונגען און איצט וויס זיי שוין קיינער נישט אויף דער ערד, אויסער מיר. דאָס בעווייזט, אַז אַ טייל פון מיר אַליין איז איצט געשטאָרבען, אַנ'עלטערער, אַ בעסערער טייל. איך האָב פערלאָרען אַנ'אָרים האַרץ, וואו עס האָט נאָך אינגאַנצען גע-לעבט יענס קליינטשיק מיידעלע, וואָס איך בין אַמאָל געוועזען. איצט איז שוין נישטאָ מער קיינער, וואָס זאָל זי קאָנען. קיינער געדענקט שוין איצט נישט די קליינינקע אָגע, אירע קורצע קליידעלעך, איר געלעכטער, אירע תנועה'לעך.

און עס וועט קומען אַ טאָג, וואָס איז שוין, קאָן זיין, נישט זעהר ווייט, ווען איך וועל אויך בעדאַרפען אַוועקגעהן און אַליין אויף דער וועלט װעל איך איבערלאָזען מיין טייערע אָנעט, ווי עס האָט מיך איצט איבערגעלאָזט אַליין די מוטער. ווי דאָס אַלץ איז טרויעריג, בייז, גרויזאַם! און דאָך טראַכט מען וועגען דעם קיינמאָל נישט. מיר בעמערקען נישט, אַז ביי יעדער רגע טראָגט אַוועק דער טויט עמיצען פון אונז, ווי ער וועט אונז אויך אינ-גיכען אַוועקטראָגען. ווען מיר וואָלטען דאָס אַלץ געזעהן, ווען מיר וואָלטען געטראַכט וועגען דעם, ווען אונז וואָלט נישט גע-ווילט, נישט געמאַכט פרעהליך און נישט פערבלענדט דאָס אַלץ, וואָס ווערט געטאָן אַרום אונז, וואָלטען מיר דען געקאָנט לע-בען, וואָלטען מיר דען נישט משוגע-געוואָרען פון דידאָזיגע אונ-ענדליכע טויטען?

איך בין אַזוי דערשלאָגען, אַזוי פערצווייפעלט, אַז איך בין נישט אימשטאַנד עפּיס צו טאָן. טאָג און נאַכט טראַכט איך אַלץ פון מיין אָרימער מאַמען, וואָס איז פערשלאָסען אין אַ קאַסטען, פערגראַבען אונטער דער ערד, דאָר'טען אויף די פעלדער, אונ-

טער׳ן רעגען. איר אַלט-געוואָרען געזיכט, וואָס איך פלעג קושען מיט אַזאַ גליק, איז בלויז אַ הייפעלע, וואָס דאַרף פוילען אין דער ערד!

ווען איך האָב פערלאָרען דעם פּאַפּאַ, האָב איך חתונה גע-האַט. דעמאָלט האָב איך נישט געשפּירט דאָס אַלץ, וואָס איך פיהל איצט. יאָ, בעדויערט מיך, טראַכט פון מיר, שרייבט מיר. ווי איר זענט מיר איצט נויטיג!

**אגע.**

פּאריז, דעם 25-טען יולי.

מיין אָרימער פריינד.

אייער צער האָט מיך שרעקליך דערשלאָגען. און איך בין אויך ווייט דערפון צו זעהן אַלץ אין אַ ראָזען פּאַרב. פון זינט איר זענט אַוועקגעפאָרען, פיהל איך מיך פערלאָרען און פער-וואָרפען, אָהן אַ היים, אָהן אַנ׳אָבדאַך. אַלץ מאַכט מיך מיד, אַלץ איז מיר לאַנגווייליג, אַלץ רעגט מיך אויף. איך טראַכט נאָכאַ-נאַנד פון אייך און פון אייער אַנעט. איך פיהל, אַז איר זענט ביידע ווייט פון מיר און איך נויטיג מיך אַזוי אין אייער נאָנט-קייט. וואונדערליך, סאַראַ ווייטע איר קומט מיר איצט אויס און ווי איר פעלט מיר. קיינמאָל נישט, אפילו אין יענע טעג, ווען איך בין געווען יונג, זענט איר אַזויפיל נישט געווען פאַר מיר אַ ל ץ, ווי איצט. פון אַ געוויסער צייט-אָן האָב איך פאָרגעפיהלט דעמדאָזיגען קריזיס. דער צושטאַנד, וואָס איך לעב-איבער איז אַזאַ מאָדנער, אַז איך וואָלט איך וועלען אייך בעשרייבען. שטעלט אייך פאָר, אַז פונ׳ם מאָמענט פון אייער אָבפאָר קאָן איך מער נישט שפּאַצירען. אַמאָל און אפילו איצט אין די לעצטע מאָנאַטען האָב איך זעהר ליב געהאַט צו געהן אַליין איבער די גאַסען, אַרומבלאָנקען אָהן אַ ציל, אַ צוזייטער בעטראַכטען מענ-שען, זאַכען, שפּירענדיג אַ תענוג דערפון, וואָס איך זעה און וואָס איך קאָן זאָרגלאָז אַרומדרעהען זיך איבער די גאַסען. איך פלעג געהן, וואוהין די אויגען פלעגען טראָגען, אַליין נישט-וויסענדיג וואוהין איך געה. איך פלעג געהן צוליב׳ן אַרומבלאָנקען, אָטעמען, טרוימען. איצט קאָן איך מער נישט. באַלד ווי איך געה אַרויס

אויף דער גאַס, הויבט מיך אָן שטיקען עפּיס אַנ׳אונרוהיג געפיהל, איך לעב-איבער די אימה פון אַ בלינדען, וואָס האָט פערלאָרען זיין הונד. איך הויב-אָן צו ווערען אונרוהיג. פונקט דאָס אייגענע, ווי אַ וועגמאַן, וואָס האָט זיך אַראָבגעשלאָגען פון זיין שטעג אין וואַלד, און איך בעדאַרף מיך צוריקקערן אַהיים. פּאַריז זעהט מיר אויס לעדיג, משונה, איך פערליר מיך אין אים. איך פערגיב מיר אַ פראַגע: „וואוהין געהן?" און ענטפער זיך: „ערגעץ נישט, איך שפּאַציר דאָך." זעהר שען, אָבער איך קאָן נישט, איך קאָן מער נישט שפּאַצירען אָהן אַ ציל. פון דעם איין געדאַנק, אַז מען דאַרף זיך בעוועגען, געהן, פיהל איך מיך ערשלאָגען פון מידיגקייט, פערמוטשעט פון בענקשאַפט. דעמאָלט געה איך אין קלוב און שלעפּ אהין מיין מרה-שחורה.

און ווייסט איר, וואָס איז די סבה פון דעם אַלעם? בלוי דאָס, וואָס איר זענט דאָ נישטאָ. איך בין זיכער דערין. בשעת איך ווייס, אַז איר זענט אין פּאַריז, איז שוין פאַר מיר נישטאָ קיין שפּאַציר אָהן אַ ציל, וואָרום עס אין דאָך גאַנץ מעגליך, איך זאָל אייך בעגעגענען ערגעץ אויף אַ גאַס. ווילט זיך מיר געהן אומעטום, וואָרום איר קאָנט דאָך זיין אומעטום. אויב איך זעה אייך נישט, קאָן איך דאָך, לפּחות, האָפען, אַז איך ויעל בעגעגענען אַנעט, וואָס איז דאָך איינע פון אייערע פערקערפּערונגען.

אַ דאַנק אייך ביידען, זענען אַלע גאַסען געווען פאַר מיר פול האָפנונג—די האָפנונג צו זעהן אייך. עס האָט געקאָנט געשעהן, אַז איר זאָלט זיך צוריקקערן פון ערגעץ ווייט און קומען מיר אַנטקעגען און עס האָט געקאָנט זיין אַזוי, אַז איך זאָל געהן הינטער אייך, פיהלענדיג און פאָרשטעלענדיג זיך אייער נאָהנטקייט. און די שטאָט איז מיר דעריבער געווען רייצענדיג און די פרויען, ענליך צו אייך מיט׳ן אויסזעהן, האָבען גערעגט מיין האַרץ אין דעם הוהאַ פון די גאַסען. זיי האָבען מיך אָנגעפילט מיט דערוואַרטונג, געוויילט מיין אויג, זיי האָבען אַזוי ווי דערוועקט אין מיר דעם אַפּעטיט צו זעהן אייך.

איר וועט וואַרשיינליך איינגעפינען, אַז איך בין אַ גרויסער עגאָאיסט, מיין אָרימער פריינד. איך ענטשולדיג מיך, וואָס איך

זינג אייך, ווי אַנ׳אַלטע וואָרקענדיגע טויבּ, וועגען מיין איינזאַמ-קייט אין דער צייט, ווען איר פערגיסט אַזוינע ביטערע טרע-רען. ענטשולדיגט מיר, איך בין אַזוי געווענט צו די צערטליכ-קייטען און לאַסקעס, מיט וועלכע איר האָט מיך אַרומגערינגעלט. אַז קוים זענט איר נישטאָ נעבען מיר, הויב איך בּאַלד אָן רו-פען נאָך הילף.

איך קוש אייערע פיס און בעט אייך מיטלייד האָבען מיט מיר.

אַליוויע.

ראָנסיער, דעם 30-טען יולי.

מיין פריינד!

אַ דאנק פאַר׳ן בריף. פאַר מיר איז אַזוי וויכּטיג דאָס ווי-סען, אַז איר האָט מיך ליב! איך האָב נאָר-וואָס איבערגעלעבּט שרעקליכע טעג. צייטענווייז האָט זיך מירווירקליך געדאַכט, אַז דאָס אומגליק וועט מיך אינגאַנצען דערשלאָגען. ווי אַ שטיין איז עס מיר געלעגען אויפ׳ן האַרצען און אַלץ געוואַקסען, איך האָב געפיהלט, אַז איך פערליר דעם אָטעם, אַז עס שטיקט מיך. דער דאָקטאָר, וואָס איז איינגעלאַדען געוואָרען צו בערוהיגען די נער-וועגאַטאַקען, וואָס פלעגען טרעפען צו פיר-פינף מאָל אַ טאָג, האָט מיר געמאַכט איינשפריצונגען פון מאָרפיום; דאָס האָט מיך דער-פירט צו אַ צושטאַנד פון העכּסטער אויפרעגונג, כּמעט צו משוגעת. איך פיהל מיך עטוואָס בערוהיגט נאָכ׳ן שטאַרקען געוויטער, וואָס איז ביי אונז געווען פרייטאָג, איך בעדאַרף אייך זאָגען, אַז פון נאָך דער לויה האָב איך מער נישט געקאָנט וויינען. די דערנענ-טערונג פון געוויטער האָט אויסערגעוועהנליך אָנגעשטרענגט מיינע נערוועז, נאָר אַז דער אוראַגאַן האָט אויסגעבראָכען, האָב איך פלוצלונג דערפיהלט, ווי עס האָבען זיך גענומען גיסען טרערען פון מיינע אויגען, לאַנגזאַמע, קאַרגע, קליינינקע ברענענדיגע טרערענדלעך! אַך, אָט די ערשטע טרערען, ווי עס איז שווער פון זיי! זיי האָבען מיך געריסען פונקט ווי מיט נעגעל, מיי האַלז איז געווען אַזוי צונויפגעדריקט, אַז איך האָב נישט גע קאָנט אָבּאָטעמען. דערנאָך זענען אַוועק עפּטערע, גרעסערע זיי

וואַרימערע טרערען. זיי האָבען געגאָסען פון מיינע אויגען ווי פון אַ קוואַל און זענען געווען אַזויפיל, אַז מיין טיכעל איז דורכ-געווייקט געוואָרען דורך זיי און מען האָט בעדאַרפט נעמען אַ צווייט טיכעל. און דאַכט זיך, אַז דער שווערער שטיין פון פיין ווערט ווייך, צוגעהט, רינט-אַרויס פון מיינע אויגען.

פון דעמדאָזיגען מאָמענט אָן ווייין איך פון פרי ביז אָוועגד און דאָס העלפט מיר. ווען מיר וואָלטען נישט געקאָנט וויינען, וואָלטען מיר משוגע געוואָרען אָדער געשטאָרבען. איך פיהל מיך אויך זעהר איינזאַם. מיין מאַן מאַכט עקסקורסיעס אי-בער דער אומגעבונג און איך האָב אים איינגערעדט, ער זאָל נעמען מיט זיך אַנעט און דערמיט זי כאָטש עטוואָס אויפמונ-טערן און בערוהיגען. פאָרען זיי אין אַנ'עקיפּאַזש אָדער רייטענ-דיג אַכט אָדער צען ווייאָרסט אונטער ראָנסיער און זי קערט זיך אום צוריק אינגאַנצען אַ ראָזע, אויף די באַקען שפּילט איר יוגענד-רויטקייט, נישט-געקוקט אויף איר טרויער. די אויגען ברענען איר פון בעלעבונג, זי איז אויפגערעגט דורך דער דאָרפלופט און דורכ'ן שפּאַציר. ווי שען איז איר עלטער! איך מיין, אַז מיר וועלען דאָ נאָך פערבלייבען אַ צוויי אָדער דריי וואָכען. דערנאָך וועלען מיר זיך אומקערן צוריק קיין פּאַריז און איר ווייסט פאַר-וואָס, כאָטש עס איז איצט אויגוסט.

איך שיק אייך אַלץ, וואָס איז נאָך געבליבען פון מיין אָרימען האַרצען.

אַנע.

פּאַריז, דעם 4-טען אויגוסט.

דאָס ווערט אונדערטרעגליך, מיין אָרימער פריינד. איר בעדאַרפט זיך אומקערן, ווייל אויב נישט, בין איך זיכער, אַז מיט מיר וועט עפּיס געשעהן. איך פרעג זיך, צי בין איך נישט קראַנק—אַזוי שטאַרק איז אין מיר דער עקעל צו אַלץ, מיט וואָס איך בעשעפטיג מיך לאַנג, וואָס איך טו ביז אַהער נישט אָהן פערגעניגען אָדער מיט גלייכגילטיגער געהאָרזאַמקייט. קודם כל איז אין פּאַריז איצט אַזוי הייס, אַז יעדע נאַכט איז אַ מין טער-קישע באָד און דאָס ציהט זיך אַכט אָדער ניין טעג. נאָכ'ן

שלאָפען שטעה איך אויף אַנ׳אויסגעמוטשעטער פון מידיגקייט אין דערדאָזיגער באָדלופט, און אַ שעה אָדער צוויי שפּאַציר איך אַרום פאַר׳ן ווייסען לייוועגד מיט דער כּונה אָנצוהויבען עפּיס מאָלען. אָבער איך קאָן גאָרנישט טאָן: מיין קאָפּ, מיין אויג, מיין האַנט זענען שוואַך. איך בין שוין נישט מער קיין קינסטלער... דאָס נעמען זיך פאַר דער אַרבייט אָהן שום רעזולטאַט ברענגט מיך אַרויס פון געדולד. אויף מיין פּאָדערונג קומען פּאָזירערינס, איך זעץ זיי פונאַנדער און בשעת זיי גיבען מיר אַ פּאָזע, זשעסטען און אויסדרוקען, וואָס איך האָב שוין געמאָלט ביז איבערזעטיגונג, הייס איך זיי זיך אָנטאָן און שליידער זיי אַרויס הינטער׳ן טיר. איך בין שוין נישט אימשטאַנד צו זעהן עפּיס נייעס און דערפון לייד איך אַזוי, פּונקט ווי איך וואָלט בלינד געוואָרען. וואָס איז עס אַזוינס? מידיגקייט פון אויג אָדער פון מאַרך, אָדער טאַלענט-אויס-צערונג אָדער די ראיה איז אויסגעמאַטערט געוואָרען? ווער ווייס? מיר ווייזט-אויס, אַז איך בין שוין מער נישט בכח עפּיס צו ענטדע-קען אין יענעם געביט פונ׳ם אומבעקאַנטען, וואוהין איך פלעג ביז אַהער דורכמאַכען געלונגענע עקספּעדיציעס. איך קאָן טאָן נאָר דאָס, וואָס עס טוען אַלע שלעכטע קינסטלער, איך קוק און אָבסערוויר מיט אויגען פון אַ פּעדאַנט. אַמאָל, און נאָך גאָרנישט אַזוי לאַנג, האָט מיר אויסגעוויזען אומבעגרענצט די צאָל נייע סיזשעטען; איך האָב געהאַט אַזויפיל פערשידענאַרטיגע מיטלען ווי אַזוי צו מאָלען, אַז דער אויסוואַל פון זיי האָט מיך געלאָזט קווענקלען. אונז אָט איז פּלוצלונג צוזייט געוואָרען די מענגע פון מיינע סיזשעטען; מיין זוכען האָט קיין קראַפט און קיין ער-פאָלג נישט געהאַט. די מענשען, וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען, האָבען פערלאָרען יעדען זין פאַר מיר, איך קאָן שוין מער נישט געפינען אין יעדען מענשליכען וועזען יענעם כאַראַקטער, וואָס געהערט נאָר דעם איינעם, יענע אייגענאַרטיגקייט, וואָס איך האָב פריער אַזוי ליב געהאַט צו דערקאָנען און אַרויסברענגען. מיר דאַכט זיך, איבעריגענס, אַז איך וואָלט געקאָנט מאַכען זעהר אַ גוטען פּאָרטרעט פון אייער טאָכטער. נישט דערפאַר אפשר, וואָס זי האָט אַזויפיל ענליכקייט צו אייך, ווערט איר מיר ביידע

צוואַמענגעמישט אין געדאַנק? יאָ, אפשר איז עס אַזוי.

און אַזוי, נאָכדעם, ווי איך פּרוב מיך אומזיסט אָנוואַרפען אַנ׳עסקיז פון אַ מאַנספערשוין אָדער אַ פרוי, וואָס זענען נישט ענליך צו די ג׳ט-בעקאַנטע מאָדעלען, בעשליס איך מיך באַלד אַוועקצוזעהן ערגעץ מיטאָגען, ווארום איך האָב נישט קיין דרייסטקייט צוועקצוזעצען זיך אַליין אין מיין עסצימער. דער מאַלזערבבולוואַר איז ענליך צו אַ וועלדעל, וואָס איז אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען מיט אַ טויטער שטאָט. פון אַלע הייזער וועהעט מיט לערקייט. די מענשען, וואָס בעגיסען אויף די גאַסען דעם ברוק, הויבען-אויף מיט די שמוציגע שפּריצען קנוילען ווייסען שטויב און בעדעקען דערמיט דעם ברוק, פון וועלכען עס טראָגט זיך אַ ריח פון דזעגאַכץ און פון אַ נאַר-וואָס געוואַשענעם פערדענשטאַל, און אויף דעם גאַנצען שטח פון מאָנסאָפּאַרק ביז דעם הייליגען אויגוסטין קאָן מען בלויז זעהן אַ פיר אָדער פינף שוואַרצע פיגורען, — דאָס זענען אַזוינע נישט-קענטליכע דורכגעהער: שיקיונגען פון אַ געשעפט אָדער דינער. דער שאָטען פון פּלאַטאַנבוימער, בשעת ער האַלט ביים פוס פון בוים אויפ׳ן אָנגעגליהטען טראָטואַר, לעגט ער זיך, ווי אַ מאָדנער פלעק, וואָס זעהט-אויס אויך אַזוי שיטער, ווי דאָס אויסגעגאָסענע וואַסער, וואָס ווערט טאַקי באַלד אויסגעטריקענט. די אונבעוועגליכע בלעטער אויף די צווייגען און זייערע גרויסע אָבגעשפּיגעלטע פלעקען אויפ׳ן אַספאַלט, זענען פול מידיגקייט, ווי די אָנגעברענטע, שלעפעריגע און שוויציגע שטאָט, וואָס איז ענליך צו אַנ׳אַרבייטער, וועלכער איז אַנטשלאָפען געוואָרען אויף אַ באַנק אונטער דער זון. אָט דער עלענדער שטאָט-לויתן ווערט בעגאָסען מיט שוויס און גיט-אַרויס אַ שרעקליכען ריח, וואָס טראָגט זיך פון די אַלע לעכער פון אירע אייזערנע רערען, פון די אַלע ווענטילאַטאָרען, קעלערס און קיכען, פון די אַלע רינשטאָקען, איבער וועלכע עס וואַנדערט דער שמוץ פון די גאַסען. דעמאָלט קומען מיר אויפ׳ן זכרון די זומערדיגע פרימאָרגענס אין אייער פרוכטגאָרטען, פול מיט פעלדבלומען, וואָס פילען-אָן די לופט מיט אַ ריח פון האָניג. דערנאָך קום איך אַריין אַ פערשטיקטער אין רעסטאָראַן, וואו

פליכוואטע בייכיגע מענשען, מיט פונאנדערגעשפילעטע זשילע-טען מיט פייכטע גלאנציגע שטערענס זיצען דערשלאגען פאר די טישען און עסען. די אלע שפייזען איז אויך אונדערטרעגליך הייס. דער קאוואן ווערט צוגאנגען פון היץ, דאס ברויט ברע-קעלט זיך, דאס גרינוואַרג שוויצט, דער קעז פוילט, די פרוכטען אין די פענסטער פון די קראמען זענען אנגעפילט מיט א פארע. געה איך ארויס פון רעסטאראן מיט דערווידערונג און עקעל און קער מיך אום מיט דער כונה עטוואס צו ליגען און דורכצושלא-פען זיך ביז מיטאג, ווען איך וועל אוועק אין קלוב.

ווי אלעמאל טרעף איך דא אדעלמאנ׳ען, מאלדאנ׳ען, ראק-דיאנ׳ען, לאנדוי און אנדערע, וואס זענען מיר דערעסען און דע-גערווירען מיך, ווי גאסענשארמאנקעס. יעדער פון זיי האט זיך זיין מאטיוו, אדער עטליכע מאטיווען, וואס איך הער זיי שוין פופ-צען יאר און אט דרעהען זיי זיך אליין אן אין קלוב, וואס פרע-טענדירט, אפנים, צו זיין א פערוויילונגסארט. עפיס א נייעס דור וואלט איך וועלען זעהן, ווארום מיינע אויגען, מיינע אויערן, מיין שכל זענען איבערגעזעטיגט מיט די מענשען פון מיין דור. דידאזיגע הערן האלטען-אב גאכאנאנד נצחונות. זיי רימען זיך מיט זיי און גיבען-אב מזל-טוב איינאנדער.

אבגענעצענדיג אקוראט אזויפיל מאל, וויפיל עס זענען פאראן מינוטען צווישען אכט און צוועלף דעם זייגער ביינאכט, קער איך מיך אום אהיים צו לעגען זיך שלאפען און איך טו זיך אויס, טראכטענדיג וועגען דעם, אז מארגען וועט מען עס בע-דארפען אנהויבען פון דאסניי.

יא, מיין טייערער פריינד, איך בין איצט אין יענער על-טער, ווען דאס לעבען פון א נישט-פערהייראטען ווערט אונדער-טרעגליך, ווארום פאר מיר איז שוין נישטא קיין שום נייעס אונ-טער דער לבנה. א נישט-פערהייראטער מענש בעדארף זיין יונג, טשיקאווע, גיריג צו אליץ. אבער ווען די אלע אייגענשאפטען ווערען אנטרונען—איז געפערליך צו פערבלייבען פריי. גאט אין הימעל! ווי איך האב ליב געהאט מיין פרייהייט, אמאל, איידער איך האב אייך ליב בעקומען מער פון דערדאזיגער פרייהייט! ווי

מיר איז איצט שווער! פרייהייט פאַר אַנ׳אַלטען בחור, ווי איך—דאָס איז לערקייט, לער אומעטום. דאָס איז דער וועג צו טויט און נישטאָ אויף דעמדאָזיגען וועג עפּיס אַזוינס, וואָס זאָל פערשטעלען זיין סוף—דאָס איז אַ פּרעגעניש אָהן אַנ׳עק: וואָס זאָל איך טאָן? וואָס זאָל איך געהן זעהן, אַז איך זאָל נישט זיין אַליין? און איך געה פון אַ פריינד צו אַ פריינד, דריק די האַנט דאָ איינעם, דאָ אַ צווייטען און בעטעל זיך אויס אַ ברעקעלע פריינדשאַפט. און ווי יעדער בעטלער, האָב איך אַ סך ברעקלעך, אָבער קיין איין גאַנצען שטיקעל נישט. איר, איך האָב אייך, זענט מיין פריינד, אָבער איר געהערט נישט מיר. מעגליך, אַז נאָר איר זענט די סבה פון דער אונרוהיגקייט, וואָס פּייניגט מיך. ווארום דער דורשט צו זיין מיט אייך נאָנט, האָבען אייך געבען זיך, דער בעגער צו זיין מיט אייך אונטער איין אָבדאַך, פיהלען, אַז צווישען דיזעלבע ווענט פליסט אונזער ביידענס לעבען, אַז אונזערע ביידענס הערצער לעבען מיט דיזעלבע אינטערעסען, די פּאָדערונג, אַז אַלץ זאָל ביי אונז זיין געמיינזאַם: הנאָנונג, ערגעריניש, פערגעניגען, פרייד, צער, זאַכען... אָט וואָס מיך נאָגט. איר געהערט מיר, דאָס הייסט אַז פון צייט-צו-צייט גנב׳ע איך אַ טיילכעל פון אייך. אָבער איך וואָלט וועלען שטענדיג אָטעמען איין לופט מיט אייך, אַלץ טיילען מיט אייך, געברויכען נאָר די זאַכען, וואָס געהערען אונז ביידען, פיהלען, אַז אַלץ, מיט וואָס איך לעב, איז נישט בלויז מיין פערמעגען, נאָר אויך אייערס—אי דאָס גלאָז, פון וועלכען איך טרינק, אי דער שטול, אויף וועלכען איך רוה מיך אָב, אי דאָס ברויט, וואָס איך עס, אי דאָס פייער, וואָס וואַרימט מיך.

זענט געזונד, קומט שנעל צוריק. מיר איז אונגעהויער שווער פון דערווייטענס אָהן אייך.

אָליוויע.

ראָנסיער, דער 8-טער אויגוסט.

מיין פריינד, איך בין קראַנק און אַזוי דערשלאָגען, אַז איר וואָלט מיך נישט דערקאָנט. איך מיין, אַז איך האָב צופיל געוויינט. איך בעדאַרף אָברוהען, איידער איך קער מיך אום צו-

ריק, וואָרום איך קאָן מיך גאָר פֿאַר אייך נישט ווייזען אַזאַ, ווי איך בין איצט. מיין מאַן פֿאָרט מאָרגען אַוועק קיין פּאַריז און וועט אייך ברענגען די אַלע ידיעות, וואָס זענען שייך צו אונז. ער רעכענט מיט אייך ערגעץ צו מיטאָגען און גיט מיר איבער, איך זאָל אייך בעטען אויפצוואַרטען אויף אים ביי אייך אין דערהיים אַרום זיבען אַזייגער.

וואָס אָנבעלאַנגט צו מיר, איז באַלד ווי איך וועל מיך דערפיהלען עטוואָס לייכטער, באַלד ווי איך וועל מער נישט האָבען דאָס געזיכט פֿון דער געשטאָרבענער, וואָס שרעקט מיך אַזוי, וועל איך מיך אומקערן צו אייך. איך האָב אויך נישט קיינעם אויף דער וועלט, אויסער אַנעט און אייך און איך וויל יעדערן פֿון אייך געבען דאָס אַלץ, וואָס איך קאָן געבען, נישט בע'גנב'ע־נענדיג דעם צווייטען.

קושט מיינע אויגען, וואָס האָבען אַזויפֿיל געוויינט.

אַנע.

נאָך דעמדאָזיגען בריף, וואָס האָט מיטגעטיילט, אַז דאָס צוריקקערן זיך ווערט פֿון דאָסניי אָבגעלעגט, האָט אָליוויע בער־טען געהאַט אַ פֿערלאַנג, אַנ'אונגעהויער־שטאַרקען חשק צו נעמען אַ קאַרעט, אַוועקפֿאָרען אויפֿ'ן וואָקזאַל, אַריינזעצען זיך אין צוג און אַוועקפֿאָרען קיין ראָנסיער. דערנאָך, אַז ער האָט זיך דערמאָנט, אַז הער דע־הילערואַ דאַרף קומען מאָרגען, האָט ער זיך אונ־טערגעגעבען דעם גורל און גענומען וואַרטען אויפֿ'ן מאַנ'ס קו־מען מיט אַזאַ אונגעדולט, פּונקט ווי עס וואָלט בעדאַרפֿט קומען נישט ער, נאָר דאָס ווייב זיינס.

ער האָט נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געליבט הילערואַ'ן, ווי אין דעמדאָזיגען מעת־לעת פֿון וואַרטען.

אַז יענער איז, צולעצט, געקומען, האָט זיך בערטען געוואָר־פֿען צו אים מיט אויסגעשפּרייטע הענט און אויסגעשריען:

— אַך, טייערער פֿריינד, ווי איך בין גליקליך, וואָס איך זעה אייך!

יענער האָט אויך אויסגעזעהן זעהר צופֿרידען, בעזונדערס [illegible] אים געפֿרעהט דער צוריקקער קיין פּאַריז, ווייל פֿאַר ד

לעצטע דריי וואָכן איז דאָס לעבען אין נאָרמאַנד געווען ווייט נישט פרעהליך.

ביידע האָבען זיי זיך אַנידערגעזעצט אויף דעם קלייניטש-קען דיוואַנדעל פּאַר צוויי פּערזאָן, אין ווינקעל פון דער אַטעליע, אונטער׳ן צודעק פון מזרח-געוועבען און, שטאַרק גערירט, זיך פון דאָסניי געדריקט איינאַנדער די האַנט.

—און די גרעפין,—האָט בערטען געפרעגט—וואָס מאַכט זי?

—נישט זעהר גוט. דערדאָזיגער טויט האָט זי זעהר צו-טרויסעלט, זעהר צורודערט. זי קומט צו זיך זעהר לאַנגזאַם. דעם אמת געזאָגט, בין איך עטוואָס אונרוהיג פּאַר איהר.

—נאָר פאַרוואָס קומט זי נישט צופאָרען?

—איך וויים נישט. אָבער איך האָב זי בשום אופן נישט געקאָנט איבערצייגען, זי זאָל פאָרען צוריק. זיין דאָרט ברענגט איר קיין שום נוצען נישט. איך וואָלט זעהר געוואָלט, אַז זי זאָל טוישען דאָס אָרט, אַוועקפאָרען פון דאָרטען, וואו דאָס אַלץ איז געשעהן, איר פערשטעהט?

—און אַנעט?

—אָ, דאָס איז אַ בליהענדיג בלימעל!

אויף אָליוויעס ליפּען האָט אַ שיין געטאָן אַ פריידיגער שמיי-כעל. ער האָט נאָך געפרעגט:

—נו, און זי האָט אויך שטאַרק געטרויערט?

יאָ, זעהר, זעהר, אָבער איר ווייסט, צו אַכטצען יאָר פערהאַלט זיך נישט לאַנג אַ צער.

נאָך אַ קליינעם שווייגען האָט הילערואַ פון דאָסניי אָנגעהויבען ריידען:

—נו, וואו וועלען מיר מיטאָגען, מיין פריינד? איר ווייסט, איך בעדאַרף זיך נויטיג דורכטרויסלען, הערען אַ טומעל, זעהן אַרום זיך בעוועגונג.

—אין אָט דער צייט פון יאָר בעזוכט מען, דאַכט זיך, ד באַטשאַפּט-קאַפּע?

און ביידע, האַלטענדיג זיך איינאַנדער אונטער די הענט, זענען אַוועק צו די יעליסייער פעלדער. הילערואַ, דורכגענומען מיט

ענער געהויבענער שטימונג, וואָס עס שפירט שטענדיג אַ פּאַרי-
זער, ווען ער קערט זיך אום צוריק קיין פּאַריז, וואָס נאָך יע-
דען צוריקקומען זעהט ער אויס יונגער און פול מיט אונדער-
ווארטע מעגליכקייטען, האָט פערוואָרפען דעם קינסטלער מיט
פראַגען וועגען טויזענדער קלייניגקייטען, וועגען דעם, וואָס מען
האָט גערעדט און געטאָן. אָליוויע, נאָך עטליכע גלייכגילטיגע
תשובות, וואָס האָבען אָבגעשפּיגעלט אין זיך די גאַנצע בענק-
שאַפט פון זיין איינזאַמען לעבען, האָט אָנגעהויבען ריידען פון
ראָגסיער און זיך געסטאַרעט אַרויסצוגעפינען אין הילערוא׳ן, כאַ-
פּען אַרום אים יענס מאַטעריעלע עפּיס, וואָס מענשען, גאָר-וואָס
געוועזענע מיט אונז, לאָזען איבער אין אונז—יענע דינע עמאַ-
נאַציע פון וועזענס, וואָס רינגלען אונז אַרום, וואָס מיר טראָגען-
אַוועק מיט זיך, בשעת מיר פערלאָזען זיי, וואָס האַלט זיך איין
אין אונז אין אַ משך פון עטליכע שעה און ווערט דערנאָך אָהן
אַ שום שפור אויסגעדאַמפט אין דער נייער סביבה.

דער זומערדיגער אָוונדהימעל איז שווער געהאַנגען אי-
בער׳ן שטאָט און די גרויסע בולוואַרען, און אין דער גרינקייט
פון מאַנכע בוימער האָבען זיך שוין דערהערט די אָבגעריסענע
פרעהליכע מעלאָדיעס פון די קאָנצערטען אונטער׳ן אָפענעם הי-
מעל. הילערוא און בערטען זענען געזעסען אויף דער וועראַנדע
פון דער באָטשאַפט-קאַפע און אונטען, פאַר׳ן קליינעם טעאַטער,
געזעהן נאָך לעדיגע בענק און שטולען; דאָרטען פאַר׳ן טעאַ-
טערל, אין דעם געמישטען ליכט פון עלעקטרישע לאָמפּען און
דעם גוסס׳ן טאָג, האָבען זינגערינס דעמאָנסטרירט זייערע גרויס-
אַרטיגע טואַלעטען און דאָס ראָזע לייב. אַ לייכט ווינטעלע, וואָס
האָט געוויגט די בלעטער פון די קאַשטאַנענבוימער, האָט גע-
בראַכט אַ ריח פון פּוטער, סאָאוס און וואַרימע שפּייזען און בשעת
עס איז פאַרבייגעגאַנגען אַ פרוי, וואָס האָט געזוכט איר אָרט אין
דער בעגלייטונג פון אַ הער אין אַ שוואַרצען פראַק, האָט זי אָנ-
געפילט די לופט מיט אַ פער׳שכור׳טען און פרישען ריח פון איר
קליידער און קערפער.

הילערוא, אַ שיינענדיגער, האָט אַרויסגעמורמעלט:

—אַך, איר ווייסט, זיין דאָ איז אַ סך אָנגענעמער, איידער דאָרטען.

—און מיר,—האָט געענטפערט בערטען—איז ליבער צו זיין דאָרטען, איידער דאָ.

—וואָס רעדט איר!

—צו אַלדי שוואַרץ יאָר! איך געפין-איין, אַז פּאַריז איז היינטיגען זומער העסליך.

—ע, מיין פריינד, פּאַריז וועט שטענדיג פערבלייבען פּאַריז.

דער דעפּוטאַט איז, אַפּנים, געוועזען זעהר אין אַ גוטער שטי-מונג, ער האָט איבערגעלעבט אַ טאָג פון יענע זעלטענע טעג פון פרעהליכער אויפרעגונג, ווען ערנסטע מענשען ווערען פעהיג צו טאָן נאַרישקייטען. ער האָט געקוקט אויף צוויי קאָקאָטינס, וואָס האָבען געמיטאָגט ביים שכנ׳ישען טישעל מיט דריי מאָגערע יונ-געלייט, זעהר אָנשטענדיגע און ער האָט אויסגעפרעגט אָליוויע׳ן וועגען די אַלע בעוואוסטע פערקויפטע פרויען, וואָס זייערע נע-מען הערט ער אַלע טאָג. דערנאָך האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ טאָן פון שטאַרקען עגמת-נפש:

—אייך איז בעשערט דאָס גליק צו פערבלייבען אַ בחור. איר האָט דאָס רעכט אַלץ צו טאָן, אַלץ צו זעהן.

אָבער דער קינסטלער איז אויפגערעגט געוואָרען און ווי עס טרעפט שטענדיג מיט מענשען, וואָס זיי פערפאָלגט נאָכאַנאַנד אַ געדאַנק, האָט ער אָנגעהויבען אויסגיסען פאַר הילערואַ׳ן זיין בענקשאַפט און איינזאַמקייט. ווען ער האָט אַלץ אַרויסגעזאָגט, ווען ער האָט ביז׳ן סוף דערשעפּט די טריבע דערצעלונג פון זיין מעלאַנכאָליע, בשעת ער, בעוועגט דורך דער בעדערפעניש צו פערלייכטערן זיין נשמה, האָט אים נאַאיוו דערצעלט, ווי שטאַרק אין אים איז דער דורשט צו ליבע און צו געפינען זיך שטענדיג נאָנט נעבען אַ פרוי, האָט דער גראַף פון זיין זייט זיך מודה-געווען, אַז דאָס מאַן-אַ׳ן ווייב-לעבען האָט אויך זיינע מעלות. דעמאָלט האָט ער דערשפּירט אין זיך דעם צופלוס פון שענע פּאַרלאַמענטרייד, זיך גענומען לויבען די שטילע תענוגים פונ׳ם פּאַמיליענלעבען און בעשאָטען מיט שבחים די גרעפין; אָליוויע

בערטען האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און דערמיט אויסגעדריקט זיין הסכמה.

ער האָט געהאַט גרויס הנאה דערפון, וואָס מען רעדט פון איר, אָבער ער האָט מקנא-געווען יענעם אינטימען גליק, וואָס הילערוואַ האָט געליובט לויט זיין פליכט און סוף-כל-סוף האָט דער קינסטלער מיט אויפריכטיגער איבערצייגונג אַרויסגעשעפּטשעט:

—יאָ, איר, איר זענט אַ גליקליכער!

דער דערוואַרימטער דעפּוטאַט האָט מסכים-געווען דערמיט, דערנאָך האָט ער פון דאָסניי אָנגעהויבען ריידען:

—איך וואָלט זעהר געוואָלט, אַז זי זאָל וואָס גיכער קו-מען. כלעבען, איר איצטיגער צושטאַנד מאַכט מיך אונרוהיג. ווייסט איר וואָס? אַזוי ווי אייך איז לאַנגווייליג אין פּאַריז, וואָלט איר בעדאַרפט אַ פּאָר טאָג קיין ראָנסיער און ברענגען זי אַהער. אייך וועט זי הערען, ווייל איר זענט איר בעסטער פריינד. און אַ מאַן... איר ווייסט דאָך...

אָליוויע האָט געזאָגט ענטציקט:

—איך וועל עס טאָן מיט פערגעניגען. אָבער... ווי מיינט איר, זי וועט נישט זיין ברוגז, אויב איך וועל פּלוצלונג קומען אַהין?

—ניין, אַ האָר נישט, וואָס רעדט איר, פריינד?

—אויף אַזאַ אופן בין איך מסכים. מאָרגען פאָר איך מיט׳ן צוג, וואָס געהט-אָב אַ זייגער. שיקען איר אפשר אַ טע-לעגראַם?

נאָכ׳ן מיטאָג האָבען זיי זיך פון דאָסניי אומגעקערט אויפ׳ן בולוואַר, אָבער עס איז נישט אַוועק קיין האַלבע שעה, ווי דער גראַף האָט פערלאָזט דעם קינסטלער אונטער׳ן אויסרייד פון זעהר אַ וויכטיגען ענין, וואָס ער האָט גאָר פערגעסען.

# II.

די גרעפין און איר טאָכטער, אָנגעטאָן אין שוואַרצע טרויער-קליידער, האָבען זיך געזעצט מיטאָגען. זיי זענען געזעסען קעגען איינאַנדער אין דעם גרויסען זאַל פון׳ם דאָרפישען הויז אין ראָ-סיער. די נאַאיוו-געמאָלטע פּאָרטרעטען פון די אורעלטערן אין אַלטע אָבגעניצטע גאָלדענע ראַמען האָבען אין אַ שטרענגער שורה בעפּוצט די ווענט און פּאָרגעשטעלט מיט זיך אַ קאָלעקציע פון די געוועזענע הילערואַ׳ס. געוועזען צווישען זיי אַ ריטער אין לאַפּען און אַ צווייטער אין אַזשילעט; געוועזען אַנ׳אָנגעפּודערטער אָפיציר פון דער פראַנצויזישער גוואַרדיע. געוועזען אַ פּאָלקאָווניק פון דער רעסטאַווראַציע. צוויי דינער, וואָס האָבען זיך שטיל בעוועגט, האָבען בעדינט ביידע פרויען. זיי זענען געזעסען שווייגענדיגע. אַרום דעם קריסטאָלענעם הענגלייכטער, וואָס איז בע-האַנגען איבער׳ן מיט טיש, האָבען זיך גערדרעהט און געזשומעט פליגען, ווי אַ קליין וואָלקענדל פון שוואַרצע פּינטעלעך.

—עפענט די פענסטער,—האָט די גרעפין געזאָגט—דאָ איז עטוואָס קאַלט.

באַלד זענען געעפענט געוואָרען דריי האַלבע פענסטער, וואָס האָבען זיך אויפגעהויבען פון דער פּאָדלאָגע צום באַלקען. און מיט אַמאָל האָט זיך אַריינגעריסען אין דידאָזיגע דריי גרויסע לעכער אַ שטראָם וואַרימע לופט, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך דעם ריח פון אָנגעוואַרימטען גראָז און דעם ווייטען גערויש פון דאָרף, צונויפמישענדיג זיך עטוואָס מיט דער בישט-פרישער לופט פון די שלאָסצימערן וואָס זענען געוועזען אַרומגערינגעלט מיט גראָבע שטיינערנע ווענט.

—אַך, ווי גוט,—האָט אַנעט געזאָגט און איינגעאָטעמט די לופט מיט דער פולער ברוסט.

די אויגען פון די ביידע פרויען האָבען געקוקט אין דער ווייט־קייט אַריין, אונטער דעם ריין־בלויען הימעל, עטוואָס פערנעבעלט דורך די לייכטע דאַמפען, וואָס הויבען זיך אויף פון דער ערד צו האַלבען טאָג, איז געלעגען אויסגעשפרייט דער פרייער גרי־נער פלאַץ פון פאַרק און וואו־נישט־וואו האָבען זיך דערויף גע־הויבען גרופעס בוימער. צווישען זיי האָט זיך פריי געלאָזט זעהן דער העל־בעלויכטענער שטח פון דאָרף און צייטיגע תבואות האָ־בען זיך געצויגען דערויף ווי אַ גאָלדענער טעפיך ביז׳ן סאַמע האָריזאָנט.

—נאָכ׳ן פרישטיג וועלען מיר מאַכען אַ גרויסען שפּאַציר—האָט געזאָגט די גרעפין—מיר קאָנען געהן צופוס מיט׳ן טייכעל ביז דערוויל. געהן מיכ׳ן פעלד וועט זיין צו־הייס.

—יאָ, מאַמע, און מיר וועלען מיטנעמען זשוליאַ׳ן, זאָל ער אונז אָנשרעקען די פעלדהינער.

—דו ווייסט, אַז דיין פאָטער דערלויבט עס נישט.

—אָ! אָבער דער פּאַפּאַ איז דאָך אין פּאַריז! עס איז אַזוי אינטערעסאַנט צו זעהן, ווי זשוליאָ מאַכט אַ שטעל. זעה, אָט איז ער, ער רייצט די בהמות. גאָט מיינער, ווי קאָמיש!

אָבגעשטויטען דעם שטול, איז זי אויפגעשפרונגען, צוגעלאָ־פען צום פענסטער, אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און אויסגעשריען:

—דרייסטער, זשוליאָ, דרייסטער!

דריי בהמות, וואָס האָבען זיך אָנגעגעסען מיט גראָז און געווען איינגעמאַטערט פון היץ, זענען געלעגען מיט׳ן זייט אויפ׳ן גרינעם פּאַרקפלאַץ און זיך אויסגערוהט. מחמת מיט איין זייט זענען זיי געלעגען צוגעדריקט צו דער ערד, האָט זיך דער בויך נאָכמער אַרויסגערוקט פון דער צווייטער זייט. לויפענדיג פון איין בהמה צו אַ צווייטער מיט אַ בילעריי, מיט אַ ווילדער שפּרינ־געניש, מיט אַ פרעהליכער גלוטיגער. געמאַכטער בייזקייט, האָט דער יאַגדהונט זיך מיט אַלע כחות געסטאַרעט צו צווינגען די דריי גראָבע בהמות זיי זאָלען זיך אופהויבען. אַ זאַך, וואָס זיי

האָבען גאָרנישט געהאַט בדעה צו טאָן. דער הונד איז געווען אַ ווייכער, אַ ווייסער, מיט געלע פלעקען און זיינע געדיכט-האָריגע אויערן האָבען געפלאַטערט ביי זיין יעדען שפרונג. אפנים, אַז ער האָט זיך פערנומען מיט זיין ליבסטען שפיל, וואָס ער האָט יעדעס מאָל אָנגעהויבען באַלד ווי ער האָט נאָר בעמערקט, אַז די בהמות האָבען זיך אויסגעצויגען אויפ'ן גראָז. אונצופרידען און נישט-שפירענדיג קיין שום מורא, האָבען זיי געקוקט אויף אים מיט זייערע גרויסע פייכטע אויגען, קערענדיג מיט די קעפּ נאָך זיינע בעוועגונגען.

אַנעט האָט געשריען פון פענסטער:

—נעם, זשוליאָ, נעם!

און דער הונד, אונטערגעוואַרימט דורך דעםדאָזיגען געשריי, איז געוואָרען דרייסטער, גענומען העכער בילען, צוגעלאָפען זעהר נאָנט און געמאַכט אַנ'אָנשטעל, ווי ער וואָלט וועלען אַ ביס טאָן. די בהמות זענען אונרוהיגער געוואָרען און דאָס נערוועאישע צו-קען מיט'ן פעל, וואָס דערמיט האָבען זיי פעריאָגט די פליגען, איז געוואָרען עפּטער און לענגער.

און אָט האָט דער הונד, וואָס האָט זיך אַזוי צוהיצט און נישט געקאָנט אויפהאַלטען זיין היץ, צוגעלאָפען צו אַ בהמה אַזוי נאָנט און מיט אַזאַ האַסט, אַז ער האָט געמוזט איבערשפּרונגען איבער איר, כדי נישט צו פאַלען. די פוילע בהמה האָט זיך גאָר דערשראָקען פון דעםדאָזיגען שפרונג, האָט זי פריער אויפגעהוי-בען דעם קאָפּ, דערנאָך זיך תמ'עוואַטע אַוועקגעשטעלט אויף אַלע פיר פיס מיט אַ שטאַרקער ברומעריי. דאָס אייגענע האָבען באַלד געטאָן די איבעריגע צוויי. זשוליאָ האָט גענומען טאַנ-צען אַרום זיי אַ נצחון טאַנץ און אַנעט האָט אים הויך אַפּלאָדירט:

—בראַוואָ, זשוליאָ, בראַוואָ!

—אָבער קום פרישטיגען, מיין קינד—האָט געזאָגט די גרעפין.

נאָר דאָס יונגע מיידעל האָט אויפגעהויבען די האַנט אי-בער די אויגען און געזאָגט:

—זעה נאָר! אָן געהט דער טעלעגראַפיסט.

איבער דעם אונבעמערקטען שטעגעלע, וואָס האָט זיך געצויגען צווישען פעלדער, פערזייט מיט'ן קאָרן און האָבער, האָט זיך אַזוי ווי געגליטשט אַ בלוי העמדעל פון אַ מענשען, וואָס האָט זיך מיט מעסיגע טריט דערנענטערט צום שלאָס.

—גאָט מיינער!—האָט די גרעפין אַרויסגעשעפטשעט—זאָל ער נאָר נישט ברענגען קיין שלעכֿטע ידיעה. זי איז נאָך אַלץ געווען דורכֿגענומען מיט יענעם שרעק, וואָס פערבלייבט אין אונז אויף לאַנג, בשעת מיר דערוויסען זיך דורך אַ דעפעש וועגען דעם טויט פון אַ געליבטען וועזען. איצט, אַז איר איז פאָרגעשטאַנען אויפצורייסען דאָס פערקלעבטע אָרט, צו פונאַנדערעפענען דאָס קליינע בלויע בלעטעלע, האָבען איר פאַר-פרי געגומען ציטערן די פינגער, אַ שטאַרקע אונרוהיגקייט איז איר בעפאַלען, און איר האָט זיך געדאַכֿט, אַז דאָסדאָזיגע צונויפגעלעגטע פאַקעטל, וואָס מען וועט בעדאַרפען אַזוי לאַנג פונאַנדערוויקלען, וועט פון דאָסניי ברענגען מיט זיך אַנ'אומגליק און פון דאָסניי וועט זי דאַרפען פערגיסען טרערען.

אַנעט, פערקערט, איז געווען פול מיט יונגער נייגירדיגקייט, עס האָט איר געפאַנגען דאָס אונבעקאַנטע. דאָס האַרץ אירס, וואָס האָט בלויז דאָס ערשטע מאָל איבערגעלעבט אַ צער, האָט געוואַרט אויף גליק פון דערדאָזיגער שוואַרצער שרעקליכֿער בריפטאַש, וואָס זייהט אַזויפיל אונרוהיגקייט אויף די גאַסען פון די שטעט און אויף די דאָרפטראַקטען.

די גרעפין האָט אויפגעהערט עסען, אין געדאַנק האָט זי זיך בעוועגט מיט דעמדאָזיגען מענשען, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו איר און איר געטראָגען עטליכֿע אָנגעשריבענע ווערטער, עטליכֿע ווערטער, וואָס וועלען איר אפשר טרעפען, ווי אַ מעסער אין האַלז. עס האָט איר פערכֿאַפּט דער אָטעם פון אונגעדולדיגער אויפרעגונג, צו וויסען וואָס שנעלער, וואָס איז דאָרטען און זי האָט זיך געסטאַרעט צו טרעפען פאָראויס דאָס בייס, וואָס מען איילט איר אַזוי מיטצוטיילען. וועגען וואָס? וועגען וועמען? איר האָט זיך דורכֿגעטראָגען אַ געדאַנק וועגען אָליוויען. אפשר איז ער קראַנק? אָדער אפשר גאָר געשטאָרבען?

יענע צען מינוט, וואָס מען האָט בעדאַרפט וואַרטען, האָבען איר אויסגעוויזען ווי אונענדליכע. דערנאָך, אַז זי האָט אויפגעריסען די טעלעגראַם און דערזעהן די אונטערשריפט פון מאַן, האָט זי איבערגעלייענט: „איך טייל דיר מיט, אַז אונזער פריינד בערטען פאָרט-אַרויס קיין ראָנסיער מיט'ן צוג, וואָס געהט-אָב איינס אַ זייגער. שיק-אַרויס צום וואָקזאַל אַנ'עקיפּאַזש. איך קוש.״

—נו, וואָס, מאַמע?—האָט אַנעט געפרעגט?

—הער אָליוויע בערטען קומט צופאָרען-געוואָר ווערען אונז.

—אַך, ווי דאָס איז גוט, און ווען?

—באַלד.

—פיר אַ זייגער?

—יאָ.

—אָ, ווי דאָס איז שען פון זיין זייט.

אָבער די גרעפין איז בלאַס געוואָרען, ווייל אַ נייע זאָרג איז אַלץ געוואַקסען אין איר פון אַ געוויסער צייט, און דאָס, וואָס דער קינסטלער קומט פלוצלונג, האָט איר נישט ווייניגער געשראָקען, ווי די אַלע פלאַטערנישען, וואָס זי האָט איבערגעלעבט, וואַרטענדיג אויפ'ן בריפּטרעגער.

—דו ועסט פאָרען מיט'ן עקיפּאַזש בעגעגענען אים—האָט זי געזאָגט דער טאָכטער.

—און דו, מאַמע, וועסט נישט פאָרען?

—ניין, איך וועל אויף אייך דאָ וואַרטען.

—פאַרוואָס? דאָס וועט 'אים ערגערן.

—איך פיהל מיך נישט גוט.

—האָסטו דאָך נאָר-וואָס געוואָלט געהן צופוס קיין בערוויל.

—יאָ, אָבער ביים מיטאָג האָב איך מיך דערפיהלט ערגער.

—לאָמיר פאָרען, וועט דיר לייכטער ווערען.

—ניין, איך וועל אפילו אַוועקגעהן אין מיין צימער. באַלד ווי איר וועט קומען צופאָרען, זאָלסטו מיר אָנזאָגען.

נאָכדעם, ווי זי האָט פעראָרדענט, אַז צו דער בעשטימטער שעה זאָלען איינגעשפּאַנט ווערען די פערד און מען זאָל

צוגרייטען צימערן, איז זי אַוועק צו זיך אין צימער און זיך פערשלאָסען.

ביז איצט איז דאָס לעבען איר געגאַנגען כמעט אָהן ליי- דען; די גאַנצע געשעהעניש אין דעמדאָזיגען לעבען איז געווען אָליוויעס ליבע און די איינציגע זאָרג—דער ווילען איינצוהאַל- טען דידאָזיגע ליבע. און דאָס פלעגט איר געלינגען. אין קאַמף פאַר'ן קינסטלער איז זי שטענדיג געווען די זיגערין. דאָס האַרץ אירס, איינגעליולעט פון ערפאָלגען און שבחים, איז געווען אַ פאָדערליך האַרץ, וואָס האָט געהאַלטען, אַז אַלע גליקען אויף דער ערד געהערן אים. פון אָנהויב האָט זי איינגעשטימט אויף אַ גלענצענדען שדוך, וואו די געפיהלען האָבען קיין שום ראָל נישט געשפילט. די ליבע האָט זי אָנגענומען ווי אַ הוספה צו איר גליקליכער עקזיסטענץ. טיילווייז געפיהלען און טיילווייז דער גלויבען אינ'ם רעכט פון געפיהלען האָבען זי געצוואונגען איינ- צוגעהן אויפ'ן חטא פון זייער בעציהונג, וואָס האָט זי בעלוינט פאַר איר וואָכענדיג לעבען. און זי איז אינגאַנצען אַוועק אין איר ליבע, זיך פערבאַריקאַדירט אין איר גליק, וואָס דער צופאַל האָט איר געשענקט און געהאַט האָט זי נאָר איין וואונש: איינהאַל- טען דאָסדאָזיגע גליק געגען די צופאַלען פון יעדען טאָג. די אָנ- גענעמע געשעהענישען, וואָס דאָס לעבען האָט איר געשיקט, האָט זי אָנגענומען מיט דער גנעדיגקייט פון אַ שענער פרוי. אין איר כאַראַקטער איז נישט געווען דער דורשט צו פאַסירונגען, דער דורשט צו נייע איינדרוקען, צו אונבעקאַנטע זאַכען. זי איז גע- ווען צאַרט, פער'עקשנ'ט, פאָרזיכטיג, צופרידען מיט'ן איצטיגען אָבער לויט איר נאַטור—פול מיט זאָרג פאַר דער צוקונפט. פון די מתנות, וואָס דאָס מזל האָט איר געשענקט, האָט זי געקאָנט געניסען מיט אַ בערעכענטער און קלוגער פאָרזיכטיגקייט.

און אָט האָט זיך איר ביסלעכווייז אַריינגע'גנב'עט אין האַרצען אַריין אַ נישט-קלאָרער שרעק, הגם זי האָט זיך אַלייך נישט בעשלאָסען מודה צו זיין דערין: זי האָט זיך אָנגעהויבען שרעקען פאַר טעג, וואָס געהען-אַוועק, פאַר דער עלטער, וואָס דערנענטערט זיך. און איצט האָט זיך בעזעצט אין אירע געדאַנ-

קען אָט די שטענדיגע זאָרג, וואָס האָט זיך קוים געלאָזט מערקען און נאָכאַנאַנד גענאָגט. זי האָט אָבער גוט געוואוסט, אַז ביים אַראָבלאָזען זיך פון די לעבענסטרעפּ איז נישטאָ קיין גרעניץ, אַז קוים הויבט מען זיך אָן אַראָבצולאָזען, קאָן מען עס שוין נישט אָבהאַלטען און זי האָט זיך איבערגעגעבען דעם אינסטינקט פון געפאַר און פערמאַכט די אויגען, איר זיסער חלום זאָל נישט געשטערט ווערען און דער קאָפּ זאָל זיך איר נישט פערדרעהען ביים דערזעהען דעם תהום און זי זאָל נישט אַריינפאַלען אין פערצווייפעלטער אונמאַכט.

און זי האָט זיך אַלץ בעטייליגט אין לעבען, שמייכלענדיג, מיט איינגעהאַלטענעם שטאָלץ, וואָס זי פערבלייבט נאָך אַזוי לאַנג שען. בשעת נעבען איר פלעגט זיך בעווייזען אַנעט אין דער גאַנצער פרישקייט פון אירע אַכצען יאָר, איז זי, אָנשטאָט צוליידען פון דערדאָזיגער שכנות, פערקערט, שטאָלץ געווען דערמיט, וואָס זי, מיט אירע קלוגע פראַכטען פון דערוואַקסענער שענקייט, קאָן האָבען פאָרצוג קעגען דער נאָר-וואָס פונאַנדערגעלאָזענער רויז, וואָס שיינט מיט'ן ליכט פון דער ערשטער יוגענד.

איר האָט זיך אפילו אויסגעוויזען, אַז טאַקי נאָר איצט טרעט זי אַריין אין איר גליקליכען און רוהיגען פעריאָד פון לעבען, אָבער דאָ האָט איר פּלוצלונג געטראָפען דער מוטערס טויט סאַמע אין האַרצען אַריין. די שטאַרקע פערצווייפלונג פון די ערשטע טעג האָט אַרויסגעשטויסען יעדען געדאַנק. פון אינדערפרי ביז אָוועגד איז זי געווען פערזונקען אין איר גרויסען אומגליק, זי האָט זיך געסטאַרעט צו דערמאָנען אָן טויזענדער זאַכען, וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות צו דער פערשטאָרבענער, אירע געליבטע ווערטלעך, דעם אויסדרוק פון געזיכט, די קליידער, וואָס זי האָט אַמאָל געטראָגען; זי האָט אַזוי ווי צונויפגעקליבען רעליקוויעס אין דער טיפעניש פון איר זכרון און מיט אינטימע קלייניטשקע ערינערונגען פון פערשוואונדענעם עבר זענען פול געווען אירע טריבע טרוימען. דערנאָך, אַז זי איז דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה פון פערצווייפלונג, אַז אַלע מינוט פלע-

גען מיט איר געשעהן נערוועזאַטאַקען און חלשות, האָט אָט דער אָנגעזאַמעלטער צער פּלוצלונג אויסגעבראָכען אין טרערען, וואָס זענען טאָג און נאַכט געגאַנגען פון אירע אויגען.

און איינמאָל, בשעת דאָס שטובמיידעל איז אַריין צו איר אין צימער, און, עפענענדיג די לאָדען און די פאָרהענגלעך, זי אַ פרעג געטאָן: „ווי פיהלט זיך היינט די הערין?"—האָט זי, שפּירענדיג זיך נאָך די טרערען שרעקליך מיד און אויסגעמוטשעט, געענטפערט: „ניין, איך קאָן נישט מער. נו, איך האָב שוין נישט מער קיין קרעפטען."

דאָס שטובמיידעל, וואָס האָט געהאַלטען אין האַנט אַ טאַץ מיט טיי, האָט אַ קוק געטאָן אויף איר הערין, און, גערירט דורך דער בלאַסקייט פון איר געזיכט, וואָס איז געווען אַרומגערינגעלט מיט שניי-ווייסען וועש פון בעט, האָט זי אַרויסגעזאָגט טרויעריג און זעהר אויפריכטיג:

—יאָ, די הערין זעהט באמת נישט גוט אויס. די הערין האָט זיך בעדאַרפט אָבהיטען, אויפקוקען אויף זיך.

דער טאָן, מיט וועלכען דאָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרען, האָט דער גרעפין אַ שטאָך געטאָן עטוואָס אין האַרצען, און באַלד ווי דאָס שטובמיידעל איז אַרויסגעגאַנגען, איז זי אויפגעשטאַנען און אַוועק צום גרויסען שפּיגעלשאַנק, אַ קוק צו טאָן אויף זיך.

זי איז געבליבען שטעהן, ווי אַ צוגעשמידעטע פאַר'ן שפּיגעל, דערשראָקען פון די איינגעפאַלענע באַקען, פון די רויטע אויגען, פון אָט דער גאַנצער שרעקליכער פערענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין איר צוליב עטליכע טעג ליידען.

זי האָט אַזוי גוט געקאָנט איר געזיכט, זי האָט אַזויפיל מאָל געקוקט אויף אים אין אַזויפיל פערשידענע שפּיגלען, זי האָט אַזוי גענוי אויסגעלערנט אַלע זיינע אויסדרוקען, אַלע זיינע חנ'-עוודיגע שטריכעלעך, אַלע שמייכלען; נישט איין מאָל איז איר אויסגעקומען אויסצובעסערן די בלאַסקייט פון דעמדאָזיגען געזיכט, אַראָבצעווישען די לייכטע שפּורען פון מידיגקייט, פערניכטען די קליינינקע קנייטשעלעך, וואָס פלעגען זיך בעווייזען פאַר דער העלען שיין פון טאָג אין די ווינקלען פון די אויגען,—און נאָך

האָט איר פלוצלונג אויסגעוויזען דאָסדאָזיגע געזיכט, ווי אַ פּנים פון אַנ׳אַנדער פרוי: ניי, שרעקליך קראַנק, צוקאַלעטשעט.

צו זעהן זיך בעסער, איבערצייגען זיך מער אין דעמדאָזיגען אונדערוואַרטען אומגליק, האָט זי זיך אַזוי נאָנט צוגערוקט צום שפּיגעל, אַז זי האָט אים אָנגערירט מיט׳ן שטערען, און דער אָטעם אירער, וואָס האָט פערנעבעלט דאָס גלאָז, האָט כמעט אָראָבגעווישט די טויט-בלאַסע אָבשפּיגלונג, וואָס זי האָט בעטראַכט. זי איז געווען געצוואונגען אויסצעווישען מיט אַ טיכעל די שפּורען פון איר אָטעם און מיט אַ מאָדנער אויפרעגונג האָט זי לאַנג אין גענוי געגומען אויספאָרשען די אַלע פערענדערונגען פון איר פּנים. מיט אַ לייכטער פינגערבעוועגונג האָט זי אָנגערירט די באַקענהויט, אַ פיר געטאָן איבער׳ן שטערען, אויפגעהויבען די האָר, אַראָבגעצויגען די אויגענבייטעלעך, צו בעטראַכטען די ווייסלען. דערנאָך האָט זי געעפענט דאָס מויל, בעטראַכט די ציין, וואָס זענען עטוואָס טונקעלער געוואָרען, פון וועלכע עס האָבען וואו-נישט-וואו אַרויסגעלאַנצט גאָלדענע פינטעלעך, און זי האָט שווער אָבגעזיפצט איבער דעם, וואָס די דיאָסנעס זענען בלאַס און וואָס די הויט אַרום די אויגען און ביי די שלייפען איז געל.

זי האָט אַזוי אויפמערקזאַם בעטראַכט דעם חורבן פון איר שענקייט, אַז זי האָט נישט געהערט, ווי עס האָט זיך געעפענט די טיר, און זי האָט אינגאַנצען אַ ציטער געטאָן, בשעת דאָס שטובמיידעל, שטעהענדיג נעבען איר, האָט געזאָגט:

—די הערין האָט פערגעסען אָן טיי.

די גרעפין האָט זיך אומגעדרעהט, אַ פערשעמטע, אַ פערלאָרענע, און דאָס מיידעל, וואָס האָט פערשטאַנען איר געדאַנק, האָט געזאָגט:

—די הערין האָט צופיל געוויינט. קיין זאַך טריקענט נישט אַזוי די הויט, ווי טרערען, דאָס איז דאָך בלוט, וואָס איז איבערגעגאַנגען אין וואַסער.

אָבער די גרעפין האָט טרויעריג צוגעגעבען.

—דאָס האָבען אויך די יאָרען געמאַכט.

דאָס שטובמיידעל האָט געענטפערט:

—אָ, ניין! דער הערין איז נאָך ווייט צו דעם! אָברוהען זטליכע טעג—און דאָס וועט איבערגעהן. די הערין בעדאַרף שפּאַצירען און איבערהויפּט נישט וויינען.

אָנגעטאָן זיך, איז די גרעפין באַלד אַוועק אין פּאַרק און דאָס ערשטע מאָל נאָך דער מוטערס טויט אַריין אין דעם קליי-ניטשקען פרוכטגאָרטען, וואו זי האָט אַמאָל אַזוי ליב געהאַט צו ניאַנטשען זיך מיט בלומען און צונויפזאַמלען זיי. דערנאָך איז זי אַוועק צום טייך און ביז פרישטיג דאָרט שפּאַצירט.

זיצענדיג פאַר'ן טיש, קעגען מאַן, נעבען דער טאָכטער, האָט זי זיי אומישנע געפרעגט, ווי זעהט זי אויס:

—איך פיהל מיך היינט עטוואָס בעסער. וואַרשיינליך בין איך שוין נישט אַזוי בלאַס?

דער גראַף האָט געענטפערט:

—אָ! איר זעהט נאָך אויס שלעכט.

דאָס האַרץ האָט זיך איר צונויפגעדריקט, איר האָט זיך פערוואָלט וויינען און די טרערען זענען איר צוגעטראָטען צו די אויגען—זי איז אַזוי געוועגט איצט צו וויינען.

אין דעמדאָזיגען טאָג סאַמע ביז'ן אָוועגד און אין די ווייטערדיגע טעג האָט זי מינוטענווייז געשפּירט, אַז אַ כליפּעריי טרעט איר צו צום האַלז און טרערען פילען-אָן די אויגען. אָבער כּדי די טרערען זאָלען זיך נישט קויקלען איבער די באַקען און נישט איבערלאָזען זייערע שרעקליכע שפּורען, פלעגט זי זיי אויפהאַלטען און מיט אַנ'אונמענשליכער אָנשטרענגונג פון ווי-לען טראַכטען בשעת מעשה פון זייטיגע זאַכען; זי פלעגט בע-זיגען און פערטרייבען די שווערע שטימונג, זיך געסטאַרעט צו טרייסטען זיך, זיין צוזייט, נישט טראַכטען מער פון טרויעריגע זאַכען און דאָס געזיכט זאָל פון דאָסניי בעקומען אַ געזונטען פאַרב.

מער פון אַלץ האָט זי מורא געהאַט אומצוקערן זיך קיין פּאַריז, טרעפען זיך מיט בערטען'ען, כּל-זמן זי וועט נישט אויס-זעהן, ווי פריער.

זי האָט פערשטאַנען, אַז זי איז צו-מאָגער געוואָרען, אַז אין איר עלטער בעדאַרף זיין אַ פרוי עטוואָס דיקער, כּדי אויס-צוזעהן פרישער, און זי האָט שפּאַצירט איבער די וועגען און אין דעם שכנ׳ישען וואַלד, כּדי עס זאָל זיך צוריק אומקערן דער פערלאָרענער אַפּעטיט. געקומען אַהיים מיד און אָהן אַפּעטיט, האָט זי זיך דאָך געצוואונגען צו עסען וואָס מער.

דער גראַף, וואָס האָט געוואָלט אוועקפאָרען, האָט נישט געקאָנט פערשטעהן איר עקשנות. צולעצט איז ער מושוה געוואָרען מיט איר איינגעשפּאַרטקייט און געזאָגט, אַז ער פאָרט אַליין אַוועק און אַז די גרעפין מעג זיך אומקערן, ווען עס וועט איר איינפאַלען.

אויפ׳ן צווייטען טאָג האָט זי בעקומען די טעלעגראַם, וואָס האָט איר מיטגעטיילט, אַז אָליוויע קומט צופאָרען.

איר איז בעפאַלען אַ פערלאַנג צו אַנטלויפען—אַזוי שרעק-ליך איז איר געוועזן דער געדאַנק וועגען זיין ערשטען קוק. איר האָט זיך געוואָלט וואַרטען כאָטש נאָך אַ וואָך אָדער צוויי. אַז מען זאָל זיך גוט אָבהיטען, קאָן מען אין אַ וואָך צייט דערגריי-כען אַ היבשע פערבעסערונג אין אויסזעהן. געשיהט דאָך אויך מיט סאַמע געזונטע און יונגע פרויען, אַז זיי פערענדערן זיך לחלוטין פון קלייניגקייטען גאָר אין אַ קורצער צייט. אָבער דער געדאַנק, אַז אָליוויע וועט זי דערזעהן פאַר׳ן העלען ליכט, צווי-שען פרייע פעלדער, אין די שטראַלען פון אויגוסטטאָג, נעבען אַנעט, וואָס שיינט מיט איר פרישקייט, האָט איר געמאַכט אַזוי אונרוהיג, אַז זי האָט באַלד בעשלאָסען נישט צו פאָרען אויפ׳ן וואָקזאַל, נאָר וואַרטען אויף אים דאָ, אינ׳ם האַלבטונקעלען אויפ-נאַמצימער.

זי האָט זיך אויפגעהויבען אין איר צימער און זיך פער-טראַכט. אַ פריש ווינטעל האָט פון צייט-צו-צייט בעוועגט די פאָר-הענגלעך. די לופט איז אָנגעפילט געוועזן מיט פויגעלגעזאַנג. קיינמאָל האָט זי זיך נישט געשפּירט אַזוי טרויעריג. דאָס איז שוין נישט געוועזן יענער שאַרפער, שרעקליכער וועה, וואָס זי ט געשפּירט, אַ דערשלאָגענע און אַנ׳אויסגעמוטשעטע, ביי דעם

טויטען קערפּער פון איר געליבטער מוטער. דערדאָזיגער וועה, וואָס האָט פריער איר אויסגעוויזען אונהיילבאַר, האָט זיך אין עטליכע טעג אַזוי אויסגעווייכט, אַז ער איז בלויז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ טרויעריגער ערינערונג. איצט האָט זי אַרומגעכאַפּט עפּיס אַ טיפע בענקשאַפט, וואָס האָט זיך אונבעמערקט פער׳גנב׳עט צו איר, און זי האָט געפיהלט, אַז זי האָט נישט וואוהין אַוועקצוגעהן פון איר.

עס האָט זיך איר שרעקליך, אָהן אַנ׳אָבהאַלט געוואָלט וויינען, אָבער זי האָט נישט בעדאַרפט וויינען. יעדעס מאָל, בשעת זי האָט דערשפּירט אַ פייכטקייט אויף די אויגען, האָט זי עס געשווינד אויסגעווישט, זיך אויפגעשטעלט, דורכגעגאַנגען זיך אויף-און-אָב, געקוקט אַראָב, אין פּאַרק אַריין, אויף די הויכע בוימער פון וועלדעל, אויף די קראָהען, וואָס האָבען שוואַרץ געשניטען דעם בלויען הימעל מיט זייער לאַנגזאַמען פליהען.

דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צום שפּיגעל, זיך בעקוקט, אויסגעווישט די שפּורען פון טרערען, זיך בעשאָטען מיט פּודער ביי די אויגען און געקוקט אויפ׳ן זייגער: געוואָלט טרעפען אויף וועלכען אָרט אין וועג געפינט זיך איצט בערטען און אַגנעט. ווי אַלע פרויען, וואָס דאָס האַרץ איז זייי פערלאָפען מיט אמת׳ן אָדער פאָרגעשטעלטען וועה, האָט זי זיך איצט אינגאַנצען אַריינגעלעגט אין דער צוגעבונדענקייט צו אים. איז ער דען נישט אַלץ פאַר איר, אַלץ, נאָכמער, איידער דאָס לעבען, אַלץ, וואָס פאַר אונז ווערט אַ צווייט וועזען, בשעת מיר האָבען נאָר דאָס אַליין ליב און מיר פיהלען, אַז מיר ווערען עלטער.

פלוצלונג האָט זי דערהערט פון ווייטען אַ שמייסען פון אַ בייטש. זי איז צוגעלאָפען צום פענסטער און דערזעהן אַ פּאַטאָן און פערד, וואָס זענען גאַנץ געשווינד פאַרבייגעפאָרען פאַרביי דעם גרינעם פלאַץ. זיצענדיג נעבען אַגנעט טיף אין עקיפּאַזש, האָט אָליוויע בעמערקט די גרעפין און געגומען פאָכען מיט אַ טיכעל און זי האָט דערויף געענטפערט מיט בעגריסונגען, אויסציהענדיג אירע הענט. דערנאָך איז זי מיט אַ קלאַפּענדיגען האַרצען אַראָב אונטען, אָבער איצט איז זי געווען גליקליך און אינ-

גאַנצען געציטערט פונ'ם בעוואוסטזיין, אַז ער איז דאָ נאָנט, אַז זי קאָן אים זעהן און ריידען מיט אים.

זיי האָבען זיך בעגעגענט אין פּאָרצימער, ביי דער טיר פון זאַל.

אין עקסטאַז האָט ער אויסגעשפּרייט די הענט און געזאָגט מיט אַ קול, וואָס האָט געציטערט פון אמת'ער אויפרעגונג:

—אַך, מיין אָרימע גרעפין, דערלויבט מיר אייך אַרומ-צונעמען!

זי האָט פערמאַכט די אויגען, זיך אָנגעבויגט און צוגע-דריקט צו אים. זי האָט אים אונטערגעשטעלט די באַקען, און בשעת ער האָט זיי בערירט מיט די ליפּען, האָט זי אים אָנגע-שעפּטשעט אויפ'ן אויער: „איך האָב דיך ליב."

דערנאָך האָט אָליוויע, נישט-אַרויסגעלאָזט אירע הענט פון זיינע און דריקענדיג זיי, אַ קוק געטאָן אויף איר און געזאָגט:

—נאָך אַלץ אַזאַ טרויעריג אויסזעהן?

זי האָט דערפיהלט, אַז זי ווערט אָבגעשוואַכט, אָבער ער האָט ווייטער געזאָגט:

—יאָ, איר זענט בלאַסליך, אָבער דאָס איז גאָרנישט.

צו בעדאַנקען אים, האָט זי אַרויסגעמורמעלט:

—אַך, טייערער פריינד, טייערער פריינד!—זי האָט נישט געפונען קיין אַנדערע ווערטער.

נאָר ער האָט זיך אָבגעקערט און געזוכט הינטער זיך די פערשוואונדענע אַנעט און האָט עפּיס אונדערוואַרט פּלוצלונג געזאָגט:

—נישט וואָר, מאָדנע צו זעהן אייער טאָכטער אין טרויער?

—פאַרוואָס?—האָט די גרעפין געפרעגט.

ער האָט אָנגעהויבען ריידען מיט אונגעוועהנליכער אויפ-רעגונג:

—וואָס הייסט פאַרוואָס? אָבער דאָס איז דאָך אייער פּאָר-טרעט, וואָס איך האָב געשריבען, דאָס איז דאָך מיין פּאָרטרעט! דאָס זענט איר אַזאַ, בשעת איך האָב אייך אַמאָל געטראָפען ביי דער הערצאָגין! געדענקט איר יענע טיר, דורך וועלכער איר זענט

דעמאָלט דורכגעגאַנגען אונטער מיין בליק, ווי עס געהט-דורך אַ שיף אונטער דעם מויל פון אַ האַרמאַט ביי אַ פעסטונג. צום טיי-וועל! אַז איך האָב נאָר-וואָס דערזעהן אויפ׳ן וואָקזאַל אָט דאָס קינד, וואָס איז געשטאַנען אויפ׳ן פּלאַטפאָרם אינגאַנצען אין שוואַרצען, מיט דער זון פון אירע האָר אַרום געזיכט, האָב איך געפיהלט, ווי עס וואַרפט זיך מיר דאָס בלוט אין קאָפּ אַריין. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך וועל מיך באַלד צעווייגען. איך זאָג אייך, אַז דערפון קאָן מען זיך רירען פון זינען. ווען מען זאָל אייך קאָנען, ווי איך! וואָרום נאָר איך האָב געקאָנט אויף אייך קוקען, ווי קיינער, איך האָב אייך ליב געהאַט, ווי קיינער, און אייך איבערגעגעבען אויפ׳ן לייוועגד, גרעפין. אָך, ווייסט איר, מיר איז געקומען אויפ׳ן געדאַנק, אַז איר האָט זי מיר אומישנע געשיקט אַליין אויפ׳ן וואָקזאַל, כדי צו מאַכען מיר אַ סורפּריז. גאָט אין הימעל, גאָט מיינער, ווי איך האָב מיך גע-וואונדערט! איך זאָג אייך, מען קאָן פון זינען אַראָב!

ער האָט אויסגעשריען:

—אַנעט! גאַנע!

דאָס יונגע מיידעל האָט אים געענטפערט פון דרויסען—אין דער מינוט האָט זי געגעבען צוקער די פערד.

—דאָ, דאָ!

—קום אַהער.

זי איז געקומען צו לויפען.

—הער-נאָר, שטעל זיך נעבען דער מאַמען.

זי האָט זיך געשטעלט, און ער האָט זיי גענומען פער-גלייכען. אָבער איצט האָט ער מאַשינעל, אָהן איבערצייגונג, אי-בערגע׳חזר׳ט: „דאָס איז צו בעוואונדערן, צו בעוואונדערן.” וואָ-רום נעבען איינאַנדער זענען זיי שוין איצט געווען ווענינער ענליך צווישען זיך, איידער פריער אין פּאַריז. דאָס שוואַרצע קלייד האָט דעם יונגען מיידעל אונטערגעשטריכען איר שיינע-דיגע יוגענד און די מוטער האָט שוין לאַנג נישט געהאַט דעם העלען גלאַנץ פון די האָר און יענעם געזיכטספאַרב, וואָס האָט

אַמאָל, בשעת זיי האָבען זיך צום ערשטען מאָל געטראָפען, פער-בלענדט און פער׳כשופ׳ט דעם קינסטלער.

דערנאָך איז די גרעפין און ער אַריין אין זאַל. ער האָט זיך געפונען אין זעהר אַ געהויבענער שטימונג.

—אַך, סאַראַ מין געלונגענער געדאַנק דאָס א׳ז געווען—קומען אַהער!—האָט ער געזאָגט.

און דערנאָך פערבעסערט:

—ניין, דערדאָזיגער געדאַנק איז פריער געקומען צו אייער מאַן. ער האָט מיר איבערגעגעבען, איך זאָל אייך ברענגען. נאָר טרעפט, וואָס איך וועל אייך פאָרלעגען! איר קאָנט נישט, אמת? נו, אודאי, איך וועל אייך ראַטען פערבלייבען דאָ. אין דידאָזי-גע היצען איז פּאַריז אונדערטרעגליך און אין דאָרף איז אַ מחיה! גאָט מיינער, ווי גוט!

דער פערגאַנגענער טאָג האָט אָבגעפרישט דעם פּאַרק, די בוימער האָבען געציטערט, פון דער ערד האָבען זיך געהויבען אונגעזעהענע דאַמפּען, וואָס האָבען פערהילט דעם האָריזאָנט מיט אַ לייכטען דורכזיכטיגען שלייער. די דריי בהמות, שטעהענדיג מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ, האָבען גיריג געקייט דאָס גראָז און פיר פּאַוועס, וואָס האָבען שטאַרק געפּאָכט מיט די פליגלען, זענען אַרויפגעפלויגען אויף אַ בוים, וואו זיי זענען געווענט געוועזן צו שלאָפען, אונטער די פענסטער פון שלאָס. ווייט אין דאָרף האָ-בען געבילט הינט און אין דער רוהיגער לופט פון׳ם גוסס׳ן טאָג האָבען געקלונגען מענשליכע שטימען, ווערטלעך, מיט וועלכע מען האָט זיך דורכגעוואָרפען אויף די פעלדער, פון איין בייט אויף דער צווייטער און יענע האלוקלאַנגען, מיט וועלכע מען טרייבט געוועהנליך די סטאַדעס.

דער קינסטלער האָט איינגעאָטעמט די לופט מיט דער פו-לער ברוסט, דער קאָפּ נישט בעדעקט, מיט גלאַנציגע אויגען און די גרעפין האָט געקוקט אויף אים.

—אָט איז עס דאָס גליק,—האָט ער געזאָגט.

זי האָט זיך דערנענטערט צו אים.

—עס דויערט נישט לאַנג.

—לאָמיר עס נעמען, ווי אַזוי עס איז.

זי האָט געזאָגט, שמייכלענדיג:

—ביז איצט האָט איר נישט ליב געהאַט דאָס דאָרף.

—איך האָב עס איצט ליב, ווייל איר זענט דאָ. איך קאָן שוין מער נישט וואוינען דאָרט, וואו איר זענט נישטאָ. אין דער יוגענד קאָנסטו ליבען פון דערווייטענס, קאָנסט די ליבע אויסגיסען אין בריף, אין געדאַנקען, קאָנסט זיין ענטציקט פון דערווייטענס; אָבער דאָס איז מסתמא דערפאַר, ווייל דאָס לעבען איז נאָך אַלץ פאָראויס, ווייל די ליידענשאַפט רעדט אין אונז נאָך העכער, איידער דאָס האַרץ; אין מיינע יאָרען, פערקערט, איז די ליבע אַ מין רפואה צו אַלטקייט; ביי דער נשמה איז דורכגעשאָסען אַ פליגעל און זי קאָן זיך שוין נישט מער אויפהויבען אין דער-הויך. דאָס האַרץ ווייס שוין נישט פון עקסטאַזן, אָבער עס שטעלט דאָך אַרויס עגאָאיסטישע פאָדערונגען. און דערצו ווייס איך זעהר וואויל, אַז איך טאָר שוין נישט פערליערען קיין צייט, אַז איך בעדאַרף זיך צו-איילען, אויסצונוצען דאָס לעצטע שטיקעל לעבען.

—אָ, אַלטער!—האָט זי געזאָגט און אָנגענומען אים פאַר דער האַנט.

ער האָט איבערגע׳חזר׳ט:

—נו, יאָ, נו, יאָ, איך בין אַלט. אַלץ זאָגט עס: מיינע האָר, מיין כאַראַקטער, וואָס ווערט גאָר אַנ׳אַנדערער, די דערשלאָגענע שטימונג, וואָס בעפאַלט מיך. צום טייוועל! אָט איז אַ זאַך, וואָס איך האָב ביז אַהער נישט געוואוסט: מוטלאָזיגקייט. ווען מען זאָגט מיר צו דרייסיג יאָר, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען איך וועל ווערען אָהן שום סבה מוטלאָז, אונרוהיג, נישט-צופרידען מיט׳ן אַרומיגען, האָלט איך נישט געגלויבט. דאָס בעווייזט, אַז מיין האַרץ איז אויך אַלט געוואָרען.

זי האָט געענטפערט מיט שטאַרקער איבערצייגונג:

—און איך, איך פיהל, אַז מיין האַרץ איז נאָך אינגאַנצען יונג. עס איז נישט פערענדערט געוואָרען. יאָ, עס איז מעגליך,

אַז עס איז נאָך יונגער געוואָרען. אַמאָל איז אים געווען צוואַנ-ציג יאָר, היינט איז עס אַלט זעכציג.

זיי זענען נאָך לאַנג אַזוי געזעסען און געשמועסט ביים אָפענעם פענסטער, צונויפגעגאָסען מיט דער שטימונג פון אָווענד, שטאַרק צוגעטוליעט איינער צום צווייטען און נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געשפירט די נאָנטקייט, ווי איצט. מיט אָוועדטונקעלקייט איז אַלץ אין דער נאַטור געווען פערגאָסען און מיט אָווענדטונ-קעלקייט זענען געווען בעהויכט די צאַרטע שעה'ן, וואָס זיי האָ-בען איבערגעלעבט.

אַריין דער דינער און געמאָלדען:

—אייער דורכלויכט, איך בעט זי עסען.

זי האָט געפרעגט:

—איר האָט געזאָגט מיין טאָכטער?

—דאָס פריילײן איז שוין אין עסצימער.

זיי האָבען זיך געזעצט ביים טיש זאַלבעדריט. די לאָדען זענען געווען צוגעמאַכט און צוויי גרויסע קאַנדעלאַברעס מיט זיבען ליכט האָבען בעלויכטען אַנעטס געזיכט און אין זייער שיין האָט אויסגעוויזען, ווי איר קאָפּ וואָלט בעדעקט געווען מיט גאָל-דענעם פּודער. בערטען האָט געשמייכעלט און נישט אַראָבגענו-מען די אויגען פון איר.

—גאָט מיינער! ווי זי איז שען אין שוואַרצען!—האָט ער געזאָגט.

ענטציקענדיג זיך מיט דער טאָכטער, האָט ער זיך אָבגעע-קערט צו דער מוטער, פּונקט ווי ער וואָלט זי געדאַנקט פאַר דאָס אַמאָליגע פערגעניגען, וואָס זי האָט אים געגעבען.

אַז זיי האָבען זיך צוריקגעקערט אין זאַל, האָט זיך שוין די לבנה אויפגעהויבען איבער די בוימער פון פּאַרק. זייער שוואַרצע מאַסע האָט דערמאָנט אָן אַ גרויסער אינזעל און אַלץ אַרום איז געווען ענליך צו אַ ים, פערהילט אין לייכטען נע-בעל, וואָס האָט זיך נידעריג געקנוילט און געשפּרייט איבער'ן טאָל.

—אַך, מאַמע, קום שפּאַצירען,—האָט אַנעט געבעטען. די גרעפין האָט צוגעשטימט.

—איך וועל מיטנעמען זשוליאָ'ן.

—גוט, אויב דו ווילסט.

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען. דאָס יונגע מיידעל איז אַוועק פאָראויס, שפּילענדיג מיט'ן הונט. דערגאַנגען ביז'ן גרינעם פּלאַץ, האָבען זיי דערהערט דאָס סאָפּען פון די בהמות, וואָס האָבען זיך אויפגעכאַפּט און דערשפּירט זייער פיינד; די בהמות האָבען אויפגעהויבען די קעפּ און גענומען קוקען. צווישען די צווייגען האָבען זיך געגאָסען לבנה-שטראַלען, זיך געגליטשט איבער דער ערד און זיך געלעגט אויפ'ן וועג אין העלע, געלבע פלעקען. אַנעט און זשוליאָ זענען געלאָפען, און גערדאַכט האָט זיך, אַז אין דערדאָזיגער ריינער נאַכט איז ביי ביידען לוסטיג און לער דאָסהאַרץ און אין די שפּרונגען גיסען זיי אויס זייער עקסטאַז.

אויף די וואַלדלאָנקעס, וואָס האָבען זיך געשרונקען אין כוואַליעס לבנה-ליכט, האָט זיך גע'גנב'עט אַ געשטאַלט פון אַ יונ-גען מיידעל, ווי אַ שאָטען, און דער קינסטלער האָט זי גערופען, ענטציקט פון דערדאָזיגער שוואַרצער געשטאַלט, מיט אַ שיינענדי-גען ליכטיגען געזיכט. דערנאָך, אַז זי איז פון דאָסניי אַנטלאָ-פען, האָט ער גענומען דער גרעפינס האַנט, זי געדריקט, און דאָרטען, וואו דער שאָטען איז געווען געדיכטער, האָט ער זי געקושט אין די ליפּען, פּונקט ווי אַנעט וואָלט געוועקט אין זיין הארצען אונגעדולדיגע פערלאַנגען.

צולעצט, זענען זיי אַרויס אין פעלד. אויפ'ן פלאַכען שטח האָבען זיך קוים פון דערווייטענס געזעהן גרופּעס בוימער פון די ווייטע פערמעס. דורך דעם ווייסען נעבעל, וואָס האָט איינגע-הילט די פעלדער, האָט דער האָריזאָנט אויסגעוויזען זעהר ווייט, און די שטילקייט פון דער לופט, די לעבעדיגע שטילקייט פון דעמדאָזיגען ליכטיגען וואַרימען שטח, איז געווען אָנגעפילט מיט יענער האָפנונג, מיט יענער אונדערקלערליכער דערוואַרטונג, מיט וועלכע עס זענען אַזוי גוט די זומערנעכט. זעהר הויך אין הי-מעל האָבען עטליכע קליינינשקע, לאַנגע און דינע וואָלקענדלען אויסגעוויזען, ווי זיי וואָלטען געווען געמאַכט פון זילבערנע שו-פּען. מען האָט זיך נאָר עטוואָס בעדאַרפט צוהערען—און אין

דעמדאָזיגען נאַכטשווייגען האָט אָנגעהויבען קלינגען דער נישט-קלאָרער אונאויפהערליכער גערויש פון לעבען: טויזענדער צאַר-טע קלאַנגען, צוזאַמענגעגאָסען זיך, האָבען געשאַפען אַ האַרמאָניע, וואָס האָט פון אָנהויב געמאַכט דעם איינדרוק פון שטילקייט. אין דער דערבייאיגער לאָנקע האָט דער וואַרטעלפויגעל אַרויסגעגעבען זיין טאָפעלגעשריי, און זשוליאַ, אויסגעשטעלט די אויערן, האָט זיך אַוועקגעלאָזט נאָכ'ן קול פונ'ם פויגעל, וואָס גיט אַרויס צוויי נאָטען, ענליך צו די קלאַנגען פון אַ פלייט. אַנעט איז אַוועק-געלאָפען נאָכ'ן הונט, לייכט, ווי ער, אַנ'איינגעבויגענע מיט אַ פערהאַלטענעם אָטעם.

—אַך!—האָט געזאָגט די גרעפין, בלייבענדיג אַליין מיט'ן קינסטלער—פאַרוואָס געהען אַזוי געשווינד אַדורך אַזוינע מינוטען, ווי די? מען קאָן זיי נישט אָבשטעלען, מען קאָן זיי נישט אויפ-האַלטען. מיר בעווייזען גאָרנישט צו געניסען דערפון, וואָס איז אַזוי גוט. אָט איז שוין אַלץ געענדיגט.

אָליוויע האָט אַ קוש געטאָן איר האַנט און מיט אַ שמיי-כעל געזאָגט:

—אָ, אין דעם אָווענד וועל איך מיך נישט אַריינלאָזען אין פילאָזאָפיע. איך גיב מיך איינגאַנצען איבער דעם איצטיגען.

זי האָט אַרויסגעשעפטשעט:

—איר האָט מיך נישט ליב, ווי איך האָב אייך ליב!

—געגוג.

זי האָט אים איבערגעשלאָגען:

—ניין, איר האָט אַליין מיר זעהר גוט גערעדט דערפון פאַר'ן מיטאָג. איר האָט ליב אַ פרוי, וואָס שטעלט-צופרידען די פאָדערונגען פון אייער האַרצען, אַ פרוי, וואָס האָט אייך קיינ-מאָל נישט פערשאַפט קיין ליידען, וואָס האָט אַריינגעטראָגען עטוואָס גליק אין אייער לעבען. דאָס ווייס איך, דאָס פיהל איך. יאָ, איך ווייס און פרעה מיך שטאַרק דערמיט, וואָס מיין ליבע איז פאַר אייך געווען אַ גוטע, אַ נוצליכע און אַ געבענשטע. איר האָט ליב געהאַט, איר ליבט נאָך אַלץ אין מיר דאָס, וואָס איר האַלט פאַר אָנגענעם אין מיר, איר האָט ליב מיין אויפמערקזאַמקייט צו

זיין, מיין ענטציקונג פאַר אייך, מיין ווילען אייך צו געפעלען, דאָס, וואָס איך ליב אייך, דאָס, וואָס איך גיב אייך אונגעטיילט אוועק מיין גאַנץ אינטים וועזען. אָבער איר בעדאַרפט פער-שטעהן, אַז דאָס האָט איר נישט מיך ליב! אָ, איך פיהל עס, ווי מען פיהלט אַ שטראָם קאַלטע לופט! איר ליבט אין מיר טוי-זענדער זאַכען, מיין שענקייט, מיין גאַנץ... וואָס געהט אַוועק, מיין איבער-געגעבענקייט, מיין שכל, וואָס מען געפינט-איין אין מיר, די מיי-נונג וועגען מיר אין אונזערע קרייזען, און די מיינונג, וואָס איך טראָג אין האַרצען וועגען אייך. אָבער דאָס איז נישט איך, נישט איך, נישט איך אַליין, איר פערשטעהט?

ער האָט פריינדליך אַ שמייכעל געטאָן.

—ניין, איך פערשטעה עס נישט גוט. איר מאַכט מיר אַ סצענע מיט פאָרוואורפען, וואָס איך האָב מיך גאָרנישט געריכט דערויף.

—אָ, גאָט מיינער! איך וואָלט גאָר געוואָלט, איר זאָלט פערשטעהן, ווי איך האָב אייך ליב, וואַרט-נאָר, איך זוך, ווי אַזוי עס אויסצודריקען און קאָן נישט. בשעת איך טראַכט וועגען אייך,—און איך טראַכט וועגען אייך שטענדיג—פיהל איך, ווי מיך איינגאַנצען, מיין גאַנצען קערפער און מיין גאַנצע נשמה נעמט-דורך עפּיס אַ וואונדערליך-בערוישטער פערלאַנג צו געהערן אייך און אַן אונגעהויער-שטאַרקע בעדערפעניש אָבצוגעבען זיך אייך אַלץ מער און מער. איך וואָלט מיך ווען אייך אָבגעבען איינגאַנצען, ווייל בשעת דו האָסט ליב, איז נישטאָ קיין העכער גליק ווי אַוועק-צוגעבען, אַוועקצוגעבען שטענדיג, אַלץ, אַלץ, דאָס לעבען, דעם גע-דאַנק, דעם קערפער, אַלץ, וואָס דו האָסט, און דערביי פיהלען, אַז דו גיסט-אַוועק און ביזט גרייט אָבצוגעבען נאָכמער. איך האָב אייך אַזוי ליב, אַז איך האָב ליב צו ליידען איבער אייך, איך האָב ליב מיינע אונרוהיגקייטען, מיינע וועהען, מיין אויפעריגקייט, יע-נעם וועהטאָג, וואָס איר פערשאַפט מיר, בשעת איך דערפיהל אין אייך קאַלטקייט צו מיר. איך האָב ליב אין אייך יענעם איינציגען, וואָס איך אַליין קאָן אים נאָר, נישט יענעם, וואָס גע-הערט דער וועלט, מיט וועלכען מען ענטציקט זיך, וועלכען מען

קאָן, נאָר יענעם, וואָס געהערט מיר, וואָס קאָן זיך נישט פער-ענדערן, וואָס קאָן נישט אַלט ווערען, וואָס איך קאָן נישט מער נישט ליב האָבען, ווארום קוקענדיג אויף אים, זעהען מיינע אויגען קיינעם נישט, אויסער אים. נאָר קאָן מען דען איבערגעבען דאָס אַלץ! נישטאָ קיין ווערטער, וואָס וואָלטען עס געקאָנט אויס-דריקען.

קוים צום הערען האָט ער איבערגע׳חזר׳ט עטליכע מאָל נאָכאַנאַנד:

—טייערע, טייערע, טייערע אַנע!

זשוליאָ האָט זיך אומגעקערט, אונטערשפּרינגענדיג, דעם פויגעל האָט ער נישט געפונען, ער איז באַלד אַנטשוויגען גע-וואָרען, ווי נאָר דער הונט האָט זיך דערנענטערט, און אַנעט איז געגאַנגען הינטער אים, מיד פון לויפען.

—איך קאָן נישט מער,—האָט זי געזאָגט—איך וועל מיך אויפהענגען אויף אייך, הער קינסטלער.

זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף אָליוויעס פרייער האַנט און זיי זענען אַוועק צוריק, געהענדיג שוין אין דרייען, אונטער די שוואַרצע בוימער, ער—אינמיטען צווישען זיי. איצט האָבען זיי אַלע געשוויגען. ער האָט זיך בעוועגט פאָראויס און זיך געשפּירט אין זייער מאַכט, געשפּירט, אַז פון זייער בעריהרונג ווערט ער בעגאָסען מיט שטראָמען פון דער פרויענסטיכיע. ער האָט זיך נישט געפּרובט צו קוקען אויף זיי, ווייל ער האָט זיי געשפּירט נעבען זיך און ער האָט זאָגאַר פערמאַכט די אויגען, ער זאָל קאָנען בעסער שפּירען זייער נאָנטקייט. זיי האָבען אים געפירט, ציהענדיג פאָראויס און ער איז געגאַנגען הינטער זיי, אַ פער-ליבטער [illegible] זיי. אין יענער, וואָס איז געגאַנגען לינקס, אַזוי ווי אין יענער, וואָס איז געגאַנגען רעכטס, און אַליין נישט געוואוסט, ווער איז געווען לינקס און ווער רעכטס און ווער איז מוטער און ווער טאָכטער. מיט עפּיס אַנ׳אונבעוואוסטזיניגער ראַפינירטער פיהלבאַרקייט האָט ער זיך אָבגעגעבען דערדאָזיגער נישט-קלאָרער שפּירונג. ער האָט זיך אפילו געסטאַרעט צונויפ-צומישען זיי אין האַרצען, נישט פונאַנדערצוטיילען זיי אין די

געדאַנקען. און זיין בעגער האָט זיך אונטערגעגעבען דעם רייץ פון דערדאָזיגער צוגויפמישונג. זענען זיי דען נישט געוועזן איין פרוי, אָט די מוטער און די טאָכטער, וואָס זענען געוועזן אַזוי ענליך צווישען איינאַנדער? און איז דען נישט דערויף געקומען די טאָכטער אויף דער ערד, צו בענייען זיין אַלטע ליבע צו דער מוטער?

און בשעת ער האָט זיך צוריקגעקערט אין שלאָס און גע-עפענט די אויגען, האָט אים אויסגעוויזען, אַז ער האָט נאָר-וואָס איבערגעלעבט די סאַמע רייצענדיגסטע מינוטען פון זיין לעבען, אַז ער האָט געהאַט די סאַמע אויסטערלישסטע פולסטע שפירונג, וואָס לאָזט זיך נישט איבערגעבען און וואָס אַ מאַנספערשוין קאָן זי האָבען נאָר דעמאָלט, ווען ער איז פער׳שכור׳ט פון איין-און-דערזעלבער ליבע צו צוויי פרויען, וואָס ציהען אים ביידע גלייך.

—אַך, סאַראַ וואונדערליכער אָוועגד!—האָט ער געזאָגט, זיצענדיג מיט ביידען אין צימער פאַר די פייערן פון די לאָמפען. אַנעט האָט אויסגעשריען:

—איך דאַרף גאָרנישט שלאָפען. איך וואָלט אַ גאַנצע נאַכט שפּאַצירט, ווען עס איז אַזוי גוט.

די גרעפין האָט אַ קוק געטאָן אויפ׳ן זייגער:

—אָ, איצט איז שוין האַלב צוועלף. מען דאַרף געהן שלאָ-פען, מיין מיידעלע.

זיי האָבען זיך צוזעגענט און יעדער איז אוועק אין זיין צימער. געבליבען אַליין, איז דאָס יונגע מיידעל, וואָס האָט גאָר-נישט געוואָלט שלאָפען, באַלד איינגעשלאָפען.

אויף מאָרגען, בשעת דאָס שטובמיידעל האָט אין דער גע-וועגליכער שעה געעפענט די לאָדען און די פאָרהאַנגען און אַריינגעבראַכט טיי, האָט זי, אַ קוק געבענדיג אויף דער גרעפין, וואָס האָט נאָך געדרעמעלט, געזאָגט:

—די הערין זעהט היינט אויס אַ סך בעסער.

—איר מיינט אַזוי?

—אָ, יאָ! דאָס געזיכט ביי דער הערין איז שוין נישט אַזוי מיד, ווי פריער.

די גרעפין, וואָס האָט נאָך נישט אַ קוק געטאָן אויף זיך אין שפּיגעל, האָט געפיהלט, אַז דאָס שטובמיידעל איז גערעכט. אויפ׳ן האַרצען איז געווען לייכט, עס האָט שוין נישט געקלאַפּט אַזוי אונרוהיג, ווי פריער, און זי האָט געפיהלט, אַז זי קומט צו זיך. דאָס בלוט האָט צירקולירט אין די אָדערן נישט אַזוי געשווינד, הייס און פיבערליך און שוין נישט אָנגעפילט זי אינגאַנצען מיט אונרוהיגקייט און אויפרעגונג. איצט האָט זי געפיהלט, ווי איבער׳ן קערפּער ווערט צוגאָסען אַנ׳אָנגענעמע וואַרימקייט און אַ גליקליכע זיכערקייט.

אַז די דינסט איז אַרויס, איז זי צוגעגאַנגען צום שפּיגעל. זי האָט זיך זעהר גוט געשפּירט און דעריבער האָט איר אויסגעוויזען, אַז פאַר דער איין נאַכט האָט זי בעדאַרפט יונגער ווערען אויף עטליכע יאָר, אָבער אַז זי האָט זיך דערזעהן אין שפּיגעל, איז זי עטוואָס אונאָנגענעם איבערראַשט געוואָרען. דערנאָך האָט זי פערשטאַנען, ווי קינדערש איר האָפנונג איז געווען, און אַז זי האָט זיך בעסער בעטראַכט אין שפּיגעל, האָט זי זיך בעפרידיגט מיט איר אויסזעהן: פרישער געוואָרען דער פאַרב פון געזיכט, די אויגען ווייניגער מיד, די ליפּען ראָזער, איידער פריער. מחמת איר געמיט איז געווען רוהיג, איז זי איצט נישט געווייגט געווען צו אומעט, און, שמייכלענדיג, האָט זי אַ טראַכט געטאָן: „יאָ, אין עטליכע טעג אַרום וועל איך גאָר אינגאַנצען קומען צו זיך. איך האָב צופיל איבערגעלעבט און דעריבער קאָן איך אַזוי געשווינד נישט קומען צו די כחות״.

אָבער זי איז לאַנג, זעהר לאַנג געבליבען זיצען פאַר׳ן טואַלעטטישעלע, פאַר׳ן פרעכטיגען שפּיגעל פון גראַנירטען קריסטאָל. אַרום שפּיגעל, אויפ׳ן באַטיסטסערוועטל, בעניידט מיט שפּיצען, זענען אויסגעלעגט געווען קליינינקע אינסטרומענטען פאַר קאָקעטעריע מיט הענטעלעך פון עלפאַנדביין און מיט איר העראַב, בעפּוצט מיט אַ קרוין. זיי זענען געווען אַ סך, אַ סך, אָט די קליינינקע שענע פערשידענאַרטיגע אינסטרומענטען פאַר צאַרטער געהיימער קערפּערפּאָבעהיטונג; מאַנכע פון זיי זענען געווען פון שטאָל: דינע, שאַרפע, מיט אויסטערלישע פאָרמען. ענליך צו

כירורגישע אינסטרומענטען, בעשטימטע פאַר קליינינטשקע גאָר-נישטדיגע אָפּעראַציעלעך; אַנדערע, ווידער, קיילעכיגע און ווייכע, פון פעדערן, פוך, פעלכעלעך פון אונבעקאַנטע חיה'לעך האָבען געדינט צו גלעטען די צאַרטע הויט דורך דער בערירונג פון שמעקעדיגען פודער און אייל־אַראָמאַטען.

זי האָט זיי לאַנג געפירט מיט אירע געניטע פינגער פון די ליפּען ביז צו די שלייפען און דערביי געשפירט זייער בערירונג, צאַרטער פון אַ קוש, וואָס האָט בעפאַרבט די הויט, אונטערגעפירט די אויגען און די ברעמען. אַז זי איז אַראָפּ אונטען, צולעצט, איז זי געווען כמעט זיכער דערין, אַז דער ערשטער קוק, וואָס ער וועט וואַרפען אויף איר, וועט נישט זיין פאַר איר זעהר אַ שלעכטער.

—וואו איז הער בערטען?—האָט זי געפרעגט דעם דינער, וואָס האָט זי בעגעגענט אין פאָרצימער

ער האָט געענטפערט:

—הער בערטען איז אין פּרוכטגאָרטען, ער וויל שפּילען מיט'ן פריילין אַ פּאַרטיע אין לאַאון-טעניס.

זי האָט שוין פון ווייטען געהערט, ווי זיי האָבען אויסגעשריען די צאָל.

דער קלינגענדיגער קול פון קינסטלער און דאָס דינע שטימעלע פון'ם מיידעל האָבען נאָך איינאַנדער אויסגעשריען: פופציג, דרייסיג, פערציג, אַדוואַנטיטש, העם.

דער פּרוכטגאָרטען, וואו עס איז געווען געמאַכט אַ פּלאַץ פאַר לאַאון-טעניס, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גרויסען פירקאַנטיגען שטח, פערוואַקסען מיט גראָז, און עפּעלבוימער. ער איז געווען אַרומגערינגעלט פון פּאַרק, פון גאָרטען און פון בנינים, וואָס האָבען געהערט צום שלאָס. אַרום וואַל, וואָס האָט פון דריי זייטען אָבגעגרענצט דעם פּרוכטגאָרטען, ווי אַ בעפעסטיגטער שוצגראָבען, האָבען געוואַקסען בלומען. פון די לענגליכע קלאָמבעס האָבען אַרויסגעקוקט פערשידענע פעלד- און גאָרטענבלומען; דאָ זענען געווען אַ סך רויזען, הענגעלעך, העליאָטראָפּ און אַנדערע בלומען, וואָס האָבען צוגעגעבען דער לופט אַ ריח

פון האָניג, ווי בערטען פלעגט זאָגען. בינען האָבען זיך געטראָ-
גען איבער׳ן בליהענדיגען פעלד, ווי אַ העלע רוישיגע מחנה,
אַרויסלויפענדיג פון די בינשטאָקען, וואָס האָבען זיך געהויבען
מיט זייערע שטרויענע דעכלעך אַרום שטיינערנעם פאַרקאַן פון
גאָרטען.

אַקוראַט אין דער מיט פון דעמדאָזיגען פרוכטגאָרטען זע-
גען אויסגעהאַקט געווען עטליכע עפּעלבוימער און עס איז אויף
אַזאַ אופן אויסגעגלייכט געוואָרען אַנ׳אָרט, וואָס איז נויטיג פאַר
לאַאון-טעניס. די געפּעכטע נעץ, וואָס האָט זיך געצויגען איבער
דער מיט פון פּלאַץ, האָט אים געטיילט אויף צוויי חלקים.

פון איין זייט איז געשטאַנען אַנעט; איר שוואַרץ קליי-
דעל איז געווען אויפגעהויבען, דער קאָפּ נישט בעדעקט, די פּיס
אָפען ביז די קני און אפילו העכער, בשעת זי האָט זיך, לוי-
פענדיג זַהין און צוריק איבער׳ן פּלאַץ, געסטאַרעט צו כאַפּען די
קויל. די אויגען האָבען איר געברענט, דאָס פּנים גערויטעלט און
זי האָט אינגאַנצען געפיבערט אין דעם נישט-גלייכען קאַמף מיט
איר שטרענגען און געשיקטען געגנער.

ער האָט געטראָגען הויזען פון ווייסער פלאַנעל, אייגגע-
צויגען ביי די לענדען, אַזאַ העמדעל, אויפ׳ן קאָפּ אַ קליין ווייס
היטעלע מיט אַ דאַשעק. ער איז געשטאַנען מיט עטוואָס אַניאַרויסגע-
רוקטען בויך און רוהיג געוואַרט אויף דער קויל, פּונקט ווי ער
וואָלט אויסגערעכענט די ליניע פון איר פאַלען. אונטערגעכאַפּט
זי און אָבגעוואָרפען, נישט-געאיילט, נישט-געלאָפען, מיט יענער
פיינער און פרייער האַלטונג, מיט יענער שטרענגער אויפמערק-
זאַמקייט, מיט יענער פּראָפעסיאָנעלער געשיקטקייט, וואָס ער
פלעגט אַריינלעגען אין יעדען ספּאָרט.

אַנעט האָט די ערשטע דערזעהן די מוטער. זי האָט אויס-
געשריען:

—גוט-מאָרגען, מאַמע, וואַרט אַ מינוט, מיר ענדיגען באַלד
דעם צוג.

דידאָזיגע צווייטקייט, וואָס האָט געדויערט אַ רגע, האָט
זי קאַלעטשעט, די קויל איז פאַרבייגעלאָפען געשווינד און

בּידעריג, כמעט זיך געקויקעלט איבּער דער ערד און אַרויסגע-שפּרונגען פון שפּילקרייז.

בּערטען האָט אַ געשריי געטאָן: „די פּאַרטיע איז מיינע!" דאָס יונגע מיידעל האָט אים גענומען בּעשולדיגען דערין, וואָס ער האָט זיך בּענוצט מיט איר צווייטקייט, און זשוליאָ, וואָס איז געווענט געווען אָבּצוזוכען און צו בּרענגען די פּערקויקעלטע קויל, ווי די דערשאָסענע פויגעל, וואָס ווערען פערפאַלען אין די קוסטעס, האָט זיך הענדום-פּענדום אַוועקגעלאָזט נאָך איר. די קויל האָט זיך אַוועקגעקויקעלט אין גראָז אַריין, ער האָט זי פאָרזיכטיג אַריינגעכאַפּט אין די ציין אַריין און געבּראַכט, דרעהענדיג מיט'ן עק.

דער קינסטלער איז צוגעגאַנגען צו דער גרעפין זיך בּע-גריסען, אָבּער ער האָט געאיילט צוריק צום שפּיל, אויפגערעגט דורכ'ן קאַמף, צופרידען דערמיט, וואָס ער פיהלט זיך געשיקט; ער האָט נאָר שנעל און צוזייט אַ קוק געטאָן אויף דער גרעפינס געזיכט, אויף יענס געזיכט, וואָס צוליב אים איז אויסגעבּראַכט געוואָרען אַזויפיל מי, און ער האָט געפרעגט:

—איר דערלויבּט, טייערע גרעפין? איך האָבּ מורא, איך זאָל מיך נישט צוקילען און כאַפּען געוורא‏‏לגיע.

זי האָט זיך געזעצט אויף אַ קופּע היי, וואָס איז געשני-טען געוואָרען בּאַלד אינדערפרי, פריי צו מאַכען דעם פּלאַץ פאַר די שפּילער; אויפ'ן האַרצען איז איר מיט אַמאָל אומעטיג געוואָרען; זי איז געזעסען און געקוקט אויף זיי.

איר טאָכטער, וואָס האָט געהאַט גרויס פערדרוס דערפון, וואָס איר איז כסדר נישט געגאַנגען, איז געווען אויפגערעגט; זי האָט זיך געהיצט, אויסגעשריען דאָ פון פערדרוס, דאָ פון נצחון, אָנגעשטרענגט אַרומגעלאָפען פון איין עק פּלאַץ צום צוויי-טען און עפּטער בּשעת דידאָזיגע אַרומשפּרינגעני שען, פלעגען זיך איר אַרויסשלאָגען די האָר, זיך צופאַלען און צושיטען איבּער די אַקסלען. זי פלעגט זיי צונויפנעמען, און, פּערדריקענדיג צוויי-שען די קני די ראַקעטע, מיט אומגעדולדיגע בּעוועגונגען, שנעל,

אין עטליכע סעקונדען אַריינגעשטעקט שפּילקעלעך אין דער מענ-גע האָר.

און בערטען האָט פון ווייטען געשריען צו דער גרעפין:

—זעהט, ווי זי איז איצט שען און פריש, ווי דער טאָג!

יאָ, זי איז געווען יונג, זי האָט געקאָנט לויפען, זיך דער-היצען, גאָרנישט, אויב די באַקען האָבען איר געפלאַמט און די האָר האָבען זיך איר פונאַנדערגעלאָזט; זי האָט אַלץ געמעגט, איר איז אַלץ דערלויבט געווען, וואָרום דאָס אַלץ האָט זי נאָך שענער געמאַכט.

און וואָס מער זיי האָבען זיך אַריינגעטאָן אין שפּילען, אַלץ אומעטיגער איז געוואָרען די גרעפין. זי האָט געטראַכט וועגען דעם, אַז אַליוויע וויל בעסער שפּילען מיט דער פּילקע, אַז אים געפעלט בעסער אָט די פערוויילונג, אָט דאָס שפּיל פון קעץ, וואָס לויפען נאָך פּאַפּירענע קיילעכלעך, איידער דאָס פערגעניגען צו זיין נעבען איר אין דעמדאָזיגען הייסען פרימאָר-גען, איידער צו פּיהלען זי, אַ ליבענדיגע, נעבען זיך.

בשעת פון ווייטען האָט זיך דערטראָגען דער ערשטער קלונג פון גלאָק, וואָס האָט גערופען פרישטיגען, האָט איר אויס-געוויזען, אַז מען בעפרייט זי, אַז מען נעמט-אַראָב אַ משא פון איר נשמה. נאָר אַז זי האָט זיך צוריקגעקערט אין שלאָס אַריין, אָנגעלעגט אויף זיין האַנט, האָט ער איר געזאָגט:

—איך האָב מיך נאָר-וואָס פרעהליך געמאַכט, ווי אַ יונגע-לע. אַך, ווי גוט דאָס איז צו זיין אָדער צו פיהלען זיך יונג. יאָ! יאָ! דאָס איז בעסער פון אַלץ! ווילסטו שוין מער נישט לויפען, איז אַנ׳עק צו אַלץ.

אויפגעשטאַנען פון טיש, האָט די גרעפין, וואָס איז דאָס ערשטע מאָל נעכטען נישט געגאַנגען אויפ׳ן בית-עולם, פאָרגע-לעגט, מען זאָל געהן אַהין אינאיינעם, און אַלע דריי זענען אַוועק אין דאָרף אַריין.

מען האָט בעדאַרפט דורכגעהן דורכ׳ן וואַלד, וואו עס האָט געשטראָמט אַ טייכעל, וואָס האָט געהייסען „קוואַקערין", אַבּנים צוליב די פראָש-מענגעס, וואָס האָבען זיך דאָרטען געמערט.

דערנאָך האָט מען בעדאַרפט דורכגעהן דאָס פעלד און קומען צום קלויסטערל. דאָס קלויסטערל איז געווען אַרומגערינגעלט מיט מאַנכע הייזער, וואו עס האָט זיך געפונען אַ קראָם פון מילך, אַ בעקעריי און אַ פליישגעוועלב, אַ ווינקעלער און נאָך עטליכע קליינינקע געשעפטלעך, וואו פויערים האָבען געגעבען צו לייזען.

געגאַנגען זענען זיי שווייגענדיג און קאָנצענטרירט, דער געדאַנק פון דער געשטאָרבענער האָט זיי טרויעריג געמאַכט. ביים קבר האָבען זיך ביידע פרויען אַראָבגעלאָזט אויף די קני און לאַנג געבעטען גאָט. די גרעפין, איינגעבויגען, איז פערשטיי־נערט געוואָרען אין אַנ׳אונבעוועגליכער פאָזע מיט אַ טיכעל צו־געדריקט צו די אויגען. זי האָט מורא־געהאַט צו וויינען, מורא־געהאַט, אַז די טרערען וועלען נעמען לויפען איבער אירע באַ־קען. געבעטען האָט זי צו גאָט נישט אַזוי, ווי זי האָט ביז אַהער צו אים געבעטען, בשעת זי פלעגט זיך פערטיפען אין געדאַנקען וועגען דער מאַמען און דורכ׳ן קבר־שטיין זיך גע־ווענדט צו איר מיט גרויס תחנונים, ביז עס האָט זיך איר אָנ־געהויבען דאַכטען אין איר פיינליכער האַרצרייסענדיגער צורו־דערונג, אַז די פערשטאָרבענע הערט זי. איצט האָט זי נאָר ווערטער ליידענשאַפטליך איבערגע׳חזר׳ט. היינט האָט זי נישט געהאַט די קרעפטען און די אינערליכע קאָנצענטרירונג, וואָס איז נויטיג דערויף צו פירען אַ טריבען געשפרעך אָהן אַנ׳ענטפער, אַ געשפרעך מיט דעם, וואָס איז געבליבען פון אַ פערשוואונדע־נעם וועזען, און עס דרעהט זיך אַרום קבר, וואו עס ליגט זיין טויטער גוף. אַנדערע זאָרגען זענען איצט בעפאַלען איר האַרץ און זיי האָבען זי גערעגט, געמאַטערט און צוזייט.

זי וואָלט נישט געקאָנט זאָגען, וועגען וואָס זי האָט גע־בעטען צו גאָט, ווייל אירע שרעקען זענען נאָך נישט געווען דייטליך און קלאָר פאַר איר אַליין, אָבער זי האָט געפיהלט, אַז זי נויטיגט זיך אין גאָט׳ס טרייסט, אין איבערנאַטירליכער הילף נעגען די קינפטיגע סכנות און אונפערמיידליכע יסורים.

אַנעט, אַדורכגעזאָגט די געוועגליכע ווערטער פון דער

תּפילה, האָט שטעהענדיג אויף די קני געטרוימט מיט פערמאַכ־טע אויגען. זי האָט זיך נישט געוואָלט אויפהויבען פריער פון דער מוטער.

אָליוויע בערטען האָט געקוקט אויף זיי און געטראַכט, אַז ער האָט פאַר זיך אַ גרויסאַרטיג בילד, און בעדויערט, וואָס ער קאָן נישט אָנוואַרפען פון זיי אַן׳עסקיז.

אומקערענדיג זיך צוריק אַהיים, האָבען זיי גערעדט וועגען דער מענשליכער עקזיסטענץ, זיך שטיל געטוישט מיט טריבע און פּאָעטישע געדאַנקען, פול רירענדיגער און פעסימיסטישער פילאָ־זאָפיע, וואָס קומט אַזוי אָפט אין אַ שמועס צווישען אַ מאַן און אַ פרוי, בשעת דאָס לעבען האָט זיי לייכט פערוואונדעט און זיי־ערע הערצער גיסען זיך צוזאַמען אין געמיינזאַמען טרויער.

אַנעט, צו-יונג פאַר אַזוינע געדאַנקען, איז ווײַלעוויַיז אַנט־לאָפען פון זיי און געריסען פעלדבלומען, וואָס זענען געוואַקסען אויף די ברעגען פון וועג.

אָבער אָליוויע, וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקען פערלאַנג אויפצוהאַלטען זי נעבען זיך, איז געווען אויפגערעגט דערפון, וואָס זי פלעגט אַנטלויפען און ער האָט נישט אַראָבגענומען די אויגען פון איר. ער האָט גע׳כעס׳ט דערויף, וואָס די בלומען־פאַרבען אינטערעסירען זי מער, ווי די ווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט. עס האָט אים שרעקליך אויפגערעגט דאָס, וואָס ער קאָן נישט זיין איבער איר בעל-הבית, וואָס ער קאָן זי נישט אונטערוואַרפען זיין מאַכט, ווי איר מוטער, און ער האָט געוואָלט אויסציהען די האַנט, כאַפּען זי, איינהאַלטען און פער־ווערן אַוועקצוגעהן. ער האָט געפיהלט, אַז זי איז צופיל בעוועג־ליך, צו-יונג, צו-פריי, פריי, ווי אַ פויגעל, פריי, ווי אַ הינטעל, וואָס פאָלגט נישט, ווען מען רופט עס, וואָס אין זיין בלוט ליגט נאָך אונאָבהענגיגקייט, אָט דער שענער פרייהייטסאינסטינקט, וואָס איז נאָך נישט צובראָכען דורכ׳ן מענשליכען הויף און בייטש.

און צוצוציהען איר אויפמערקזאַמקייט, האָט ער אָנגעהוי־בען ריידען פון פרעהליכערע זאַכען, טיילמאָל איר געשטעלט פראַגען, זיך געסטאַרעט אַרויסצורופען אין איר אינטערעס צו

זיינע ווערטער, דערוועקען אין איר די נייגיריגקייט פון אַ פרוי. אָבער עס האָט אויסגעוויזען, אַז דערזעלבער קאַפּריזנער ווינט, וואָס האָט בעוועגט די קוסטעס, האָט זיך אין דעם אייגענעם טאָג געטראָגען אויך אין אַנעטס קאָפּ און צובלאָזען און צוזייט איר אויפמערקזאַמקייט. זי האָט קוים בעוויזען אַרויסצוּוואַרפען צווישען צוויי שפּרונגען אַ באַנאַל וואָרט, וואָס מען האָט גע-וואַרט פון איר, און צוריק אַוועקגעלאָפען צו אירע בלומען. צו-לעצט, האָט בערטען נישט אויסגעהאַלטען, און בשעת זי איז גע-קומען צולויפען און גענומען בעטען די מוטער, יענע זאָל נע-מען איר ערשטען בוקעט, כדי זי זאָל קאָנען אָנרייסען אַ צווייטען, האָט ער מיט קינדערשער אונגעדולט זי אָנגעכאַפּט ביים עלענבויגען און אַזוי פּערדריקט איר האַנט, אַז זי האָט זיך נישט געקאָנט אַרויסרייסען. זי האָט זיך מיט געלעכטער פערטיידיגט און אַלע קרעפטען אָנגעשטרענגט זיך צו בעפרייען און אַנטלוי-פען. זיין מענליכער אינסטינקט איז געווען בעליידיגט און ער האָט געלאָזט איך וועג אַריין די מיטלען פון שוואַכע: אַז ער האָט נישט געקאָנט צוצוהען איר אויפמערקזאַמקייט, האָט ער איר צוגעזאָגט גוטע זאַכען און אויפגערייצט איר דאָס געפיהל פון גאוה.

—זאָג מיר,—האָט ער געזאָגט—וואָסער בלימעל געפעלט דיר מער, וועל איך דיר מאַכען אַ בראָשקעלע אין דער פאָרם פון אַזאַ בלימעל.

זי האָט געקווענקעלט און געגאַפט.

—אַ בראָשקעלע! וואָס פאַר אַ בראָשקעלע?

—פון קאָלירטע שטיינדלעך: פון רובינען קאָן מען מאַכען מאָנבלומען, פון סאַפּפירען קאָרנבלימלעך מיט אַ קליינינטשקען בלע-טעלע.

אַנעטס פנים׳ל האָט אָנגעהויבען לייכטען מיט יענער צאַר-טער פרייד, וואָס ווערט שטענדיג אַרויסגערופען ביי פרויען דורך פערשפּרעכונגען און מתנות.

—אַ קאָרנבלימעל,—האָט זי געזאָגט—דאָס איז אַזוי חנ׳-עוודיג.

—זאָל זיין אַ קאָרנבלימעל! מיר וועלען עס בעשטעלען,

בשעת מיר וועלען זיך אומקערן קיין פּאַריז.

זי איז שוין מער נישט אַוועקגעלאָפען, צוגעשמידט צו איהם מיט׳ן געדאַנק וועגען דער קאָסטבאַרער זאַך, וואָס זי האָט זיך געסטאַרעט פאַרצושטעלען אין דער פאַנטאַזיע. דערנאָך האָט זי געפרעגט:

—אַ סך צייט בעדאַרף מען האָבען צו מאַכען אַזאַ זאַך?

ער האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט, פיהלענדיג, אַז ער האָט זי געפּקאָט.

—איך ווייס נישט, עס ווענדט זיך אָן דעם, ווי ווייט די אַרבייט איז קאָמפּליצירט.

נאָר פלוצלונג האָט זי אָבגעשטעלט אַן׳אונאָנגענעמע מחשבה:

—אָבער איך וועל עס דאָך נישט טאָרען טראָגען—איך גיה דאָך אין טרויער.

ער האָט גענומען אונטער׳ן האַנט דאָס יונגע מיידעל און, צוציהענדיג זי צו זיך, געזאָגט:

—מילא, ועסטו בעהאַלטען דאָס בראָשקעלע ביז עס וועט זיך ענדיגען דיין טרויער; דאָס וועט דיר דאָך נישט שטערען צו קוקען דערויף.

ווי נעכטען אין אָוועגד, איז ער פון דאָסניי געוועזען צווי-שען זיי, אַנ׳אַרומגערינגעלטער, אַנ׳איינגעדריקטער, אַנ׳איינגעשלאָ-סענער צווישען זייערע אַקסלען, און, כדי צו זעהן ווי זיי הויבען אויף איהם די ענליכע בלויע אויגען, בעזייהט מיט שוואַרצע פינטעלעך, האָט ער זיך מיט אַ סדר געווענדט דאָ צו איינער, דאָ צו אַ צווייטער. אונטער דער העלער זון, וואָס האָט זיי בע-לויכטען, האָט ער איצט וועניגער צוזאַמענגעמישט די גרעפין מיט דער טאָכטער אָבער דערפאַר האָט ער אַלץ מער צונויפ-געפלאָנטערט די טאָכטער מיט יענעם בילד, וואָס איז אַלץ דייט-ליכער אויפגעשטאַנען פאַר איהם, מיט יענער ערינערונג וועגען איהר מוטער, ווי אַזוי זי איז אַמאָל געווען. ער האָט געוואָלט ביידען איינשליסען אין זיינע אָרעמס, איינע, דערפאַר, כדי צו שפּירען פון דאָסניי די פרישקייט פונ׳ם ראָזען קערפּער, פון וועלכען ער האָט אַמאָל אַזויפיל גענאָסען און וואָס איז דורך אַ כשוף פון

דאָסניי אויפגעלעבט געוואָרען פאַר אים, די צווייטע דערפאַר, ווייל ער האָט זי נאָך אַלץ ליב געהאַט און געפיהלט, ווי די מאַכט פון דער אַלטער געוועגהייט ציהט אים צו איר. אין אָט דער שעה האָט ער קלאָר פערשטאַנען, אַז זיין בעגער, זיין ליבע צו איר, וואָס זענען שוין לאַנג פערלאָשען געוואָרען, ווערט פון דאָסניי אָנגעצונדען, ווען ער זעהט די צוריק-אויפגעלעבטע יוגענד.

אַנעט איז ווידעראַמאָל אַוועקגעלאָפען צוזאַמענקלויבען בלומען.

אָליוויע האָט זי אויפגעהערט צו רופען, פונקט ווי די אָנרירונג פון איר האַנט און די פרייד, וואָס ער האָט געשפירט, וואָלטען אים בערוהיגט. אָבער ער האָט נאָכגעהיט אירע אַלע בעוועגונגען מיט יענעם מין תענוג, וואָס מיר לעבען-איבער, בשעת מיר קוקען אויף וועזענס און זאַכען, וואָס ציהען אונז צו און בעצויבערן. בשעת זי פלעגט קומען און ברענגען עפּיס אַ פלאַנצונג, פלעגט ער שטאַרקער איינאָטעמען אין זיך די לופט און אונבעוואוסטזיניג זיך געסטאַרעט אַרויסצוגעפינען אין דער לופט, וואָס האָט געציטערט פון אירע בעוועגונגען, עפּיס פון איר, פון איר אָטעם, פון דער וואַרימקייט פון איר קערפּער. ער האָט געקוקט אויף איר מיט עקסטאַז, ווי מען קוקט אויף זונאויפגאַנג, ווי מען הערט מוזיק, מיט שטאַרקער התלהבות און נאָכגעהיט, ווי אַזוי זי בויגט זיך איין, שטעהט-אויף, פערוואָרפט אַהינטער די הענט, צו פעררייכטען די פריזור. און מיט יעדער שעה האָט זי אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער אויפגעלעבט אין אים די געשטאַלט פון עבר! איר געלעכטער, אירע חנ׳עוודיגע תנועה׳לעך, אירע בעוועגונגען האָבען אויפגעלעבט אויף זיינע ליפּען דעם געשמאַק פון אַמאָליגע קושען. זי האָט פערוואַנדעלט דעם ווייטען עבר, וועגען וועלכען ער האָט שוין פערלאָרען די בענויע פאָרשטעלונג, אין עפּיס אַזוינס, וואָס איז ענליך צו אַ טרוים אויפ׳ן וואָר. זי האָט צונויפגעפלאָנטערט עפּאָכעס, דאַטעס, פאָרשטעלונגען פון פערגאַנגענע יאָרען, און, פיהלענדיג, אַז אין אים צינדען זיך אָן פון דאָסניי די קאַלט-געוואָרענע געפיהלען, האָט ער אַליין נישט בעמערקט, ווי ער מישט צוזאַמען דעם

נעכטען מיט׳ן מאָרגען, די ערינערונג מיט דער האָפנונג, אָנשטרענגענדיג דעם געדאַנק, האָט ער זיך געפּרעגט, צי די גרעפין האָט געהאַט אין דער צייט פון איר פולען גלאַנץ אָט די בויגזאַמקייט פון אַ גאַזעל, אָט דעם דרייסטען, קאַפּריזען רייץ, וועלכער דערמאָנט אָן אַ חיה, וואָס לויפט און שפּרינגט. ניין, אין איר איז געווען מער גלאַנץ און וועניגער ווילדקייט. אַ טאָכטער פון שטאָט, אַ פרוי פון שטאָט, האָט זי קיינמאָל נישט געטרונקען די לופט פון די פעלדער, נישט געוואַקסען צווישען גראָזען. איר שענקייט האָט געבליהט צווישען שטיינערנע ווענט און נישט אויף דער זון, אונטער׳ן אָפענעם הימעל.

אַז זיי האָבען זיך צוריקגעקערט אין שלאָס אַריין, האָט זיך די גרעפין געזעצט ביים פענסטער אויף איר נידעריגען טישעלע שרייבען בריף; אַנעט איז אַוועק צו זיך אין צימער און דער קינסטלער איז פון דאָסניי אַוועק שפּאַצירען מיט לאַנגזאַמע טריט, מיט אַ ציגאַר אין מויל, די הענט פערלעגט אויף הינטען איבער די געשלענגעלטע שטעגעלעך פון פּאַרק. אָבער ער האָט זיך נישט דערוויטערט אויף אַזויפיל, אַז ער זאָל פערלירען דעם ווייסען פראָנט פון שלאָס, אָדער זיין שאַרף-שפּיציגען דאַך. באַלד ווי ער איז אַוועק הינטער די גרופּעס בוימער אָדער די קוסטעס, האָט עפּיס אַ שאָטען פערקומערט זיין האַרץ, פּונקט ווי אַ וואָלקען פערשטעלט די זון, און אַז די קאָנטורען פון שלאָס האָבען זיך פון דאָסניי בעוויזען צווישען די בוימער, איז ער עטליכע מינוט געבליבען שטעהן און געקוקט אויף דער שורה הויכע פענסטער. דערנאָך האָט ער פון דאָסניי גענומען געהן.

ער האָט זיך געפיהלט אויפגעשרויפט, אָבער צופרידען, צופרידען מיט וואָס? מיט אַל׳.

אין דעמדאָזיגען טאָג האָט אים די לופט אויסגעוויזען ריין, דאָס לעבען אָנגענעם. ער האָט ווידער דערשפירט אין זיך לייכטזיניגע פערלאַנגען פון אַ קליין יונגעל, ער האָט געוואָלט נאָכלויפען און כאַפּען מיט די הענט די געלבע שמעטערלינגען, וואָס ענען אומגעשוואומען אין לופטען איבער דעם גרינעם פּלאַץ, ינקט ווי זיי וואָלטען געווען אויפגעהאַנגען אויף גומענע פּע-

דים. ער האָט אויסגעזוכט אַ מאָטיוו פון דער אָפּערע. עטליכע מאָל נאָכאַנאַנד האָט ער איבערגע׳חזר׳ט הונא׳ס בערימטע פראַזע: „לאָז מיט דיין געזיכט זיך קוויקען״, אייגעפּינענדיג דערין אַ טיפען צאַרטען זין, וואָס ער האָט פריער אַזוי נישט געפיהלט.

צולעצט, האָט ער זיך געפרעגט, וואָס איז עס געשעהן, וואָס פאַר אַזאַ קורצער צייט איז ער געוואָרען אַזוי נישט ענ-ליך צו זיך. נעכטען אין פּאַריז איז ער מיט אַלץ געווען נישט צופרידען, ענטטוישט, אויפגערעגט. היינט איז ער געווען רוהיג, מיט אַלץ צופרידען, פּונקט ווי גאָט וואָלט אים אומגעטוישט די נשמה. „אָט דער גוטער גאָט—האָט ער געטראַכט—האָט אויך בע-דאַרפט בעניי׳ען מיין קערפּער און מאַכען מיך יונג״. פּלוצלונג האָט ער בעמערקט זשוליאַ׳ן, וואָס האָט עפּיס אויסגעשפּירט אין די קוסטעס. ער האָט אים צוגערופען, און בשעת דעם הונטס ויידענער קאָפּ מיט די לאַנגע אויערן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אונ-טער זיין האַנט, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אין גראָז און גע-נומען אים גלעטען, ריידען צו אים מיט גוטע ווערטער, אַוועק-געזעצט אים צו זיך אויף די קני און אפילו אַ קוש געטאָן אים, ווי דאָס טוען פרויען, וואָס פיהלען זיך גערירט ביי יעדער גע-לעגענהייט.

נאָכ׳ן מיטאָג זענען זיי, אָנשטאָט צו שפּאַצירען, געזעסען צוזאַמען דעם גאַנצען אָוועגד אין עסצימער.

די גרעפין האָט פּלוצלונג געמאָלדען:

—מיר דאַרפען דאָך אַ טראַכט טאָן וועגען אַוועקפאָרען!

אָליוויע האָט אויסגעשריען:

—אַך, דערמאָנט איצט נישט וועגען דעם! איר האָט נישט געוואָלט אַוועקפאָרען פון ראָנסיער, ווען איך בין נישט געווען. בין איך געקומען, טראַכט איר נאָר פון דעם, ווי אַזוי צו אַנט-לויפען פון דאַנען.

—אָבער מיין טייערער פריינד—האָט זי געענטפערט—מיר קאָנען דאָך נישט וואוינען דאָ צו-לאַנג אַלע דריי.

—ווער רעדט פון צו-לאַנג? עס האַנדעלט זיך בלויז ווע-

גען עטליכע טעג. וויפיל מאָל האָב איך געוואוינט ביי אייך וואָכענווייז?

—יאָ, אָבער ביי אַנדערע אומשטענדען. דעמאָלט איז אונזער הויז געווען אָפּען פאַר אַלעמען.

דעמאָלט האָט זיך אַנעט געווענדט צו דער מוטער מיט אַ פער'גנב'עטען טאָן:

—אַך, מאַמעלע! לאָמיר דאָ פערבלייבען נאָך עטליכע טעג, צוויי, דריי טעג. ער לערנט מיך אַזוי גוט שפּילען אין טעניס. איך ווער בייז, בשעת איך פערשפּיל און דעריבער בין איך זעהר צופרידען, ווען איך מאַך פאָרשריט!

נאָך אינדערפריה האָט די גרעפין געבויט פּלאַנען, ווי אַזוי צו פערלענגערן ביז זונטאָג בערטענס געהיים פערברענגען דאָ, און איצט האָט זיך איר געוואָלט אַוועקפאָרען, הגם זי האָט אַליין רעכט נישט געוואוסט, פאַרוואָס. זי האָט געהאָפּט, אַז דערדאָזיגער טאָג וועט זיין פאַר איר אַזאַ גוטער, און אָט איז ער אַדורכגעגאַנגען און איבערגעלאָזט אויף דער נשמה עפּיס אַנ'אונדערקלערליכען שטאַרקען טרויער, עפּיס אַנ'אונפערשטענדליכע אונרוהיגקייט, וואָס איז געווען פער'עקשנ'ט און בעבעלהאַפט, ווי אַ פאָרגעפיהל.

געבליבען אַליין אין צימער, האָט זי אָנגעהויבען אָבזוכען די סבה פון דער נייער שלעכטער שטימונג.

צי האָט זי נישט געהאַט איינע פון יענע אונמערקליכע איבערלעבונגען, וועלכע טראָגען זיך אַזוי שנעל אַדורך אין אונזער נשמה, אַז אונזער שכל האַלט זיי נישט איין אין זכרון און דאָך ווערען אָנגערירט דורך זיי די מער-פיהלבאַרע סטרונעס פון אונזער האַרצען און קאָנען זיך נישט איינשטילען? מעגליך. אָבער וואָסער סטרונע איז אָנגערירט געוואָרען? צווישען די טויזענדער שאַטירונגען פון איר שטימונג, דורך וועלכע עס איז דורכגעגאַנגען איר נשמה, האָט זי זיך דערמאָנט אָן עטליכע שווערע מאָמענטען, וואָס אין זיי איז זיך שווער מודה צו זיין. אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַזוי נישטיג, אַז עס האָט גאָרנישט געלוינט דערויף צו טרויערן. „איך פאָדער צופיל,—האָט זי אַ

טראַכט געטאָן—און איך האָב נישט קיין שום גרונד אַזוי זיך צו מוטשען.

זי האָט געעפענט דאָס פענסטער, איינצואָטעמען די נאַכט-לופט, און, אָנגעלענט אויפ׳ן עלענבויגען, איז זי אַלץ געזעסען ביים פענסטער, אויסגעשטעלט די אויגען צו דער לבנה.

אַ לייכטער געריוש האָט דערגרייכט צו איר. אָליוויע האָט שפאַצירט אַרום שלאָס. „פאַרוואָס האָט ער געזאָגט, אַז ער געהט צו זיך,—האָט זי אַ טראַכט געטאָן—פאַרוואָס האָט ער מיר נישט געזאָגט, אַז ער וויל זיך דורכגעהן? פאַרוואָס האָט ער מיך נישט געבעטען געהן מיט אים צוזאַמען? ער ווייס דאָך אַזוי גוט, אַז דאָס וואָלט מיך געפרעהט. פון וואָס פאַרט טראַכט ער?"

דער געדאַנק, אַז ער האָט נישט געוואָלט געהן מיט איר צוזאַמען שפאַצירען, אַז ער האָט געוואָלט אין אָט דער שענער נאַכט שפאַצירען אַליין, מיט אַ ציגאַר אין מויל—זי האָט געזעהן אַ רויטען ברענענדיגען ברעג פון ציגאַר—אַליין אין דער צייט, ווען ער האָט איר געקאָנט פערשאַפען גליק און געהן מיט איר אינאיינעם—דערדאָזיגער געדאַנק, אַז ער האָט זיך נישט אַלע-מאָל געגויטיגט אין איר, נישט אַלעמאָל זי בעגערט, האָט איר פון דאָסניי פערביטערט די נשמה.

זי האָט געוואָלט צומאַכען דאָס פענסטער און נישט זעהן אים מער, נישט האָבען דעם פערלאַנג אַ רוף צו טאָן אים; נאָר ער האָט אויפגעהויבען די אויגען און זי בעמערקט. ער האָט אויסגעשריען:

—איר טרוימט פאַר די שטערען, גרעפין?

זי האָט געענטפערט:

—יאָ! וואַרשיינליך איר אויך.

—אָ! איך בין איינפאַך אַרויסגעגאַנגען רויכערן.

—פאַרוואָס האָט איר מיר נישט געזאָגט, אַז איר ווילט זיך דורכגעהן?

—איך האָב נאָר געוואָלט אויסרויכערן אַ ציגאַר. איבריגענס, געה איך צוריק צו זיך.

—אויב אַזוי, איז אַ גוטע נאַכט, מיין פריינד.

—אַ גוטע נאַכט, גרעפין.

זי האָט זיך צוריקגעקערט צו איר נידעריגען ל'ענשטולכעל, זיך אַוועקגעזעצט און פונאַנדערגעווייגט זיך. דאָס שטובמיידעל, וואָס איז געקומען איר פערהעלפען זיך אַריינלעגען אין בעט אַריין, האָט דערזעהן אירע רויטע אויגען און מיט מיטלייד געזאָגט:

—אַך, די הערין וועט ווידער שלעכט אויסזעהן מאָרגען.

י גרעפין האָט שלעכט געשלאָפען, עס האָט זי געפיבערט און קאָשמאַרען האָבען זי געפייניגט. באַלד ווי זי האָט זיך אויפגעכאַפּט און איידער זי האָט אָנגעקלונגען, האָט זי אַליין געעפענט די פענסטער, פונאַנדערגערוקט די פאָרטיערן, אַ קוק צו געבען אויף זיך אין שפיגעל. דאָס געזיכט איז איר געווען אויסגעצויגען, די אויגען אָנגעשוואָלען, די הויט פון געזיכט געלב, און דאָס האָט איר אַזוי פערביטערט, אַז זי האָט זיך פון דאָסניי געוואָלט מאַכען קראַנק, אַריינלעגען זיך אין בעט אַריין און זיך נישט בעווייזען ביז'ן אָווענד.

דערנאָך האָט זי פלוצלונג דערשפירט די פאָדערונג אַוועקצופאָרען, אַ פער'עקשנ'טע פאָדערונג תיכף אַוועקצופאָרען, מיט דעם ערשטען צוג, איבערלאָזען דידאָזיגע לאַנדשאַפט, פערגעסען די זון, וואו פאַר דעם העלען שיין פון דעם פרייען דאָרף-שטח זעגען צו-דייטליך אַרויסגעטראָטען אויפ'ן געזיכט די נישט-אויסגעגלעטע שפורען פון צער און לעבען. אין פאַריז געהט דאָס לעבען דורך אין האַלבטונקעלע צימערן, וואו די שווערע פאָרטיערן לאָזען דורך אַ ווייכען שיין אפילו בשעת עס איז האַלבער טאָג. דאָרט וועט זי ווערען אַזאַ, וואָס זי איז געווען—שען, מיט יענער בלאַסקייט, וואָס פאַסט זיך אַזוי צו דער שטאַרער איינגעהאַלטענער בעלייכטונג. דעמאָלט איז פאַר אירע אויגען געקומען אַנעטס געזיכט, פערדרויטעלט, לייכט צושויבערט, אָבער אַזוי פריש בשעת'ן שפילען אין לאַאון-טעניס, און זי האָט פערשטאַנען יענע מאָדנע אונרוהיגקייט, וואָס האָט געפייניגט איר נשמה. זי האָט נישט מקנא-געווען דער טאָכטערס שענקייט! ניין, אודאי, אָבער זי האָט געפיהלט, דאָס ערשטע מאָל געקומען צום געדאַנק, אַז זי

בעדארף זיך קיינמאָל מער נישט ווייזען פאר דעם העלען שיין פון דער זון

זי האָט אָנגעקלונגען, און איידער זי האָט נאָך געטרונקען טיי, האָט זי פעראָרדענט וועגען אָבפּאָרען, אָנגעשריבען עטליכע טעלעגראַמעס, בעשטעלט זאָגאר צו אָװענד אַ מיטאָג דורכ'ן טע-לעגראַף, פונאַנדערגעצאָלט זיך און אָבגעגעבען די נויטיגע אינס-טרוקציעס. דאָס אַלץ האָט זי געבראַכט אין אָרדנונג נאָך וועני-גער ווי אין אַ שעה צייט—פּיבעריליך געוואַקסען איז אין איר די אונגעדולד.

אַז זי איז אַראָב אונטען, האָט אַנעט און אָליוויע, וואָס האָבען שוין געוואוסט פון איר בעשלוס, זי גענומען אויספרעגען מיט פערוואונדערונג. זי האָט נישט געגעבען קיין שום גענויע דערקלערונג וועגען דעם, וואָס האָט זי געצוואונגען פלוצלונג אָב-צופאָרען. דאָס האָט זיי פערדראָסען, און ביז יענעם מאָמענט, ווען זיי איז אויסגעקומען צו שיידען זיך אין פאַריז, זענען זיי געזעסען מיט אָנגערוקטע פנימ'ער.

די גרעפין האָט אויסגעצויגעז דעם קינסטלער די האַנט און געפרעגט:

—ווילט איר מאָרגען קומען מיטאָגען ?

ער האָט ברוגז'דיג געענטפערט:

—געוויס וועל איך קומען. אָבער דאָך האָט איר זיך נישט זעהר שען בעגאַנגען. געוועז דאַרט אַזוי גוט אונז אַלעמען דרייען !

זין.

באַלד ווי די גרעפין איז געבליבען אַליין מיט דער טאָכ־טער אין קאַרעט, פאָרענדיג אַהיים, האָט זי זיך מיט אַמאָל דער־שפּירט איינגערוהיגט, איינגעשטילט, פונקט ווי זי וואָלט בשלום דורכגעקומען דעם קריזיס פון אַ שווערער קראַנקהייט. לייכט האָט זיך איר געאָטעמט, זי האָט געשמייכעלט צו די הייזער, מיט שמחה דערקאָנט די שטאָט, וואָס מיט אַלע פּרטים איינגע־זיגעלט אין די אויגען און הארץ פון יעדען עכטען פּאַריזער. בעמערקט עפּיס אַ מאַגאַזין, האָט זי שוין פריער פאָרגעזעהן די קאָנטורען פון די שכנ׳ישע הייזער ביים זייט בולוואַר, פאָרגע־זעהן די פיגור פון פריקאַזטשיק, וואָס זי האָט אַזויפיל מאָל בע־מערקט דורך דער שויב פון וויטרינע. זי האָט זיך געפיהלט גע־ראַטעוועט! פון וואָס? בערוהיגט! פאַרוואָס? פול מיט זיכערקייט! אין וואָס?

בשעת די קאַרעט האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען דער אַרקע פון טויער, איז זי לייכט אַראָבגעשפּרונגען און פונקט ווי זי וואָלט זיך געראַטעוועט דורך אַנטלויפען, איז זי שנעל אַרויף אויף די האַלבטונקעלע טרעפּ, פון דאָרטען אין דעם האַלבטונ־קעלען עסצימער און פון דאָרטען אין איר אייגענעם האַלבטונ־קעלען צימער. און דאָ האָט זי זיך אויף אַ רגע צוגעשטעלט, צו־פרידען דערמיט, וואָס זי איז אויסער געפאַר, וואָס עס לייכט איר דער נעבעלדיגער שטאַרער פאַריזער טאָג, וואָס בעלייכט עטוואָס, וואָס לאָזט נאָר האַלב זיך אָנשטויסען, האַלב נאָר זעהן דאָס אַרומיגע, אין וועלכען עס איז אַזוי בעקוועם צו ווייזען נאָר דאָס, וואָס עס ווילט זיך און פערבאָרגען דאָס, וואָס מען

דאַרף בעהאַלטען. די ערינערינג וועגען דעם בלענדענדען ליכט, וואָס האָט פערגאָסען די פעלדער, האָט נאָך אַלץ געלעבט אין איר, ווי אַ שפּירונג פון אַ קראַנקהייט, וואָס האָט זיך געענדיגט.

אַז אַנעט איז אַראָב אונטען צום מיטאָג, האָט זי דער פאָטער, וואָס איז נאָר-וואָס געקומען אַהיים, צערטליך אַרומגענומען און געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

—אַזוי, אַזוי, איך האָב טאַקי נישט געצווייפעלט דערין, אַז אונזער פריינד בערטען וועט אייך ברענגען אַהער. איך האָב גוט געטאָן, וואָס איך האָב אים געשיקט נאָך אייך.

אַנעט האָט געענטפערט זעהר ערנסט, מיט יענער אייגענאַרטיגער אינטאָנאַציע אין קול, וואָס פלעגט זיך שטענדיג הערען, בשעת זי פלעגט וועלען חוזק-מאַכען און דערביי אַליין נישט לאַכען.

—אָ! דאָס האָט זיך אים נישט לייכט איינגעגעבען! די מאַמע האָט זיך גאָרנישט געקאָנט בעשליסען אַוועקצופאָרען!

די גרעפין, עטוואָס פערשעמט, האָט געשוויגען.

אַזוי ווי די גרעפין האָט נישט אויפגענומען, איז אין אָוונט ק״נער נישט געקומען. אויף מאָרגען האָט פרוי דע-הילערואַ דעם גאַנצען טאָג פערבראַכט אין די מאַגאַזינען, וואו זי האָט אויסגעקליבען און בעשטעלט אַלץ, וואָס מען האָט בעדאַרפט. פון די יונגע יאָרען אָן, כמעט פון דער קינדהייט, האָט זי ליב געהאַט די לאַנגע בעראַטונגען מיט׳ן מעסטען פאַר די שפּיגלען פון די בערימטע שניידער. באַלד ווי זי פלעגט איבערטרעטען די שוועל פון זייערע ווערקשטאַטען, פלעגט זי שוין פאָראויס פיהלען דעם תענוג אַריינצולאָזען זיך אין די אַלע פרטים פון דער בעדאַכטער רעפּעטיציע, וואָס פלעגט דאָ פאָרקומען הינטער די קוליסען פון פאַריזער וועלטליכען לעבען. זי פלעגט פערגעטערן דעם גערויש פון די קליידער ביי די „מיידלעך״, וואָס פלעגען איר אַרויסלויפען אַנטקעגען, זי האָט פערגעטערט זייערע שמייכלען, זייערע פאָרשלאָגען, זייערע פראַגען און די בעל-הבית׳טע אַליין—די שניידערין, די מאָדיסטין אָדער די קאָרסעטען-מאַכערין, פלעגט איר אויך זעהר אימפּאָנירען, און, אַרויס-

זאָגענדיג איר מיינונג, פלעגט די גרעפין וואַרטען אויפ'ן ענט-פער פון דער שניידערין, פונקט ווי אויף אַ מיינונג פון אַ קינסט-לער. נאָך אָנגענעמער איז איר געווען די שפירונג צו זיין אַרומ-געריינגעלט מיט די געשיקטע הענט פון די יונגע מיידלעך, וואָס האָבען זי אויסגעטאָן און אָנגעטאָן, צערטליך אומגעדרעהט איר פיגור פאַר די שענער הויכע שפּיגלען. אַז זיי האָבען בעריהרט מיט זייערע לייכטע פינגער די הויט, דעם האַלז, די האָר, האָט זי געהאַט איינע פון די אָנגענעמסטע און זיסטע שפירונגען אין איר לעבען פון אַנ'עלעגאַנטער וועלטליכער פרוי.

דאָך איז זי היינט געווען אונרוהיג ביים געדאַנק, אַז איר וועט אויסקומען זיך צו ווייזען פאַר די אָפענהערציגע שפּיגלען אָהן אַ שלייער, מיט אַ נישט בעדעקטען קאָפּ. אָבער איר ערשטער וויזיט צו דער מאָדיסטין האָט איר צוריקגעקערט איר זיכערקייט. די דריי היט, וואָס זי האָט אויסגעקליבען, האָבען זיך איר וואונ-דערליך געפּאַסט, דערין האָט מען נישט געקאָנט צווייפלען, און נאָכדעם, ווי אַ מאָדיסטין האָט איר מיט איבערצייגונג געזאָגט: „אָך, גרעפין! בלאָנדינקעס האָבען קיינמאָל נישט בעדאַרפט אויס-טאָן די טרויערקליידער", איז זי אַרויס אַ צופרידענע פון מאַגאַ-זין און רוהיג אַוועק צו די אַנדערע.

דערנאָך האָט זי אין דערהיים געפונען אַ צעטעלע פון דער הערצאָגין, וואָס איז זי געקומען בעזוכען און מיטגעטיילט, אַז זי וועט נאָך קומען אין אָוונד. דערנאָך האָט זי געשריבען בריף, נאָכדעם אַ געוויסע צייט געטראַכט, איבערראַשט דערמיט, וואָס אַ גרויס אומגליק איז אַוועק אין עבר, אַנ'אומגליק, וואָס האָט זי געקאָנט אַריינברענגען אין פערצווייפלונג, און געשעהן איז עס איינפאַך צוליב דעם, וואָס זי האָט איבערגעטוישט דאָס אָרט. איר האָט אויסגעזעהן אונגלויבליך, וואָס זי איז ערשט נעכטען געקומען פון ראָנסיער, אַזוי ווייט האָט זיך געענדערט איר גע-מיט פון דעם מאָמענט אָן, וואָס זי האָט זיך צוריקגעקערט קיין פאַריז. דאָס, וואָס זי האָט איבערגעטוישט דאָס אָרט, האָט אַזוי ווי פערהיילט אַלע אירע וואונדען.

געקומען צום מיטאָג און דערזעהן זי, האָט בערטען אויס-געשריען:

—איר פערבלענדט היינט!

און אָט דער אויסגעשריי האָט זי בעגאָסען מיט אַ וואַרי-מער כוואַליע פון גליק.

אַז מען האָט זיך אויפגעהויבען נאָכ׳ן מיטאָג, האָט דער גראַף, וואָס האָט געהאַט גרויס תאוה צו ביליאַרד, פאָרגעלעגט בערטען׳ען צו שפּילען מיט אים אַ פּאַרטיע;ביידע פרויען זע-נען אַוועק מיט די מענער אין ביליאַרדזאַל, וואוהין עס איז דער-לאַנגט געוואָרען קאַווע.

די מענער האָבען נאָך געשפּילט, ווען דער לאַקיי האָט געמאָלדען, אַז די הערצאָגין איז געקומען, און אַלע זענען צו-ריק אַוועק אין גאַסטצימער. גלייכצייטיג איז אויך געקומען מאַדאַם דע-קאָרבעל מיט׳ן מאַן. ביי אַלעמען האָבען טרערען געציטערט אין קול. עטליכע מינוט איז דער טאָן ביי אַלעמען געווען אַזאַ טרויעריגער, אַז עס האָט זיך געדאַכט, באַלד וועלען זיך אַלע פונאַנדערוויינען. אָבער ביסלעכווייז האָט זיך אויסגעשעפּט די האַרציגקייט און די רירענדיגע פראַגען. דער קלאַנג פון קול האָט זיך געענדערט און אַלע האָבען אָנגעהויבען ריידען נאַטיר-ליך. פּונקט ווי דאָס אומגליק, וואָס האָט נאָר-וואָס אַלעמען בע-טריבט, איז אַנטרונען געוואָרען.

דעמאָלט האָט זיך בערטען אויפגעהויבען, גענומען אַנעט פאַר׳ן האַנט, צוגעפירט זי צו דער מוטערס פּאָרטרעט און אַוועק-געשטעלט זי אַזוי, אַז דאָס ליכט זאָל זי בעלייכטען; דערנאָך האָט ער זי געפרעגט:

—נו, איז עס נישט איבעראַשענד?

י הערצאָגין האָט פּשוט געגאַפט, זי האָט נישט אויפגע-הערט איבערצו׳חזר׳ן: „רבונו של עולם, גאָט מיינער, דאָס איז דאָך אונגלויבליך, זי האָט דאָך אויפגעלעבט פון דאָסניי! און ווי האָב איך עס פריער נישט בעמערקט! אָ! קליינינקעשקע אַנע, איצט האָב איך אייך ווידער געפונען. איך האָב דאָך אייך אַזוי גוט געקאַנט דעמאָלט, ווען איר האָט געטראָגען צום

ערשטען מאָל טרויער, ניין, צום צווייטען מאָל. וואָרום נאָך פריער האָט איר פערלאָרען אייער פאָטער! אַנעט אין שוואַרצען, אָט אַזאַ ווי איצט—דאָס איז דאָך איר מוטער מיט צוועלף יאָר צוריק. וואונדערליך! און וואָלט נישט געווען דערדאָזיגער פּאָרט-רעט, וואָלט עס קיינער נישט בעמערקט! אייער טאָכטער איז זעהר ענליך צו אייך, ווי איר זענט איצט, אָבער נאָך אַ סך ענ-ליכער צו דעמדאָזיגען פּאָרטרעט!"

געקומען מיוזאַדיע, וואָס האָט זיך דערוואוסט, אַז מאַדאַם דע-הילערואַ האָט זיך צוריקגעקערט. ער האָט זיך געסטאַרעט דער ערשטער אויסצודריקען איר זיין מיטלייד.

ער האָט נאָך נישט געענדיגט זיינע ווערטער און בעמערקט דאָס יונגע מיידעל פאַר'ן בילד, בעלויכטען פון רעפלעקטאָר, וואָס האָט אויסגעוויזען צו זיין אַ שוועסטער פון דער פרוי, וואָס איז אויסגעמאָלט אויפ'ן פּאָרטרעט. ער האָט אויסגעשריען;

—אַך, זאָגט, איך בעט אייך, מיר האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט געמאַכט צו זעהן אַזאַ איבערראַשענדיגע ענליכקייט!

און דעמאָלט האָבען מאַן-און-ווייב קאָרבעל, וואָס זייערע איבערצייגונגען האָבען זיך שטענדיג געהאַלטען אָן די פעסטגע-שטעלטע מיינונגען, זיך אויך אָנגעהויבען ענטציקען, הגם עטוואָס איינגעהאַלטען.

דער גרעפינס האַרץ האָט זיך צוזאַמענגעדריקט. און אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער האָט זיך עס צוזאַמענגעדריקט, פּונקט ווי די אַלע אויסגעשרייען פון פערוואונדערונג וואָלטען זיך שווער געלעגט אויף איס. אָהן ווערטער האָט זי געקוקט אויף דער טאָכטער, וואָס איז געשטאַנען נעבען פּאָרטרעט און די אויפרע-גונג האָט אין איר געוואַקסען. איר האָט זיך געוואָלט אויסשריי-ען: „ווערט שוין שטיל אַמאָל! איך ווייס אַליין אויך, אַז זי איז ענליך צו מיר!"

דעם גאַנצען אָוועגד איז זי שוין געוועזן טרויעריג, פון דאָסניי פערלאָרען די זיכערקייט, וואָס זי האָט ערשט נעכטען בעקומען.

בערטען האָט גראָד געהאַלטען מיט איר אין שמועסען,

ווען דער לאַקיי האָט געמאָלדען, אַז מאַרקיז דע-פּאַראַנדאַל איז געקומען. בעמערקט, ווי ער געהט-אַריין און דערנענטערט זיך צו דער גרעפין, האָט זיך דער קינסטלער אויפגעהויבען, אַוועקגע-דרעהט זיך הינטער אַ פאָטערשטול און פאַר זיך אַרויסגעמורמעלט: „נו, אָט האָסטו! עס האָט דאָ טאַקי נאָר געפעלט דער שוטה!" דערנאָך זיך געסטאַרעט אַוועקצוגעהן אונבעמערקט, זיך צוגעקריגען צום טיר און פערשוואונדען געוואָרען.

די גרעפין, וואָס האָט זיך בעגריסט מיט'ן ניי-אָנגעקומע-נעם, האָט אָנגעהויבען זוכען אָליוויע'ן, צו בעניייען מיט אים דעם שמועס, וואָס האָט זי אינטערעסירט. נישט געפינענדיג אים, האָט זי געפרעגט:

—ווי! אונזער גרויסער קינסטלער איז אַוועקגעגאַנגען?

דער מאַן האָט געענטפערט:

—וואַרשיינליך, יאָ, מיין ליבע. איך האָב געזעהן, ווי ער איז אַוועקגעגאַנגען און זיך נישט געזעגענט, אויפ'ן ענגלישען שטייגער.

דאָס האָט זי געוואונדערט, זי האָט זיך עטוואָס פערטראַכט און דערנאָך גענומען ריידען מיט'ן מאַרקיז.

די געסט זענען, איבעריגענס, דאָסמאָל שנעל אַוועקגעגאַנגען, האַלטענדיג פאַר נישט אָנשטענדיג לענגער צו זיצען אין אַ הויז, וואו עס איז געשעהן אַן'אומגליק און וואו מען האָט נאָך אָפיציעל נישט אויפגענומען.

ביינאַכט, בשעת זי איז געלעגען אויסגעצויגען אין בעט, זענען פון דאָסניי געקומען אין איר נשמה די אַלטע שרעקען, וואָס פלעגען זי בעלאַגערן אין דאָרף, אָבער זיי זענען געווען דייטליכער, זי האָט זיי געשפּירט בעשטימטער: זי האָט דער-פיהלט, אַז זי איז אַלט!

היינט אין אָוועגד האָט זי דאָס ערשטע מאָל פערשטאַנען, אַז אין איר אויפנאַמצימער, וואו ביז אַהער האָט אַלץ—ענטצי-קונג, קאָמפלימענטען, שבחים, ליבע—געהערט נאָר איר אַליין, איצט פערנעמט אַ צווייטע—איר טאָכטער, דאָס אָרט. מיט אַמאָל איז איר אַזוי ווי קלאָר געוואָרען, אַז די התפעלות'דיגע אויפ-

מערקזאַמקייט האָט זיך בעצויגען צו איר טאָכטער. אין איר אייגענעם הויז, אין דערדאָזיגער מלוכה פון אַ שענער פרוי, וואו די ליידט נישט קיין שום קריטיק, פון וואַנען זי פעריאָגט מיט אַ פערבעהאַלטענער, פער׳עקשנ׳טער אָנשטרענגונג יעדע געפערליכע פערגלייכונג, וואו גלייכע ווערען נאָר צוגעלאָזט דערויף, צו מאַכען זיי אונטערטעניג—אין דעמדאָזיגען הויז, אויף אירע וועגען, ווערט די קעניגין איר טאָכטער. וואָס פאַר אַ מאָדנע שפּירונג זי האָט איבערגעלעבט: איר האַרץ האָט זיך צוזאַמענגעדריקט, בשעת אַלע האָבען געקוקט אויף אַנעט און בערטען האָט זי געהאַלטען ביים האַנט פאַר׳ן פּאָרטרעט. זי האָט זיך פּלוצלונג דערפיהלט צושלאָגען, פערניכטעט, פון טראָן אַראָפּגעוואָרפען! אַלע האָבען געקוקט אויף אַנעט, קיין איינער האָט זיך נישט אָפּגעקערט אַ קוק צו טאָן אויף איר! און זי איז אַזוי געוועהנט צו הערען קאָמפּלימענטען און חניפה יעדעס מאָל, בשעת מען האָט זיך ענטציקט מיט איר פּאָרטרעט, זי איז געווען אַזוי זיכער אין די שבחים, וואָס זי האָט נישט צוגעגעבען קיין בעדייטונג און וואָס האָבען אָבער געשמייכעלט איר אייגענליבע! און אָט די פערלאָזענקייט, אָט די פּלעצליכע מפּלה, אָט די פּלעצליכע ענטציקונג מיט איר טאָכטער, האָט זי צורודערט, צוטרויסעלט און איבערראַשט אַזוי, ווי עס האָט זי נאָך קיינמאָל נישט צורודערט קיין שום שענקייט-קאָנקורענץ, ביי וואָס פאַר אַ בעדינגונגען דאָס איז נישט געשעהן.

אָבער זי האָט געהערט צו יענעם מין נאַטורען, וואָס די סכנה ברענגט זיי אויף לאַנג נישט אַריין אין אַ צורודערטען צושטאַנד. אַז זיי קומען צו זיך, שטעלען זיי זיך געגען, שטרייטען, סטאַרען זיך אויפצומונטערן. איר איז געקומען אויפ׳ן זינען, אַז בשעת איר טייער מיידעלע וועט חתונה האָבען, בשעת זיי וועלען אויפהערען צו לעבען אונטער איין דאַך, וועט איר מער נישט אויסקומען איבערצולעבען דידאָזיגע שטענדיגע פערגלייכונג, וואָס איז געוואָרען צו-פּיינליך פאַר איר, מחמת דאָס געשיהט אויף די אויגען פון איר פריינד.

די אויפרעגונג איז דאָך געווען אַ צו-שטאַר[illegible]. זי האָט גע[illegible]

פיבערט און נישט געקאָנט איינשלאָפען. אינדערפרי, האָט זי זיך אויפגעכאַפט אַ מידע און אַ צובראָכענע און דעמאָלט האָט זי דער־שפירט אַ שטאַרקע בעדערפעניש איינצורוהיגען זיך, אויסצוהיילען זיך, ווענדען זיך נאָך הילף צו עמיצען, וואָס וואָלט געקאָנט צו־נעמען פון איר די אַלע אַנגסטען, די אַלע מאָראַלישע און פי־זישע וועהטאָגען.

און זי האָט זיך ווירקליך געפיהלט אַזוי שלעכט, אַזוי שוואַך, אַז איר איז געקומען אויפ'ן געדאַנק צו בעראַטען זיך מיט איר דאָקטאָר. אפשר איז איר פאָרגעשטאַנען אַ שווערע קראַנקהייט. זי האָט זיך דאָך אַזוי אונגאָרמאַל געפיהלט: עטלי־כע מאָל אין טאָג האָבען זיך געביטען די שטימונגען, דאָ איז זי געווען אונרוהיג, דאָ רוהיג, און דאָס אַלץ קאָן אַרויסגערופען ווערען דורך אַ קראַנקהייט. זי האָט דעפעשירט דעם דאָקטאָר און גענומען וואַרטען אויף אים.

ער איז געקומען אַרום עלף אַ זייגער. דאָס איז געווען זעהר אַ סאָלידער און וועלטליכער דאָקטאָר מיט אַ סך אויסצייכ־נונגען און טיטלען, וואָס האָבען עדות-געזאָגט אויף זיינע פע־היגקייטען. זיין וועלטליכער טאַקט איז געווען אַזוי גרויס, ווי זיינע קענטנישען און ער האָט געקאָנט היילען פרויענקראַנקהיי־טען דורך אַ געשיקטער האַלטונג, וואָס האָט געווירקט בעסער פון רפואות.

ער איז אַריין, זיך פערנויגט, אַ קוק געטאָן אויף זיין פאַציענטין און געזאָגט, שמייכלענדיג:

—נו, גאָרנישט, די זאַך איז נישט ערנסט. שווערע חולאים האָבען נישט אַזוינע אויגען, ווי ביי אייך.

שוין זיינע ערשטע ווערטער האָבען זי אָנגעפילט מיט דאַנקבאַרקייט. און זי האָט אים דערצעלט פון אירע שוואַכקיי־טען, פון איר דערשלאָגענעם מוט, פון דער מרה-שחורה, וואָס איר איז בעפאַלען; דערנאָך האָט זי אין אָבגעוויכטע ווערטער גענומען ריידען פון די סימפטאָמען, וואָס האָבען זיך איר אוי־סערליך געצומען ווייזען. אויפמערקזאַם זי אויסגעהערט, האָט ער נאָר געשטעלט איין פראַגע—וועגען איר אַפעטיט. ער האָט, אפנים,

 

פערשטאַנען די געהיימע פּרוזשינע פון דערדאָזיגער פרויען-מחלה, און ער האָט זי אויסגעקלאַפּט, אָנגערירט מיט'ן פינגער איר אַקסלען און אויפגעהויבען אַ האַנט. ער האָט זיכער פערשטאַנען איר געדאַנק; דורכ'ן אינסטינקט פון אַ פּראַקטישען דערפאַרענעם דאָקטאָר האָט ער פערשטאַנען, אַז זי ווענדט זיך צו אים נאָך אַן עצה נישט אַזוי צוליב'ן געזונד, ווי צוליב איר שענקייט.

דערנאָך האָט ער געזאָגט: „איר האָט אַנעמיע און דאָס נערוועניסיסטעם איז אייך צורודערט. נישטאָ זיך וואָס צו וואונדערן דערויף—איר האָט נישט לאַנג איבערגעלעבט אַ גרויס אומגליק. איך וועל אייך אָנשרייבען אַ רעצעפּטל, וואָס וועט דאָס אַלץ ברענגען אין אָרדנונג. אָבער פריער פון אַלץ מוז מען זיך גערען וואָס בעסער, איינגעמען פליישזאַפּטען, טרינקען נישט וואַסער, נאָר ביר. איך וועל אייך רעקאָמענדירען ביר פון אַ גרויסאַרטיגער מאַרקע. לעגט זיך פרי שלאָפען און סטאַרעט זיך וואָס מער צו געהן. שלאָפט וואָס מער, איר דאַרפט אויך עטוואָס דיקער ווערען. דאָס איז אַלץ, וואָס איך קאָן ראַטען מיין שענער פּאַציענטין".

זי האָט אים אויסגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, זיך געסטאַרעט נישט דורכצולאָזען קיין איין רמז.

זי האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער לעצטער עצה.

—יאָ, איך בין מאָגער געוואָרען. איין צייט בין איך געווען צו-דיק. דעמאָלט האָב איר מיך גענומען האַלטען אָן אַ דיעט און דאָס האָט מיך וואָרשיינליך אָבגעצערט.

—גאַנץ בעשטימט. נישטאָ קיין שום שאָדען זיין מאָגערקייט, אויב איר זענט אפילו שטענדיג נישט דיק געווען. אָבער בשעת מען צערט זיך פון פּרינציפּ, ברענגט עס שוין שטענדיג עפּיס אַ שאָדען. צום גליק, קאָן מען עס אַלץ זעהר לייכט פערריכטען. אַדיע, מאַדאַם.

זי האָט זיך באַלד דערפיהלט בעסער, בעוועגליכער, זי האָט געוואָלט, מען זאָל איר באַלד ברענגען ביר, וואָס דער דאָקטאָר האָט צוגעשריבען—ברענגען פונ'ם הויפּטגעשעפט, וואו מען קאָן עס בעקומען פרישער.

אַז בערטבן איז געקומען, האָט ... זיך שוין אויפגעהויבען פון טיש.

—דאָס בין איך—האָט ער געזאָגט—ווידער איך. איך בין מיך געקומען ביי אייך דערוויסען, וואָס פאַר אַ פּלאַנען איר האָט אויף היינט.

—קיין שום פּלאַנען. וואָס איז?

—און וואָס רעכענט אַנעט צו טאָן?

—קיין שום בעזונדערעס.

—אויף אַזאַ אופן קאָנט איר אפשר קומען צו מיר אַ זייגער פיר?

—מיר קאָנען. אָבער צו וואָס?

—איך מאַך דעם עסקיז פאַר מיין בילד „טרוימען", איך האָב אייך געזאָגט וועגען דעם און געבעטען אייך, איר זאָלט דערלויבען אייער טאָכטער, זי זאָל מיר פּאָזירען עטליכע מינוט. איר וואָלט מיר געטאָן אַ גרויסע טובה, ווען איך וואָלט מיך געקאָנט בעשעפטיגען מיט איר היינט אַ וואָסער שעה. איר בעשטעהט דערויף?

די גרעפין האָט זיך געקווענקעלט, דער פאָרשלאָג איז איר געווען נישט אָנגענעם, הגם זי האָט זיך דערין נישט געקאָנט אָבגעבען קיין רעכנונג. דאָך האָט זי געענטפערט:

—גוט, מיין פריינד, מיר וועלען זיין ביי אייך פיר אַ זייגער.

—אַדאַנק. איר זענט די העפליכקייט אַליין.

און ער איז אַוועק צוגרייטען אַ לייוועט און בעטראַכטען די טעמע, כּדי ער זאָל נישט בעדאַרפען צופיל איינמידען די פּאָזירערין.

די גרעפין איז אויך אַוועקגעגאַנגען. זי איז אַוועק צופוס אין אַ מאַגאַזין איינצוקויפען אירע זאַכען. זי האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין די צענטראַלגאַסען, דערנאָך זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבען צום מאַלזערבולוואַר—די פיס זענען איר אָבגעשוואַכט געוואָרען.

אַז זי איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דער קירך „דייליגע

אויגוסטין״, האָט זיך איר פלוצלונג שטאַרק פערוואָלט אַריינצו-געהן אין דערדאָזיגער קירך און אָברוהען דאָרטען. זי האָט אַ שטויס געטאָן די שווערע בעשלאָגענע טיר, פריידיג אָבגעזיפצט, איינגעאָטעמט אין זיך די קיהלע לופט פון קירך, צוגערוקט אַ שטול און זיך אַנידערגעזעצט.

זי איז געווען פרום, ווי דאָס רוב פּאַריזערינס. איר גלוי-בען אין גאָט האָט נישט געוואוסט פון קיין שום ספקות, וואָרום זי האָט נישט געקאָנט דערלאָזען די עקזיסטענץ פון דער וועלט אָהן דער עקזיסטענץ פון בורא. ווי אַלע, האָט זי זיך פאָרגע-שטעלט די אַטריבוטען פון געטליכקייט, צוגעפּאַסט צו דער מאַ-טעריעלער נאַטור, וואָס איז אָפען פאַר אירע אויגען און דערי-בער זיך פאָרגעשטעלט דעם אַלמעכטיגען לויט דער געשטאַלט פון זיין שאַפען. וועגען דיווירקליכע אייגענשאַפטען פון דעם געהיימען שעפער האָט זי געהאַט אַ נישט-קלאָרע, נעבעלהאַפטע פאָרשטעלונג.

זי האָט געגלויבט אין אים מיט איבערצייגונג, טעאָרעטיש געווען אים איבערגעגעבען און געשפּירט צו אים אַנ׳אונבעשטימ-טע אימה, ווייל זי האָט נישט גאָר גוט געוואוסט זיין רצון און זיינע פערלאַנגען. צו גלחים האָט זי געהאַט וועניג צוטרוי, גע-האַלטען זיי פאַר פויערשע זיהן, וואָס ווילען נישט דינען אין סאָלדאַטען.

איר פאָטער, אַ פּאַריזער בורזשוי, האָט איר נישט גורם-געווען קיין שום רעליגיעזע פּרינציפּען, און דעריבער האָט זי זיך ביז דער חתונה נאַכלעסיג בעצויגען צו רעליגיע. דערנאָך האָט זי צוליב דער נייער שטעלונג געמוזט אָננעמען אַ מער-שטרענגערע בעציהונג צו דער קירך און זי האָט בשלמות אויס-געפילט די נישט-שווערע פליכטען אירע.

זי איז געווען אַ פּאַטראָנעסע פון אַ סך זעהר פּאָפּולערע צדקה-חברות, נישט דורכגעלאָזט קיין איין תפילה אין קירך, אַלע זונטאָג געטיילט נדבות.

זי האָט זעהר אָפט געזאָגט די תפילה מעכאַניש, ווי אַ סאָל-דאַט, וואָס שטעהט-אַב זיין צייט אויף קאַראַאול, טיילמאַל האַט זי

געבעטען צו גאָט ווייל אויפ׳ן האַרצען איז איר געווען אומעטיג, און עפּטער איז עס געשעהן דעמאָלט, ווען זי האָט זיך געשראָ־קען פאַר אָליוויעס קאַלטקייט, נישט אויסגעבענדיג פאַר די הימ־לען די הויפּט־סבה פון איר פרומער שטימונג, האָט זי אַרויסגעוו־וויזען פאַר גאָט דיזעלבע נאַאיווע צביעות, מיט וועלכע זי פלעגט פערקערן מיט׳ן מאַן, און געבעטען הילף ביי גאָט. אַמאָל, בשעת דער פאָטער איז איר געשטאָרבען, און נישט לאַנג, בשעת די מוטער האָט פערמאַכט די אויגען, האָט זי געשפּירט גרויסע ליי־דענשאַפטליכע ליבע־אויסברוכען צו גאָט, וואָס בעשירמט און טרייסט אונז.

און אָט היינט, אין דערדאָזיגער קירך, וואוהין זי איז צו־פעליג אַריין, האָט זי דערשפּירט אין זיך אַ שטאַרקע בעדערפע־ניש תּפילה צו טאָן, בעטען צו גאָט נישט פאַר עמיצען, נישט פאַר עפּיס, נאָר פאַר זיך אַליין, בלויז פאַר זיך, ווי זי האָט געבעטען צו גאָט מיט עטליכע טעג צוריק אויף דער מוטערס קבר. זי האָט געלעכצט נאָך הילף, פון ערגיץ הילף, און איצט האָט זי גערופען צו גאָט, ווי זי האָט אינדערפרי גערופען צו זיך דעם דאָקטאָר.

זי האָט לאַנג אַזוי געבעטען אויף די קני, אין דעם שטיל־שווייגען פון דער קירך, וואָס פלעגט זעלטען דורכגעריסען ווע־רען דורך דעם קלאַנג פון טריט. דערנאָך האָט זי פלוצלונג, פונקט ווי אַ זייגער וואָלט אויסגעשלאָגען אין איר נשמה, זיך דערמאָנט אָן אַלץ, אַרויסגענומען אַ זייגערל, אַ צייטער געטאָן, דערזעהענדיג, אַז דער ווייזער רוקט זיך צו פיר און איז אַוועק אַהיים נאָך דער טאָכטער, וואָס אָליוויע האָט שוין אויף איר זי־כער געמוזט וואַרטען.

דעם קינסטלער האָבען זיי געפונען אין דער אַטעליע. ער האָט שטודירט די פּאָזע פון זיינע „טרוימען”. ער האָט געוואָלט איבערגעבען גענוי דאָס, וואָס ער האָט געזעהן אין מאָנסאָפאַרק, בשעת ער האָט דאָרט שפּאַצירט מיט אַנעט. פאַר זיינע אויגען איז געשטאַנען די פיגור פון דעם אָרימען מיידעל, פערזונקען אין חלומות, אויף די קני איז איר געלעגען אַנ׳אָפען בוך. ער

האָט לאַנג געטראַכט דערויף—מאַכען דאָס מיידעל שען אָדער ניט שען. אין אַ נישט-שענעם פּנים וואָלט געווען מער כאַראַקטער, מער געדאַנק, שטימונג, מער פילאָזאָפיע. אַ שען פּנים וואָלט דאָס בילד געמאַכט פּיקאַנטער, וואָלט אים צוגעגעבען מער רייץ און וואָלט מער אויסגענומען.

דער פערלאַנג צו מאַכען דעם עסקיז פון זיין יונגער פריינדינס געזיכט האָט אים געצוואונגען צו בעשליסען זיך. זאָל די טרוימעריין זיין אַ שענע—דעמאָלט וועט ער קאָנען פערווירקליכען זיין פּאָעטישען חלום, וואָרום ביי אַ נישט קיין שענעם געזיכט וואָלט ער בעדאַרפט טרוימען אָהן אַ סוף און אָהן אַ האָפנונג.

באַלד וויביידע פרויען זענען געקומען, האָט אָליוויע אויסגעשריען, רייבענדיג די הענט:

—נו, מאַדעמואַזעל נאַנע, לאָמיר אַרבייטען צוזאַמען!

די גרעפין האָט אויסגעזעהן בעזאָרגט. זי האָט זיך געזעצט אין לענשטול און געקוקט אויף אָליוויע'ן, וואָס האָט זיך געסטאַרעט אַוועקצושטעלען דעם געבויגענעם גאָרטענשטול אַזוי, אַז עס זאָל זיך בעקומען די נויטיגע בעלייכטונג. דערנאָך איז ער אַוועק צום ביכערשאַנק נאָך אַ בוך און, קווענקלענדיג עטוואָס, געפרעגט:

—וואָס לייענט זי, אייער טאָכטער?

—גאָט מיינער, אַלץ, וואָס איר ווילט. גיט איר אַ בענדעל פון וויקטאָר הוגאָ.

—אפשר געבען איר „די לעגענדע פון דורות"?

—נו, זאָל זיין דאָס.

דעמאָלט האָט ער זיך געווענדעט צום מיידעל:

—קינד מיינס, זעץ זיך דאָ, נעם די לידערזאַמלונג, געפין דאָס זייטעל... דאָס זייטעל 336, דאָרט וועסטו געפינען אַ ליד אונטער'ן נאָמען: „אָרימע". לייען זיך איין דערין, לייען עס אַזוי, ווי מען טרינקט דעם בעסטען וויין—מיט קליינטשקע שלונגען, לאַנגזאַם ציה-אַריין אין זיך יעדעס וואָרט, כדי דאָס ליד זאָל דיך פער'שכור'ן און רירען. דערנאָך פערמאַך דאָס בוך, הויב-אויף די אויגען, טראַכט, טרוים... און איך וועל געהן און צוגרייטען אַלץ, וואָס מען בעדאַרף האָבען צו דער אַרבייט.

ער איז אַוועק אין ווינקעל צוצוגרייטען פאַרבען, אויף אַ דין ברעטעלע האָט ער דאָרט אויסגעלעדיגט אַזוינע בלייענע רערלעך, פון וועלכע די פאַרבען זענען אַרויסגעגאַנגען ווי דינע שלאַנגעלעך, און פון צייט-צו-צייט געכאַפּט אַ קוק אויפ׳ן יונגען מיידעל, פערזונקען אין לייענען.

זיין האַרץ האָט זיך צוזאַמענגעדריקט, די פינגער האָבען געציטערט, ער האָט נישט פערשטאַנען וואָס ער טוט. ער האָט צונויפגעפּלאָנטערט אַלע טאָנען, צומישט די פאַרבען. דידאָזיגע ערשיינונג, אָט די אויפלעבונג פונ׳ם עבר, דאָ, אויף דעמדאָזיגען אָרט, אין צוועלף יאָר אַרום, האָט אים לחלוטין צורודערט.

איצט האָט זי שוין געענדיגט לייענען און געקוקט אַרויף. צוגעגאַנגען צו איר, האָט ער בעמערקט אויף אירע אויגען צוויי ליכטיגע טראָפּענדלעך, וואָס זענען אַ ווײַלע געבליבען הענגען און דערנאָך זיך אַראָבגעקויקעלט איבער די באַקען. דעמאָלט, נישט-בעהערשט זיך, פול מיט ציטער און אויפרעגונג, האָט ער אַרויס-געשעפּטשעט צו דער גרעפין:

—גאָט, ווי זי איז שען!

נאָר אַ צומישטער האָט ער זיך אָבגעהאַקט: ער האָט דער-זעהן דאָס טויט-בלאַסע, קאָנוואולסיוו-פערקרימטע געזיכט פון מאַ-דאַם דע-הילערואַ.

מיט ברייט-פונאַנדערגעעפענטע אויגען, פול אימה, האָט זי געקוקט אויף ביידען—אויף אים און אויף איר טאָכטער. צורוּ-דערט איז ער צוגעגאַנגען צו איר און געפרעגט:

—וואָס איז מיט אייך?

—איך דאַרף מיט אייך עפּיס ריידען.

זי האָט זיך אויפגעהויבען און איילִיג געזאָגט צו אַנעט:

—וואַרט דאָ צו, מיין קינד, איך דאַרף עפּיס זאָגען דעם הער ברערטען.

דערנאָך איז זי געשווינד אַריין אינ׳ם קליינינקען דער-בייאיגען גאַסטצימערל. ער איז געגאַנגען נאָך איר, די געדאַנקען האָבען זיך אים געפּלאָנטערט, ער האָט גאָרנישט פערשטאַנען. באַלד

ווי זיי זענען געבליבען אַליין, האָט זי אים אָנגעכאַפּט פאַר ביי-דע הענט און אַרויסגעשעפּטשעט:

—אָליוויע, אָליוויע, איך בעט אייך, לאָזט איר נישט פּאָ-זירען!

אַ מטושטש׳ער, האָט ער אַרויסגעמורמעלט:

—אָבער פאַרוואָס?

זי האָט אָנגעהויבען ריידען און דער קול האָט איר גע-ציטערט:

—פאַרוואָס? פאַרוואָס? און ער פרעגט וועגען דעם? פיהלט איר אַליין נישט פאַרוואָס? אַך, איך האָב מיך בעדאַרפט פריער אָנשטויסען, האָב איך עס נאָר איצט פערשטאַנען... איצט קאָן איך אייך גאָרנישט זאָגען... גאָרנישט... איצט געהט צו מיין טאָכטער, זאָגט איר, אַז מיר איז נישט גוט געוואָרען, שיקט נאָך מיין קאַרעט און קימט געוואָר ווערען אין אַ שעה אַרום... איך וועל קיינעם נישט אויפנעמען, אויסער אייך.

-זאָגט מיר אָבער דאָך, וואָס איז אַזוינס?

עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי וועט באַלד אָנהויבען ספּאַז-מירען.

—לאָזט מיך. דאָ וויל איך נישט ריידען. געהט נאָך מיין טאָכטער און שיקט נאָך מיין קאַרעט.

געצוואונגען צו פאָלגען, האָט ער זיך אומגעקערט אין אַטעליע. אַנעט, וואָס האָט דאָ גאָרנישט בעמערקט, האָט זיך ווי-דער גענומען צום לייענען. דאָס פּאָעטישע רירענדיגע מעשה׳לע, וואָס זי האָט דורכגעלייענט, האָט איר אָנגעפילט די נשמה מיט אומעט.

אָליוויע האָט זיך געווענדט צו איר:

—דיין מוטער איז עפּיס נישט געזונד. זי האָט שיער נישט גע׳חלש׳ט, בשעת זי איז אַריין אין גאַסטצימערל. געה צו איר. איך וועל שוין ברענגען עטער.

ער האָט זיי געפונען אַרומגענומען און וויינענדיג. ביי אַנעט, וואָס איז געווען גערירט דורכ׳ן ליד וועגען די „אָרימע", האָט זיך דער וועה אַרויסגעריסען דורך טרערען און דער גרע-

פין איז לייכטער געוואָרען, ווען זי האָט צונויפגעגאָסען איר צער מיט אָט דעם קורצען אומעט, בשעת זי האָט צונויפגעמישט אירע טרערען מיט די טרערען פון איר טאָכטער.

ער האָט עטוואָס געוואַרט, נישט בעשלאָסען זיך צו ריי-דען. ער האָט געקוקט אויף זיי ביידען און געפיהלט, ווי אים אליין איז בעפאַלען אַנ׳אונדערקלערליכער אומעט.

צולעצט האָט ער געזאָגט:

—ווי פיהלט איר זיך. איז אייך בעסער?

—עטוואָס בעסער. ניש׳קשה, עס וועט דורכגעהן. איר האָט בעשטעלט אַ קאַרעט?

—יאָ, זי וועט באַלד קומען.

—אַ דאַנק, מיין פריינד. דאָס זענען קלייניגקייטען. צופיל צער איז מיר אויסגעקומען איבערצולעבען פאַר דער לעצטער צייט.

—שוין דאָ די קאַרעט!—האָט באַלד געמאָלדען דער לאַקיי.

און מיט אַ פערבאָרגענער זאָרג אין דער נשמה האָט בער-טען בעגלייט זיין פריינדין, זי איז געווען בלאַס, קוים אויף די פיס געשטאַנען, ער האָט געפיהלט, ווי עס קלאַפּט איר דאָס הארץ אונטער׳ן קאָרסעט.

בשעת ער איז געבליבען אַליין, האָט ער זיך געפרעגט: „וואָס פאָרט איז מיט איר? וואָס איז דאָס אַזוינס?" און ער האָט זיך גענומען זוכען די סבות. ער איז געגאַנגען אַרום אמת און מורא-געהאַט אַריינצודרינגען דערין. סוף-כל-סוף האָט ער זיך פאָרט דערנענטערט צו אים. „צי מיינט זי נישט אַמאָל—האָט ער זיך געזאָגט—אַז איך בין פערליבט אין איר טאָכטער? אָבער דאָס וואָלט שוין געווען צופיל!" ער איז געווען געגען דערדאָזיגער השערה, אָבגעוואָרפען זי מיט שטאַרקע ערליכע אַרגומענטען, אָבער ער איי נעווען צורייצט דערפון, וואָס זי האָט געקאָנט באָטש אויף אַ רגע צוגעבען זיין געפיהל צו אַנעט, אָט דעם כמעט פאָטערליכען געפיהל—די שאַטירונג פון ליבע. ביסלעכווייז האָט ער דערשפירט אַנ׳אויפגערעגטקייט געגען דער גרעפין, ער איז געווען אַנ׳אָנגעצונדענער דערפון, וואָס זי האָט זיך דער-

וועגט אים חושד צו זיין אין אַזאַ געמיינהייט, און ער האָט זיך צוגעזאָגט, אַז באַלד ווי די זאַך וועט קומען צו אַ דערקלערונג, וועט ער זי נישט שאַנעווען און אַרויסווייזען איר זיין גאַנ-צען כעס.

ער איז אינגיכען אַוועק צו איר. געברענט האָט אין אים דער חשק, וואָס שנעלער דורכצורייידען זיך מיט איר. דעם גאַנצען וועג, וואָס ער איז געגאַנגען, האָט ער מיט אַ שטייגענדיגער אויפרעגונג צוגעגרייט יענע אַרגומענטען און פראַ-זען, וואָס האָבען איר בעדאַרפט בעווייזען זיין גערעכטיגקייט און נקמה-נעמען פאַר אַזאַ מין חשד.

אז ער איז געקומען, איז זי האַלב-געלעגען אויף דער קו-שעטקע, מיט אַ פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט גרויס צער.

—נו,—האָט ער געזאָגט מיט אַ טרוקענעם טאָן—דערקלערט מיר, איך בעט אייך, די מאָדנע סצענע, וואָס איז נאָר-וואָס גע-שפּילט געוואָרען.

זי האָט געענטפערט מיט אַ צובראָכענעם קול:

—ווי, איר האָט נאָך נישט פערשטאַנען?

—איך בין מיך מודה, אַז נישט.

—מיר וועלען זעהן. גיט נאָר אַ קוק אַליוויע, בעסער ביי זיך אין האַרצען.

—ביי זיך אין האַרצען?

—יאָ, אין דער טיפעניש פון אייער האַרץ.

—איך פערשטעה נישט. רעדט דייטליכער.

—גיט נאָר גוט אַ קוק ביי זיך אין האַרצען און זאָגט, צי איז דאָרט נישט אַמאָל בעהאַלטען אַ געפאַר פאַר אייך און פאַר מיר.

—איך זאָג נאָכאַמאָל, אַז איך פערשטעה גאָרנישט איך שטויס מיך אָן, אַז איר האָט שוין דאָרט בעשאַפען וואָס אין אייער פאַנטאַזיע, אָבער מיין געוויסען איז ריין.

—איך רייד נישט מיט אייך פון אייער געוויסען, איך רייד פון אייער האַרץ.

—איך קאָן נישט טרעפען קיין רעטענישען. איך בעט אייך אויסדריקען זיך דייטליכער.

עמאָלט, לאַנגזאַם אויפגעהויבען ביידע הענט, האָט זי אָנ-געגומען דעם קינסטלערס הענט, פערהאַלטען זיי אין אירע און געגומען ריידען, און יעדעס וואָרט, דאַכט זיך, האָט איר צורי-סען די נשמה.

—היט זיך, מיין פריינד, איר וועט זיך איינליבען אין מיין טאָכטער.

מיט אַ שאַרפער בעוועגונג האָט ער בעפרייט די הענט און מיט דער רירעוודיגקייט פון אַנ׳אונשולדיגען, וואָס בעשיצט זיך פון אַ מאוס׳ען חשד, האָט ער ענערגיש זשעסטיקולירט; זיין אויפ-רעגונג האָט אַלץ געוואַקסען און ער האָט זי בעשולדיגט אין אַ נישט-גערעכטען חשד.

זי האָט אים נישט איבערגעריסען אין זיין לאַנגען ריי-דען, אָבער זי האָט אים אויסגעהערט מיט אַ פער׳עקשנ׳טען אונ-צוטרוי, זיכער אין איר גערעכטיגקייט. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

—אָבער איך בין אייך גאָרנישט חושד, מיין פריינד. איר ווייסט נישט, וואָס אין אייך קומט פאָר, פונקט ווי איך האָב נישט געוואוסט ביז היינטיגען פרימאָרגען. איר רעדט מיט מיר אַזוי, ווי איך וואָלט אייך בעשולדיגט דערין, אַז איר ווילט פער-פירען אַנעט׳ן. אָבער ניין-זשע, ניין! איך ווייס דאָך, אַז איר זענט איידעלמוטיג, אַז איר זענט ווערט, מען זאָל אייך שעצען און האָבען צו אייך פולען צוטרוי. איין זאַך נאָר בעט איך ביי אייך, און שטאַרק: קוקט גוט אַריין אין אייער נשמה און גיט אַ טראַכט: יענס געפיהל, וואָס איר, זאָגאַר געגען אייער ווילען, שפירט צו מיין טאָכטער—זאָגט: טראָגט עס נישט עטוואָס אַנ׳-אַנדער כאַראַקטער, ווי געוועהנליכע פריינדשאַפט?

ער איז אין כעס געוואָרען, זיך אויפגערעגט אַלץ שטאַר-קער און שטאַרקער און פון דאָסניי זיך געהאַלטען דערין, אַז זיינע כונות זענען די ריינסטע. ער האָט גערעדט אַזוי, ווי ער האָט געשמועסט מיט זיך אַליין, אויפ׳ן גאַס, בשעת ער איז גע-גאַנגען צו איר.

י האָט געוואַרט, ער זאָל ענדיגען ריידען, דערנאָך, אַהז

אויפרעגונג, פעסט אין איר דעה, אָבער זעהר אַ בלאַסע האָט זי אַרויסגעשעפּטשעט!

—אָליוויע, איך ווייס זעהר גוט, וואָס איר רעדט מיר און איך טראַכט וועגען דעם דאָס אייגענע, וואָס איר. אָבער איך בין זיכער דערין, אַז איך בין מיך נישט טועה. הערט, טראַכט און פערשטעהט. מיין טאָכטער איז צו-ענליך צו מיר, אין איר איז דאָ אַ סך, וואָס איז אין מיר אַמאָל געווען, ווען איר האָט מיך אָנגעהויבען ליבען. און איר קאָנט נישט דעריבער נישט לי-בען זי, ווי איר האָט מיך ליב בעקומען.

—הייסט עס,—האָט ער אויסגעשריען—איר דערוועגט זיך צו וואַרפען מיר אין פּנים אַריין אַזאַ פאָרוואורף, געשטיצט אויף אָט דער איינפאַכער השערה, אויף אָט דעם לעכערליכען געדאַנק: ער ליבט מיך, מיין טאָכטער איז ענליך צו מיר, בעדאַרף ער זי, הייסט עס, אויך ליב בעקומען.

אָבער בעמערקענדיג, אַז דער גרעפינס געזיכט ווערט אַלץ מער פערקרימט פון אַנגסט, האָט ער שוין גערעדט מיט אַ ווייכען טאָן:

—וואַרט-נאָר, טייערע אַנע, אָבער טאַקי נאָר דערפאַר, וואָס איך געפין אייך אין איר, טאַקי נאָר דערפאַר, איז מיר דאָס מיידעלע אַזוי געפעלען. בשעת איך קוק אויף איר, האָב איך ליב נאָר אייך, בלויז אייך.

—אָבער אָט דאָס טאַקי פערשאַפט מיר צער, דערפאַר שרעק איך מיך טאַקי. איר גיט זיך נאָך נישט אָב קיין רעכ-נונג דערין, וואָס איר פיהלט. אָבער אינגיכען וועט איר זיך שוין נישט נאַרען אין דעמדאָזיגען רעכנונג.

—אַנע, איך פערזיכער אייך, אַז איר זענט פון זינען.

—ווילט איר ראיות?

—יאָ.

—איר זענט נישט געקומען קיין ראָנסיער גאַנצע דריי יאָר, נישט-געקוקט אויף מיין בעטען. פאַרוואָס זענט איר איצט געווען אַזוי אייליג גרייט, בשעת אייך איז פאָרגעלעגט געוואָרען צו פאָרען נאָך אונז?

—אַך, אָט דאָס האָט נאָך געפעלט! איר וואַרפט מיר פאָר דערין, וואָס איך האָב אייך נישט איבערגעלאָזט אַליין דאָרט אין דאָרף, וויסענדיג, אַז איר זענט קראַנק געוואָרען נאָך אייער מוטערס טויט.

—אויסגעצייכענט! איך זאָג גאָרנישט דאַגעגען. אָבער אָט איז נאָך: דער ווילען צו זעהן אַנעט איז אַזוי שטאַרק אין אייך, אַז איר האָט נישט געקאָנט דורכלאָזען היינטיגען טאָג און געבעטען זי ברענגען צו אייך אונטער דעם אויסרייד, זי זאָל אייך פאָזירען.

—און איר טראַכט גאָרנישט, אַז דאָס האָב איך אייך, אייך געוואָלט זעהן?

—און אפילו איצט זוכט איר ראיות איבערצוצייגען זיך גופא. איך ווייס, איר וועט מיך נישט נאַרען. הערט ווייטער. פאַרוואָס זענט איר אַזוי פּלוצלונג פערשוואונדען געוואָרען אין אָווענד, מיט דריי טעג צוריק, בשעת עס איז אַריין דער מאַרקיז דע-פאַראַנדאַל? איר ווייסט?

ער האָט זיך פערלאָרען; דידאָזיגע בעמערקונג האָט אים איבעררראַשט, בעאונרוהיגט און ענטוואָפענט. ער האָט לאַנגזאַם געזאָגט:

—אָבער... איך ווייס עס אַליין נישט... איך בין געווען מיד... און אויב מען זאָל, ענדליך, ריידען אָפענהערציג, רעגט מיך זעהר אויף דערדאָזיגער אייזעל

—פון ווען-אָן?

—פון ווען-אָן? שטענדיג.

—ענטשולדיגט, איך האָב געהערט, ווי איר האָט אים געלויבט. פריער איז ער אייך געפעלען געווען. זענט אויפריכטיג, אָליוויע.

ער האָט זיך פערטראַכט אויף עטליכע סעקונדען, דערנאָך אָנגעהויבען ריידען, זוכענדיג ווערטער:

—יאָ, מעגליך, אַז אָט די גרויסע צערטליכקייט, וואָס איך שפיר צו אייך, צווינגט מיך, איך זאָל אייך אַלעמען ליבען אַזוי פיל, אַז מיין מיינונג זאָל געביטען ווערען וועגען דעמדאָזיגען

גאָרנישט. ער איז מיר אַלץ-איינס, ווען איך טרעף מיך זעלטען מיט אים, אָבער מיר איז אונאַנגענעם צו זעהן אים ביי אייך כמעט אַלע טאָג.

—מיין טאָכטערס הויז וועט נישט זיין מיין הויז. אָבער גענוג. איך קאָן אייער ערליכקייט. איך ווייס, אַז איר וועט אַ סך טראַכטען וועגען דעם, וואָס איך האָב אייך נאָר-וואָס געזאָגט. אַז איר וועט זיך גוט איינטראַכטען, וועט איר פערשטעהן, אַז איך האָב אייך אָנגעוויזען אויף אַ גרויס געפאַהר, און דערווייל איז נאָך פאַראַן צייט זי אויסצומיידען. און איר וועט זיין פאָרזיכטיגער. ריידען מיר וועגען עפּיס אַנדערש, איר ווילט?

אים איז געוועזען אַלצאיינס. ער האָט זיך געשפּירט נישט גוט. ער האָט נישט געוואוסט, ווי אַזוי בעדאַרף מען זיך בעציהען דערצו. ער האָט געהאַט אַ פערלאַנג צו טראַכטען. און ער איז אַוועק, ריידענדיג פריער ביי אַ פערטעל שעה וועגען פערשידענע זאַכען.

IV.

מיט לאַנגזאַמע טריט האָט זיך אָליוויע בערטען אומגעקערט אַהיים. ער איז געוועזען פערשעמט, פּונקט ווי מען וואָלט אים נאָר-וואָס געוויזען אַ מאוס׳ען פאַמיליען-סוד. ער האָט געפּרובט אַריינקוקען אין דער טיפעניש פון זיין נשמה, אָבגעבען זיך אַ רעכנונג אין זיינע איבערלעבונגען, לייענען די אינטימע זייטלעך פון זיין אינערליכען בוך. יענע זייטלעך, וואָס זענען אין אונזער נשמה צונויפגעקלעבט אַזוי, אַז נאָר פרעמדע פינגער קאָנען

זיי איבערמישען, אָברייסענדיג איינס פוּנ׳ם צווייטען. אין זיין
געפיהל צו אַנעט איז, אָהן שום ספק, נישט געווען קיין פער-
ליבטקייט! די גרעפין מיט איר שרעקען זיך, מיט איר אייביגער
וואַכיגער אויפעריגקייט האָט פון ווייטען פאָרגעזעהן אַ געפאַר און
געמאָלדען וועגען דעם פריער, איידער די געפאַר איז אָנגעקו-
מען. אָבער ווער ווייס, אפשר קאָן דידאָזיגע געפאַר זיך ווירקליך
אַרויסווייזען—מאָרגען, איבערמאָרגען, אין אַ מאָנאַט אַרום? און
ער האָט זיך געסטאַרעט אָפּענהערציג צו ענטפערן זיך אויף דער-
דאָזיגער אָפּענהערציגער פראַגע. דאָס מיידעלע האָט אָהן אַ ספק
דערוועקט אין אים מאָמענטען פון אינסטינקטיווער צערטליכקייט,
אָבער דידאָזיגע מאָמענטען זענען אַזויפיל פאַראַן אין מענשען,
זיי זענען אַזוי פערשידענאַרטיג, און מען דאַרף קיינמאָל נישט
צוזאַמענמישען די געפערליכע מיט די אונשולדיגע. ער האָט,
צום ביישפיל, שרעקליך ליב געהאַט חיות, בעזונדערס קעץ. האָט
ער נאָר אַ קוק געטאָן אויף זייער זיידען פעלכעל, האָט ער
באַלד דערשפירט אַ שטאַרקען אינסטינקטיווען פערלאַנג צו גלע-
טען זייער געדיכט-האָריג ווייך פעלכעל, קושען זייערע האָר,
וואָס איז פול עלעקטריציטעט. דאָס געפיהל צום מיידעל האָט
אים טאַקי עטוואָס דערמאָנט אָן דידאָזיגע נישט-קלאָרע אונשול-
דיגע פערלאַנגען, וואָס שפּילען נישט קיין קליינע ראָל אין די
אונאויפהערליכע כסדר׳דיגע וויבראַציעס פון די מענשליכע נער-
ווען. זיינע אויגען פון אַ קינסטלער און זיינע אויגען פון אַ
מאַנסביל זענען געפאַנגען געוואָרען דורך דערדאָזיגער פריש-
קייט, דורך דער דערוואַכונג פון אַ שענעם ליכטיגען לעבען,
דורך דער ערשטער בליהונג פון דער יוגענד. אין זיין נשמה,
וואָס איז געווען פול מיט זכרונות וועגען די בעציהונגען מיט
דער גרעפין, וואָס האָבען זיך געצויגען יאָרענלאַנג, האָבען אויפ-
געלעבט, אונטער דער מערקווירדיגער ווירקונג פון ענליכקייט
צווישען אַנעט און איר מוטער, די אַמאָליגע ליבע-אויפרעגונגען,
וואָס זענען דורך די יאָרען איינגעשטילט געוואָרען; זיין נשמה
האָט פון דאָסניי דערוואַכט פון שלאָף. דערוואַכט? יאָ! אָט
איז עס! דערדאָזיגער געדאַנק האָט אים בעגייסטערט. ער

האָט דערפיהלט, אַז ער האָט דערוואַכט נאָך לאַנגע יאָרען שלאָ-
פען. ווען ער וואָלט ליב געהאַט דאָס מיידעלע, אַליין נישט בע-
מערקענדיג עס, וואָלט ער נעבען איר געשפירט, ווי עס קערט
זיך אים צוריק זיין יוגענד; ער וואָלט דערשפירט אַ בענייאונג
פונ׳ם גאַנצען וועזען, וואָס מאַכט איבער דעם מענשען, בשעת
אין אים ווערט אָנגעצונדען אַ נייַ פייער פון בעגערן. ניין, דאָס-
דאָזיגע קינד האָט בלויז צובלאָזען אין אים אַנ׳אַלטען פלאַם.
אודאי, ער האָט, ווי פריער ליב בלויז די מוטער און איצט,
אַ דאַנק דער טאָכטער, האָט ער זי נאָך שטאַרקער ליב: וואָרום
די מוטער איז אַזוי ווי פון דאָסניי אויפגעלעבט געוואָרען אין
דער טאָכטער. דעמדאָזיגען פועל-יוצא האָט ער נאָך פערפעסטיגט
מיט דעם בערוהיגענדען סאָפיזם: איין מאָל נאָר ליבט מען! דאָס
האַרץ קאָן גאַנץ אָפט אומשפרינגען ביים בעגעגענען אַ צווייט
וועזען, וואָרום יעדער ווירקט אויף יעדען—צוציהענדיג און אָב-
שטויסענדיג. פון דערדאָזיגער געגענזייטיגער ווירקונג ווערט גע-
בוירען די פריינדשאַפט, מינוט-קאַפריזען, די שטרעבונג צו בע-
זיצען, שאַרפע, שנעלע, איבערגעהענדיגע האַרצצאַפּלענישען—אָבער
קיינמאָל נישט קיין עכטע ליבע. אַז אַזאַ ליבע זאָל קומען, בע-
דאַרפען ביידע וועזענס געבוירען ווערען פאַר איינאַנדער, זיי
בעדאַרפען זיך אָנרירען איינס מיט׳ן צווייטען דורך אונצעהליגע
פונקטען, בעזיצען דיזעלבע געשמאַקען, האָבען ענליכע קערפער,
שכל, כאַראַקטער; זיי דאַרפען פיהלען, אַז זיי זענען געבונדען
דורך מיליאָנען פערשידענע פעדים, וואָס זענען צוזאַמענגעפלאָכ-
טען אין אַ שווערען שלייף. סוף-כל-סוף ליבט מען גאָרנישט די
מאַדאַם X... אָדער דעם הער Z... מען ליבט אַ פרוי אָדער אַ
מאַנספערשוין, אַ וועזען אָהן אַ נאָמען, וואָס איז אַרויס פון דער
טיפעניש פון נאַטור פון—אָט דער אַלגעמיינער מאַמען, און דאָסדאָזי-
גע וועזען מיט זיינע אָרגאַנען, מיט זיין אויסערליכקייט, מיט
זיין האַרץ, שכל, מיט זיין אַלגעמיינעם אויסזעהן ציהט-צו, ווי
מיט אַ מאַגנעט, אונזערע אָרגאַנען, אונזערע אויגען, אונזערע לי-
פען, אונזער האַרץ, אונזער געדאַנק, אַלע אונזערע קערפערליכע
און גייסטיגע געשמאַקען. מען ליבט אַ בעשטימטען טיפ, דאָס

הייסט די אַלע אייגענשאַפטען, וואָס יעדע בעזונדערע איז אונז געפעלען אין פערשידענע מענשען, ליבען מיר דאָ אין איין פערזאָן.

אַזאַ טיפּ איז פאַר אים געווען די גרעפין דע-הילערואַ, און די זיכערקייט פון זייערע בעציהונגען, וואָס האָט אים נאָך נישט איבערגעזעטיגט, האָט אים געדינט פאַר דער בעסטער ראיה, אַז זייער ליבע איז אַנ׳אמתע. אָבער אַנעט איז פיזיש געווען אַזוי ענליך צו דער מוטער, אַז עס וואָלט געקאָנט מאַכען אַנ׳-איינדרוק פון אויג-פערבלענדעניש, און דעריבער איז זיך גאָר-נישט געווען וואָס צו וואונדערן, ווען זיין מאַנסבילישׁ האַרץ האָט נישט געקאָנט בלייבען גלייכגילטיג צו איר, כאָטש ער איז גאָר-נישט געווען אין איר פערליבט. געווען אַ פרוי, וואָס ער האָט זי פערגעטערט. און זי, דידאָזיגע פרוי, האָט געגעבען לעבען אַנ׳אַנדער פרוי, כמעט אַזאַ, ווי זי. האָט ער דאָך נישט געקאָנט זיך פערווערן איבערצוטראָגען אויף דער צווייטער פרוי דעם לייכטען איבערפלוס פון זיין צערטליכקייט, וואָס איז געבליבען פון זיין ליידענשאַפט צו דער ערשטער. דערין איז נישטאָ קיין שום שלעכטעס און קיין שום געפאַר. זיין אויג און זיין זכרון זענען פער׳כשופ׳ט געוואָרען דורך דערדאָזיגער אויפגעלעבטער געשטאַלט, אָבער זיין אינסטינקט האָט זיך נישט גענאַרט און דאָס יונגע מיידעל האָט קיינמאָל נישט דערוועקט אין אים קיין קערפּערליכע אויפרעגונגען, קיין פערלאַנגען צו בעזיצען זי.

דאָך האָט די גרעפין אים פאָרגעוואָרפען, אַז ער איז אוי-פעריג צום מאַרקיז. איז עס אַזוי? שפּירסטו דען נישט קיין אוי-פעריגקייט צו די מענער, וואָס דרעהען זיך אַרום די געליבטע פרויען? צי דאַרף מען זיך וואונדערן דערויף? שפּירסטו דען נישט אויפ׳ן גאַס, אין רעסטאָראַן, אין טעאַטער אַ לייכטען האַס צו יענעם הער, וואָס קומט אָדער געהט-אַוועק געאַרעמט מיט אַ שענעם מיידעל? אַ געגנער איז דאָך יעדער, וואָס בעזיצט אַ פרוי. יענער איז אַ צופרידענער—ע ר, אַ זיגער, ווערלכען עס זענען מקנא די איבעריגע ע ר ע ן. אָבער אויסער די אַלע פיזיאָלאָגישע השערות בלייבט גאַנץ נאַטירליך, וואָס זיין צערטליכקייט צו

אַנעט, עטוואָס פערשאַפּט אונטער דער ווירקונג פון זיין געפיהל צו איר מוטער, רופט-אַרויס אַ געוויסע חיה'שע פיינטשאַפט צו איר קינפטיגען מאַן. געוויס, אים וועט זיין נישט שווער צו דער-שטיקען אין זיך דידאָזיגע שלעכטע מידה.

און דאָך איז אים טיף אין דער נשמה פערבליבען עפּיס אַ שווערע אונצופרידענהייט מיט זיך און דער גרעפין. וועט דען דער חשד, וואָס ער וועט שטענדיג פיהלען אין דער גרעפין, נישט שטערען זיין טעגליכען פערקער? דאַרף ער דען נישט איצט נאָכקוקען מיט אַנ'אויסגעמאַטערטער אויפמערקזאַם נאָך זיין יעדען טאַט, נאָך יעדען בליק, נאָך יעדער בעוועגונג נאָך זיין יעדען וואָרט בנוגע צום יונגען מיידעל, ווארום דאָס אַלץ, וואָס ער זאָגט און טוט, ווייזט-אויס איר מוטער פערדעכטיג.

געקומען איז ער אַהיים אַ טריבער און גענומען רויכערן מיט נערוועאישע בעוועגונגען, פון אַנ'אויפגערעגטען מענשען, וואַרפענדיג איין זאַפּאַלקע נאָך דער צווייטער ביים אָנצינדען דעם פּאַפּיראָס. אומזיסט האָט ער זיך עטליכע מאָל געפּרובט נע-מען פאַר דער אַרבייט. זיין האַנט, זיינע אויגען, זיין קאָפּ האָ-בען, אַזוי ווי זיך אָבגעוועגט פון מאָלען, פונקט ווי ער וואָלט פערגעסען, ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל נישט געוואוסט פון מאָ-לעריי, זיך נישט בעשעפטיגט דערמיט. ער האָט גענומען אַ קליינ-טשיק אָנגעהויבען לייוועגט און געוואָלט עס פערענדיגען: דאָס איז געוועזען אַ ווינקעל גאַס מיט אַ בלינדען זינגער אין דער-מיט; אָבער דאָס אָנגעהויבענע בילד האָט אין אים בלויז אַרויסגערו-פען גלייכגילטיגקייט. ער האָט זיך געשפּירט אַזוי מאַכטלאָז פאַר-צוזעצען די אַרבייט, אַז זיצענדיג מיט דער פּאַליטרע אין דער האַנט, האָט ער זי אינגאַנצען פערגעסען, הגם ער האָט אַלץ גע-קוקט אויפ'ן לייוועגט מיט אַ פער'עקשנ'טען בליק, וואָס האָט אָבער גלייכצייטיג גאָרנישט געזעהן.

דערנאָך איז אים פּלוצלונג בעפאַלען אַ שרעקליכע אונגע-דולט: די צייט האָט זיך אַזוי ווי נישט בעוועגט, מינוטען האָ-בען זיך אונענדליך געצויגען. דידאָזיגע אונגעדולט האָט אים גע-פּייניגט, ווי אַ פיבער. ער האָט בעשלאָסען צו מיטאָגען אין קלוב,

אָבער וואָס וועט ער טאָן ביז׳ן מיטאָג, ווען ער קאָן נישט אַר-בייטען? ביים געדאַנק וועגען דער גאַס האָט ער זיך שוין גע-פיהלט מיד: טראָטואַרען, דורכגעהער, קאַרעטען, מאַגאַזינען—אַלץ האָט אין אים אַרויסגערופען עקעל. דער געדאַנק צו געהן היינט ערגעץ אין געסט האָט אים מיט אַמאָל אָנגעפילט מיט פיינט-שאַפט צו די אַלע, וואָס ער האָט געקאָנט.

צו וואָס זאָל ער זיך, אַלזאָ, נעמען? מעסטען אין דער-ברייט און אין דער-לענג די אַטעליע, ביי יעדען מאָל זיך אומ-דרעהען—אַ קוק טאָן אויפ׳ן זייגער און זעהן ווי דער ווייזער האָט זיך אָבגערוקט אויף עטליכע רגע׳ס? אַך, ווי אים זענען גוט בעקאַנט געווען דידאָזיגע נסיעות פון דער טיר צו דער עטאַזשערקע, וואָס איז אָנגעלעגט מיט קלייניגקייטען! אין די שעה׳ן פון בעגייסטערונג, פון געהויבענער שטימונג, פון ליבע, פון לייכטער און פרוכטבאַרער אַרבייט, זענען געווען אַ שטיק מנוחה דידאָזיגע נסיעות איבער דעם גרויסען צימער, וואו די אַטמאָספערע פון אַרבייט האָט עס אָנגעפילט מיט פרעהליכקייט, בעלעבונג און וואַרימקייט. אָבער בשעת עס זענען געקומען די שעה׳ן פון מאַכטלאָזיגקייט, בשעת עס איז אַנטרונען דער גוסט צו עפּיס, יענע אונגליקליכע שעה׳ן, ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז אויף דערדאָזיגער וועלט לוינט גאָרנישט אָנצושטרענגען זיך, בע-וועגען זיך, דעמאָלט האָט אים דאָס אומגעהן איבער׳ן צימער דערמאָנט אָן דעם ביטערן שפּאַציר פון אַ מענשען, וואָס זיצט אין טורמע. ווען מען וואָלט כאָטש געקאָנט איינשלאָפען אַ שעה אויפ׳ן דיוואַן. אָבער אונמעגליך איינצושלאָפען, די אויפ-רעגונג, האָט ער געשפירט, איז אַלץ געוואַקסען און ער האָט אַזוי ווי פערלאָרען די האָפנונג. ער האָט אַליין נישט געוואוסט, פון וואַנען נעמט זיך צו אים דערדאָזיגער שווערער צושטאַנד. „אָבער מיינע נערווען זענען שטאַרק צוטרויסעלט—האָט ער אַ טראַכט געטאָן—אויב אַ גאָרנישטדיגע סבה קאָן מיך אַריינברענגען אין אַזאַ שטימונג“.

דעמאָלט איז אים איינגעפאַלען לייענען אַ בוך. הוגאָס בענ-דעל איז נאָך אַלץ געלעגען אויפ׳ן אייזערנעם שטול, וואו אַנעט

האָט עס אַנידערגעלעגט. ער האָט עס געעפענט. דורכגעלייענט אַ פּאָר זייטלעך לידער און גאָרנישט פערשטאַנען. דידאָזיגע לי-דער זענען אים געווען אַזוי אונפערשטענדליך, פּונקט ווי זיי וואָלטען געווען אָנגעשריבען אויף אַ פרעמדען לשון. דאָס האָט אים שטאַרק אויפגערעגט, ער האָט גענומען לייענען פון דאָסניי און ווידער איז אים אויסגעקומען איבערצוצייגען זיך, אַז ער כאַפּט נישט דעם זין פון די לידער. „בין איך מסתמא משוגע"— האָט ער זיך געזאָגט. אָבער פּלוצלונג האָט אים אויפגעשיינט אַ געדאַנק, וואָס האָט אים בערוהיגט. ער האָט געפונען אַ מיטעל, ווי אַזוי איבערצוקומען די צוויי שעה, וואָס זענען געבליבען ביז מיטאָג. ער האָט זיך געהייסען מאַכען אַ וואַנע און געלעגען אויס-געצויגען אין וואַנע, וואו דאָס וואַסער האָט אים געגלעט און געצערטעלט, אַזוי לאַנג, ביז דער דינער, וואָס האָט אים גע-בראַכט וועש, האָט אים נישט אַרויסגעפירט פון דאָרטען האַלב איינגעדרעמעלט. דערנאָך איז ער אַוועק אין קלוב אַריין, וואו עס האָט זיך פערזאַמעלט די געוועהנליכע קאָמפּאַניע. בעגעגענט האָט מען אים מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס און אויסגעשרייען, מחמת מען האָט אים נישט געזעהן עטליכע טעג.

—נאָר-וואָס געקומען פון דאָרף—האָט ער געזאָגט.

די אַלע לייט, אויסער דעם פייזאַזשיסט מאַלדאַן, האָבען שטאַרק געהאַסט דאָס דאָרף. אמת, ראָקדיאַן און לאַנדוי פלעגען טיילמאָל פאָרען אונטער'ן שטאָט אויף געיעג, אָבער פאַר זיי איז דער גאַנצער רייץ פון וואַלד און פעלד געלעגען נאָר אין יאַגד. פעלדהינער, פאַזאַנעס און וואַכטעלפויגעל זענען דאָ געפאַלען אונ-טער זייערע קוילען, ווי קליינינקע הויפענס פעדערן, און קראָ-ליקעס, פערכאַפּט פון קוילען, האָבען דער'הרג'עטע זיך איבערגע-קוילערט צו פינף, זעקס מאָל, פּונקט ווי קלאָאונעס, אַרויסווייזענ-דיג דאָס ווייסע עקעלע. אויסער דידאָזיגע פערוויילונגען הערבסט און ווינטער, האָט דאָס דאָרף שלעכט געווירקט אויף זיי. ראָק-דיאַן פלעגט ליב האָבען צו זאָגען: „פּאַריזער מיידעלעך זענען זיסער פון דאָרפישען אַרבעס".

דער מיטאָג איז דורכגעגאַנגען ווי אַלעמאָל—רוישיג, פרעה-

ליך, אין בעלעבטע דעבאַטען, אין וועלכע עס איז דאָך נישט אַנטרונען געוואָרען קיין איין אונדערוואַרטער אויסדרוק. בערטען האָט אַ סך גערעדט — ער האָט זיך געוואָלט ווייזען. זיינע ווערטער האָבען אים אַזוי ווי געווייזט. אָבער אַז ער האָט אויסגעטרונקען זיין קאַווע און געשפּילט אַ פּאַרטיע אין ביליאַרד מיט'ן באַנקיר ליווערדי, איז ער אַוועקגעגאַנגען. דורכגעבלאָנקעט אַ שטיקעל צייט פון דער גאַס מאַדעלען ביז דער גאַס טעטבו, איז ער דריי מאָל פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דעם טעאַטער „וואָדעוויל“ און נישט געוואוסט, צי זאָל ער אַריינגעהן אָדער נישט. ער האָט זיך שיער נישט אַריינגעזעצט אין אַ דראָזשקע צו פאָרען אויפ'ן פערד-ספּאָרט, דערנאָך חרטה-געהאַט, זיך אומגעקערט צום נייעם צירק, דערנאָך פלוצלונג, אָהן שום פּלאַן און כונות, אומגעקערט זיך צוריק, פון דאָסניי זיך אויפגעהויבען אויפ'ן בולוואַר מאַלזערב, פערקלענערט די טריט און זיך דערנענטערט צו פרוי דע-הילערואַס הויז. „עס וועט איר אפשר אויסווייזען משונה, אויב איך וועל ווידער קומען צו איר היינט אין אָוונד?“—האָט ער אַ טראַכט געטאָן. אָבער דאָ האָט ער זיך אַליין בערוהיגט, אַז קיין שום אויסערגעוועהנליכעס איז נישטאָ אין זיין צווייטען וויזיט, ווען ער וויל וויסען וואָס זי מאַכט.

זי איז געווען אַליין מיט אַנעט אין קלייניטשקען אָבגעזונדערטען גאַסטצימערל און וויטער געהאַפּט אַ דעקע פאַר אָרימע.

אַז ער איז אַריין, האָט זי פּשוט געזאָגט:

—אַך, דאָס זענט איר, מיין פריינד?

—יאָ, איך האָב מיך בעאונרוהיגט. איך האָב אייך געוואָלט זעהן, וואָס מאַכט איר?

—אַ דאַנק. גאַנץ גוט...

זי האָט זיך אָבגעהאַלטען עטליכע מינוט, דערנאָך צוגעגעבען און דערביי אָפען אונטערגעשטריכען די ווערטער:

—און איר...

ער האָט זיך פריי צולאַכט און געענטפערט:

—איך? אויסגעצייכענט, אויסגעצייכנט. אייער אונרוהיגקייט האָט קיין שום גרונד נישט געהאַט

זי האָט אויפגעהערט צו העפטען, לאַנגזאַם אויפגעהויבען אויף אים די אויגען, פול מיט ברענענדיגען געבעט און ספקות.

—ריכטיג,—האָט ער געזאָגט,

—איז אודאי גוט—האָט זי געענטפערט מיט אַנ׳אָנגעצויגע־נעם שמייכעל.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, און דאָס ערשטע מאָל זיך דערשפּירט נישט בעקוועם אין דעמדאָזיגען הויז, עפּיס אַ גייס־טיגער פּאַראַליטש איז אים בעפאַלען, נאָך אַ שטאַרקערער, ווי יענער, וואָס האָט אים געבונדען בּייטאָג, פאַר׳ן לייוועגט, ביי דער אַרבייט.

די גרעפין האָט געזאָגט איר טאָכטער:

—דו קאָנסט ווייטער אַרבייטען, מיין קינד. ער האָט גאָר־נישט געגען דעם.

ער האָט געפרעגט:

—וואָס האָט זי געטאָן?

—זי האָט אויס׳חזר׳ט אַ פּיעסע.

אַנעט האָט זיך אויפגעהויבען, צו געהן צום קלאַוויר.

ער, נישט געטראַכט וועגען דעם, האָט זי בעגלייט מיט די אויגען, ווי ער פלעגט שטענדיג טאָן, בשעת ער פלעגט איינ־געפינען, אַז זי איז שען. דעמאָלט האָט ער דערפיהלט אויף זיך דעם בליק פון איר מוטער, באַלד אָבגעקערט דעם קאָפּ, פּונקט ווי ער וואָלט עפּיס געזוכט אין דעם טונקעלען ווינקעל פון גאַסט־צימער.

די גרעפין האָט גענומען פון אַרבייטסטישעל אַ קלייניטשקען גאָלדענעם פּאָרטסיגאַר, וואָס ער האָט איר געשענקט, געעפענט אים און, פאָרלעגענדיג אים אַ פּאַפּיראָס, געזאָגט:

—רויכערט, מיין פריינד, איר ווייסט דאָך, איך האָב ליב, אַז איר רויכערט, ווען מיר זענען אַליין.

ער האָט געפאָלגט. עס האָבען זיך דערהערט די קלאַנגען פון קלאַוויר. דאָס איז געווען מוזיק אין אַלטמאָדישען סטיל— לייכט און גראַציעז. עס האָט זיך געדאַכט, דער מוזיקער האָט זי געשאַפען אין אַ לבנה׳דיגען ווייכען פרילינג־אָווענד.

אָליוויע האָט געפרעגט:

—וואָס איז דאָס פאַר אַ מוזיק?

די גרעפין האָט געענטפערט:

—שומאַנס. דאָס איז וועניג געשפּילט און רייצענד.

אין אים איז אַלץ געוואַקסען דער פערלאַנג אַ קוק צו טאָן אויף אַנעט, אָבער ער האָט זיך נישט בעשלאָסען. דערצו האָט מען בלויז בעדאַרפט מאַכען איין קליינינטשקע בעוועגונג, איין קליי־ניטשקען קער מיט׳ן האַלז. פון דער זייט האָט ער געזעהן די פייערן פון די ליכט, וואָס האָבען בעלויכטען די נאָטען, אָבער ער האָט אַזוי גוט פערשטאַנען, אַזוי גוט געשפּירט דער גרעפינס אויפמערקזאַמען און וואַכיגען בליק, אַז ער איז געזעסען אונבעוועגליך, איינגעטונקט די אויגען אין דעם שטח אַרום זיך, פונקט ווי אים וואָלט בלויז אינטערעסירט דאָס גרויע רויכעל, וואָס איז געגאַנגען פון זיין פּאַפּיראָס.

מאַדאַם דע־הילערואַ האָט אַ שעפּטשע געטאָן:

—דאָס איז גאָר, וואָס איר האָט מיר צו זאָגען?

ער האָט אַ שמייכעל געטאָן:

—דאָס דאַרף אייך נישט אויפרעגען. איר ווייסט, אַז מו־זיק היפּנאָטיזירט מיך, זי פערשלינגט אַלע מיינע געדאַנקען. מיר וועלען עטוואָס שפּעטער ריידען.

—יאָ, יאָ,—האָט זי געזאָגט,—איך האָב אויסגע׳חזר׳ט עפּיס פאַר אייך, נאָך פאַר מיין מוטערס טויט. איר האָט עס נאָך נישט געהערט. איך וועל עס אייך באַלד שפּילען, אַז דאָס מיי־דעלע וועט ענדיגען. איר וועט זעהן, וואָס פאַר אַ מאָדנע מוזיק.

זי איז באמת טאַלענטירט געווען און איר שפּילען האָט איבערגעגעבען די שטימונג, וואָס איז געלעגען אין די קלאַנגען. און דאָס, וואָס זי איז געווען מוזיקאַליש, האָט בעזונדערס שטאַרק און זיכער געווירקט אויף דער נשמה פון קינסטלער.

באַלד ווי אַנעט האָט געענדיגט איר פּיעסע, האָט זיך די גרעפין אויפגעהויבען, זיך אַנידערגעזעצט אויף איר אָרט און אונטער אירע פינגער האָט זיך אַרויסגע־אָסען אַ מאָדנע מעלאָדיע. אַלע פראַזען פון דערדאָזיגער מעלאָדיע האָבען זיך אַזוי ווי גע־

קלאָגט. פערשידענאַרטיגע, פערענדערליכע, זענען די אַלע קלאַנ-
טענער שטענדיג איבערגעריסען געוואָרען דורך איין נאָטע, וואָס
האָט געקלונגען אין דער מעלאָדיע און וואָס האָט זיי פערהאַל-
טען, איבערגעהאַקט, פונאַנדערגעשלאָגען, ווי אַנ'איינטעניגען גע-
שריי, וואָס וויל נישט אַנטרונען ווערען, וואָס פערפאָלגט, ווי דער
אונאויפהערליכער רוף פון אַ צוגעטשעפּעטען געדאַנק.

אָבער אָליוויע האָט געקוקט אויף אַנעט, וואָס איז געזע-
סען נעבען אים און גאָרנישט געהערט און גאָרנישט פערשטאַנען.

ער האָט געקוקט אויף איר, נישט-טראַכטענדיג, שטאַרק
הנאה-געהאַט פונ'ם קוקען, ווי מען האָט הנאה פון אַ געוועגטער
און אַ געזונטער זאַך, וואָס מען האָט גריער אויף לאַנג צוגענו-
מען; ער האָט זיך אינגאַנצען אַריינגעטאָן דערין, ווי אַ דורשטי-
גער ביים טרינקען.

—נו, ווי מיינט איר, איז עס שען?—האָט די גרעפין גע-
פרעגט.

אַ דערוואַכטער, האָט ער אויסגעשריען:

—אויסגעצייכענט, גרויסאַרטיג! וועמענס מוזיק איז עס?

—ווי, איר ווייסט נישט?

—ניין.

—ווי אַזוי דערקאָנט איר נישט מוזיק?

—אָבער ניין.

—דאָס איז שובערט.

דעמאָלט האָט ער געזאָגט מיט אַ מינע פון גרויס איבער-
צייגונג:

—דאָס וואונדערט מיך נישט. די מוזיק איז אויסגעצייכענט!
זענט אַזוי גוט און שפּילט פון דאָסניי.

זי האָט ווידער אָנגעהויבען, און ער, אָבגעקערט דעם קאָפּ,
האָט פון דאָסניי געקוקט אויף אַנעט, אָבער אין דערזעלבער
צייט האָט ער זיך צוגעהערט צו דער מוזיק און אויף אַזאַ אופן
איבערגעלעבט צוויי פערגעניגענס פאַר איין מאָל.

דערנאָך האָט זיך מאַדאַם דע-הילערואַ צוריקגעקערט אויף
איר אָרט און ער האָט געפאָלגט דעם אינסטינקט פון מענליכער

צביעות—אָבגעקערט די אויגען פונ׳ם בלאָנדען קעפּעל; אַנעט איז געזעסען קעגענאיבער דער מוטער, ביי דער צווייטער זייט לאָמפּ און געהאַפּט.

אָבער אפילו נישט זעהענדיג זי, האָט ער זי געשפּירט, ווי עס שפּירט זיך די נאָנטקייט פון אַ וואַרימען ווינקעל, און די גאַנצע צייט האָט אים געררייצט דער בעגער צו וואַרפען אויף איר שנעלע בליקען און באַלד נאָכדעם געקוקט אויף דער גרע-פין. ער איז ענליך געווען צו אַ חדר-יונגעל, וואָס כאַפּט אַ קוק דורכ׳ן פענסטער אויפ׳ן גאַס, ווען דער לערער קערט זיך אָב.

אַוועק איז ער פרי, ווייל די צונג איז אים פּאַראַליזירט געווען, אַזוי ווי דער געדאַנק און זיין פער׳עקשנ׳ט שווייגען האָט מען געקאָנט שלעכט אויסטייטשען.

באַלד ווי ער איז אַרויס אויף דער גאַס, האָט זיך אים פערוואָלט אַרומבלאָנקען אָהן אַ ציל. די געהערטע מוזיק האָט אין אים שטענדיג לאַנג געלעבט; דעמאָלט פלעגט ער אָנהויבען חלומ׳ען, וואָס איז געווען אַזוי ווי אַ המשך פון די געהערטע מעלאָדיעס. די קלאַנגען פלעגען זיך צוריקקערן, זיך איבערריי-סען, אַנטרונען ווערען. פון דערווייטענס ערגיץ פלעגען זיך דער-טראָגען צוריסענע טאַקטען, דערשטיקטע, אָבגעשטאָרבענע, פּונקט ווי אַ ווידער-קול... דערנאָך פלעגען די קלאַנגען אַנטשוויגען ווע-רען, פּונקט ווי זיי וואָלטען געגעבען פרייהייט די געדאַנקען, וואָס פלעגען זיך סטאַרען אַריינצודרינגען אינ׳ם זין פון די מע-לאָדיעס, זוכענדיג אונבעקאַנטע אידעאַלען פון פולער האַרמאָניע און צערטליכקייט.

ער איז אַוועק לינקס, צום בולוואַר, בעמערקענדיג די בענ-גאַלישע בעלייכטונג פון מאָנסאָ-פּאַרק, דערנאָך אַוועק מיט דער צענטראַלער אַלעע, וואָס האָט זיך געשלענגעלט, בעלויכטען פון עלעקטרישע לבנות. צווישען די שטעגען האָט אומגעבלאָנקעט דער שומר; פון צייט-צו-צייט איז דורכגעפאָרען מיט גערויש אַ פערשפּעטיגטע דראָזשקע; אויף איינער פון די בענק, בעגאָטען מיט אַ העל-בלויליכען ליכט, איז געזעסען עפּיס אַ מענש און גע-לייענט אַ צייטונג. איבער אים האָט זיך געהויבען אַ זייל פון

בראָנז מיט אַ גרויסער עלעקטרישער קויל. אַנדערע פייערן אויף די וויזעס און צווישען די בוימער האָבען בעגאָסען בלעטער און גראָז מיט קאַלטען שטאַרקען ליכט און מיט בלאַסען לעבען בע-לעבט דעמדאָזיגען גרויסען שטאָטגאָרטען.

בערטען, פּערלעגט די הענט אַהינטער, איז געגאַנגען גע-בען טראָטואַר. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין שפּאַציר מיט אַנעט, בשעת ער האָט דאָ, אין דעמדאָזיגען פּאַרק, דערהערט פון אירע ליפּען דער מוטערס קול.

אַ מידער, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק, איינ-געאָטעמט די פרישע לופט פון די נאָר-וואָס בעגאָסענע וויזעס און דערפיהלט, ווי עס שטעהען אין אים אויף ליידענשאַפטלי-כע בעגערן, וואָס ביי אַ יונגעל וואָלטען זיי זיך צוזאַמענגעוועבט אין אַ ווילדען אונענדליכען ראָמאַן. אַמאָל האָט ער איבערגעלעבט אַזוינע אָווענדען פון אייליגע פּאַנטאַזיעס, בשעת דער קאַפּריזנער חלום האָט אים געמאָלט פערשידענע פּאַסירונגען. און, אַ פער-וואונדערטער, האָט ער געשפּירט אין זיך דעם צופלוס פון די אַמאָליגע שטימונגען, וואָס זענען נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין עלטער.

נאָר עפּיס אַ פער׳עקשנ׳טע נאָטע פון שובערטס מעלאָדיע האָט אים אַלץ געקלונגען, עס האָט זיך פון דעסטוועגן צוריקגע-קערט דער געדאַנק וועגען אַנעט, ער האָט געזעהן איהר געזיכט, עטוואָס אַראָבגעלאָזט אונטער׳ן לאָמפּ און זיך דערמאָנט אָן דער גרעפינס משונה׳דיגען חשד. געגען דעם אייגענעם ווילען איז נאָך אַלץ פאָרגעזעצט געוואָרען אין זיין נשמה די אַרבייט אי-בער דערדאָזיגער פראַגע, נאָך אַלץ האָט זיך געצויגען דער אַנאַ-ליז פון טונקעלע טיפעניששען, וואו די מענשליכע געפיהלען ליגען פערבאָרגען ביז זייער געבוירען ווערען. דערדאָזיגער איינגע-שפּאַרטער אַנאַליז האָט אים אויפגערעגט; דערדאָזיגער געדאַנק וועגען יונגען מיידעל האָט אַזוי ווי געעפענט אין זיין נשמה דעם וועג פון צאַרטע טרוימען. ער איז מער נישט געווען אימ-שטאַנד אַרויסצויאָגען זי פון זיין זכרון. נאָכאַנאַנד איז זי גע-שטאַנען פאַר אים. אַמאָל, בשעת די גרעפין פלעגט אַוועקגעהן

פון אים, פלעגט ער אויך האָבען אַזאַ שפירונג, פונקט ווי זי וואָלט זיך נאָך געפונען אין אַטעליע.

ער האָט זיך נישט געקאָנט בעפרייען פון דידאָזיגע גע-שטאַלטען, זיך אויפגעהויבען און אַרויסגעשעפּטשעט:

—ווי נאַריש דאָס איז פון דער גרעפינס זייט, וואָס זי האָט עס מיר געזאָגט. צוליב דעם הער איך נישט אויף צו טראַכ-טען פונ'ם מיידעלע.

ער איז אַוועק אַהיים, בעאונרוהיגט פון זיין צושטאַנד. אַז ער האָט זיך געלעגט אין בעט, האָט ער געפיהלט, אַז ער וועט נישט איינשלאָפען. דאָס בלוט האָט געקאָכט אין זיינע אָדערן, טרוימען זענען מאַסענווייז אויפגעשטאַנען אין זיין נשמה. אין שרעק פאַר שלאָפלאָזיגקייט—יענע שלאָפלאָזיגקייט, וואָס מאַטערט-איין און קומט מיט גייסטיגער צורודערונג—האָט ער בעשלאָסען צו נעמען אַ בוך. אָבער געגען זיין ווילען האָט זיין צורייצטער מח, וואָס האָט געלעכצט נאָך שטאַרקע איינדרוקען, אָבגעזוכט אַ נאָמען פון אַ שרייבער, וואָס האָט זיך געפּאַסט צו זיין עקזאַל-טירטער שטימונג, פול דערוואַרטונג. באַלזאַק, וועלכען ער האָט פערגעטערט, האָט איצט גאָרנישט געזאָגט זיין נשמה. ער האָט דורכגעלאָזט הוגאָ, מיט פעראַכטונג אַדורכגעגאַנגען לאַמאַרטינ'ען, וואָס האָט אים פריער פערשאַפט אַ סך תענוג און זיך מיט דורשט אַרויפגעוואָרפען אויף מוסיע, דעמדאָזיגען דיכטער פון דער יו-גענד. האָט ער גענומען אַ בענדעל מוסיע, אַוועקגעטראָגען עס מיט זיך און געעפענט, וואו עס האָט זיך געמאַכט.

זיך אַנידערגעלעגט פון דאָסניי אין בעט, איז ער מיט דורשט פון אַ שכור צוגעפאַלען צו דידאָזיגע לייכטע לידער, וואָס אַ בעגייסטערטער זינגער האָט בעזונגען, ווי עס זינגט אַ פויגעל. מוסיע האָט בעזונגען די דערוואַכונג פון לעבען און זיינע קלאַנ-גען האָבען בלויז געקלעקט אויף אַ מאָרגען פון לעבען. ער איז אַנטשוויגען געוואָרען, בשעת עס איז אַריינגעטראָטען דער האַ-מעטנער טאָג. זיין פער'שכור'ונג מיט'ן לעבען האָט ער אויסגע-זונגען אין פייערליכע און נאַאיווע ליבע-לידער, וואָס האָבען ווי אַ ווידערקול געענטפערט די יונגע הערצער, פול פערלאַנגען.

נאָך קיינמאָל האָט בערטען נישט פערשטאַנען אַזוי גוט, ווי איצט, דעם רייץ פון דידאָזיגע לידער, וואָס רעגען אונזערע געפיהלען און רירען כמעט נישט אָן אונזער מח. נישט אָבגעריסען די אויגען פון די צאַפּלענדיגע שורות, האָט ער דערשפּירט אין זיך אַ נשמה פון אַ צוואַנציגיעריגען יונגעל, וואָס איז פול מיט האָפנונג און, אַרומגעכאַפּט פון דעם יונגען עקסטאַז, כמעט דאָס גאַנצע בענדעל אַדורכגעלייענט. געשלאָגען דריי אַ זייגער, און ער האָט זיך געוואונדערט, וואָס אים ווילט זיך נישט שלאָפען. ער איז אויפגעשטאַנען, צו פערמאַכען דאָס פענסטער און אַוועקלעגען דאָס בוך אויפ'ן טיש, וואָס איז געשטאַנען אין מיטען צימער. אָבער אַז עס האָט אַ בלאָז געטאָן אַ פריש נאַכטווינטעל, האָט ער דערשפּירט אַ וועהטאָג אין קרייץ, וואָס דאָס עקסער וואַסער האָט קנאַפּ געהאָלפען דערצו. דעמדאָזיגען וועהטאָג האָט ער דערשפּירט ווי אַ רמז, ווי אַ סיגנאַל און ער האָט אַוועקגעוואָרפען דאָס ביכעל פון דיכטער מיט אַן אונגעדולדיגען זשעסט און דערביי אַרויסגעמורמעלט: „גענוג, אַלטער נאַר, גענוג!" דערנאָך האָט ער זיך ווידער געלעגט אין בעט אריין און פערלאָשען דאָס פייער.

אויף מאָרגען איז ער נישט געגאַנגען צו דער גרעפין, ער האָט אפילו אָנגענומען אַנ'ענערגישען בעשלוס נישט צו געהן צו איר פריער פאַר צוויי טעג. אָבער וואָס ער האָט נישט געטאָן— צי ער האָט זיך גענומען פאַר אַרבייט, צי ער האָט שפּאַצירט אָדער ער האָט אַזוי געוואַנדערט פון שטוב צו שטוב—אומעטום האָט אים נאָכגעיאָגט פערפאָלגט דער געדאַנק וועגען די צוויי פרויען.

פערבאָטען זיך געהן צו זיי, איז ער מיט'ן געדאַנק געווען ביי זיי די גאַנצע צייט און געטרייסט זיין דמיון און זיין האַרץ מיט דער אונאויפהערליכער ערינערונג וועגען זיי. און טיילמאָל איז ער אונטער דער ווירקונג פון איינזאַמקייט דערגאַנגען ביז האַלוצינאַציעס. ער האָט געזעהן, ווי זיי האָבען זיך דערנענטערט צו איינאַנדער—פערשידענע, אַזוינע, ווי ער האָט זיי געקאָנט—דערנאָך האָבען זיי זיך צוזאַמענגעטראָפען, צוזאַמען-

געגאָסען אין אַ נייער געשטאַלט, וואָס איז געווען נישט דייטליך און נישט ענליך נישט צו דער מוטערס געזיכט, נישט צו דער טאָכטערס געזיכט. דאָס איז פשוט געווען אַ פנים פון אַ פרוי, וואָס ער האָט אַמאָל שרעקליך געליבט און ליבט אויך איצט און ליבט שטענדיג.

דעמאָלט האָט ער זיך אָנגעהויבען פאָרוואַרפען דערין, וואָס ער האָט זיך אַזוי וויט אָבגעגעבען אין דער מאַכט פון דידאָזיגע געפיהלען, וואָס זייער קראַפט און געפאַר האָט ער גוט געקאָנט. צו בעפרייען זיך פון זיי, אַרויסרייסען זיך פון דעמדאָזיגען זיסען חלום, וואָס נעמט צו דעם ווילען, האָט ער געוואָרפען זיין געדאַנק אויף פערשידענע אידעען, איבערגעקליבען אַלערליי טעמעס פאַר נאָכקלערן און טראַכטען.

אומזיסטע בעמיהונגען! ווי ער זאָל זיך נישט וועלען פערגעסען, האָט ער זיך דאָך אַלץ אומגעקערט צו איין פונקט, צו דערזעלבער נעץ, וואו עס האָט געלאָקערט אויף אים דאָס יונגע העלע פנימ׳ל. דאָס איז עפּיס געווען אַ מין כשוף-קרייז, טונקעל און אונפערמיידליך, וואָס האָט זיך געטראָגען אַרום אים, אַרומגערינגעלט אים און געפּאַקט, נישט-געקוקט אויף די אַלע מיטלען, וואָס ער האָט אָנגענומען, זיך צו ראַטעווען.

האָט ער נאָר אויפגעהערט צו טראַכטען און קלערען, פלעגט זיך באַלד אָנהויבען אַנ׳אונבעוואוסטזיניגע אַרבייט פון זכרון און פון דאָסניי פלעגט ער שפירען די צוזאַמענגיסונג פון צוויי וועזענס אין איינעם, וואָס האָט אים אַזוי צומישט בשעת׳ן אָווענדשפּאַציר אין ראָנסיער. ער פלעגט אַרויסרופען אין זיך זייערע געשטאַלטען און זיך געסטאַרעט צו פערשטעהען דאָס אונבעקאַנטע געפיהל, וואָס האָט אים אויפגערעגט. ער האָט זיך געפרעגט: „לאָמיר זעהן, אפשר שפיר איך באמת צו אַנעט מער צערטליכקייט, איידער עס פאָדערט זיך“. גריבלענדיג זיך אין האַרצען, האָט ער דעמאָלט איינגעפונען, אַז עס ליבט מיט אַלע פלאַמען אַ פרוי — נאָך גאָר אַ יונגע, וואָס האָט אַנעטס שטריכען און וואָס איז דאָך נישט אַנעט. און ער האָט זיך קליינמוטיג בערוהיגט, זיך געזאָגט: „ניין, איך האָב נישט ליב דאָס מיידע-

לע, איך בין פשוט אַ קרבן פון איר ענליכקייט מיט דער מוטער".

און דאַך זענען די צוויי טעג, וואָס ער האָט פערבראַכט אין ראָנסיער, פערבליבען אין זיין נשמה ווי אַ קוואַל פון וואָרימקייט, גליק און תענוג. מיט אונגעוועגליכער דייטליכקייט זענען אויפגעשטאַנען אין זיין מח די קלענסטע פרטים פון זיין פערברענגען אין ראָנסיער, און ער האָט פון זיי איצט נאָך שטאַרקער גענאָסען, איידער דעמאָלט, ווען ער האָט זיי איבערגעלעבט. און פלוצלונג האָבען זיך פונאַנדערגעוויקעלט די ערינערונגען, לעבעדיג אים געוויזען דאָס בילד, ווי מען איז געגאַנגען צוריק פון בית-עולם: פון דאָסניי האָט ער דערזעהן דאָס יונגע מיידעל, וואָס קלויבט בלומען און מיט אַמאָל האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט איר פערשפּראָכען צו שענקען אַ קאָרנבלימעלע פון סאַפּפירען, בשעת זיי וועלען קומען קיין פּאַריז.

אַלע זיינע אָנגענומענע בעשלוסען זענען זיך צופלויגען און, מער נישט געקעמפט מיט זיך, האָט ער גענומען דעם הוט און אַרויסגעגאַנגען, שטאַרק בעוועגט פון געדאַנק, אַז ער וועט איר קאָנען פערשאַפען אַ פערגעניגען.

דער דינער פון גראַף דע-הילערואַ האָט אים געזאָגט, בשעת ער איז געקומען:

—די גרעפין איז נישטאָ אין דערהיים, דאָס פריילין איז דאָ.

ער איז שטאַרק דערפרעהט געוואָרען.

—זאָגט איר, אַז איך וואָלט זי געוואָלט זעהן.

דערנאָך איז ער אַריין מיט פּאָרזיכטיגע טריט אין גאַסטצימער אַריין, פונקט ווי ער וואָלט זיך געשראָקען, אַז מען וועט דערהערען.

כמעט באַלד האָט זיך געוויזען אַנעט.

—אַ גרוס אייך, טייערער מאַעסטראָ,—האָט זי פייערליך געזאָגט.

ער האָט זיך צולאַכט, דערלאַנגט איר די האַנט, זיך געזעצט נעבען איר און געזאָגט:

—טרעף, צוליב וואָס בין איך געקומען!

די האָט אַ ווײַלע געטראַכט:

—איך ווייס נישט.

—צו געהן מיט דיר און דיין מוטער צום יובעליר און אויסקלויבען ביי אים אַ קאָרנבלימעלע פון סאַפּפירען, וואָס איך האָב דיר צוגעזאָגט אין ראָנסיער.

ביים יונגען מיידעל האָט דאָס פּנים אויפגעלייכט פון פרייד.

—אַך,—האָט זי געזאָגט—און די מאַמע איז נאָר-וואָס אַוועקגעגאַנגען. אָבער זי וועט באַלד קומען. איר וועט וואַרטען אויף איר, נישט וואָר?

—יאָ, אויב דאָס וועט נישט לאַנג דויערן.

—אָ, סאַראַ בייזער! מיט מיר ווייזט אייך אויס די צייט זעהר לאַנג! איר האַלט מיך פאַר אַ מיידעלע!

—ניין,—האָט ער געזאָגט—אַ סך וועניגער, ווי דו מיינסט.

און ווי אַמאָל, אין די טעג פון זיין יוגענד, האָט זיך אים פון דאָסניי געוואָלט געפעלען ווערען, זיין העפליך, שאַרפזיניג. דאָס איז געווען איינע פון יענע אינסטינקטיווע פערלאַנגען, וואָס פערשטאַרקען די פעהיגקייט צו בעצויבערן, וואָס צווינגען דער פּאַווע פונאַנדערצולאָזען דעם עק, ווי אַ פּעכער און די דיכטער—שאַפען לידער. ווערטער זענען געלאָפען פון זיינע ליפען שנעל, לייכט, ער האָט גערעדט אַזוי, ווי ער פלעגט ריידען אין געלונגענע מינוטען. דאָס יונגע מיידעל, אונטער דעם איינפלוס פון זיין רירעוודיגקייט, האָט אים געענטפערט מיט דערזעלבער היץ און מיט יענער שטיפערישער שעלמישקייט, וואָס איז געווען פערבאָרגען אין איר.

אָבער פּלוצלונג, בשעת ער האָט אָבגעשלאָגען אירע אַ מיינונג, האָט ער אויסגעשריען:

—אָבער איר האָט עס דאָך מיר פילמאָל געזאָגט און איך האָב אייך געענטפערט...

זי האָט זיך צולאַכט און אים איבערגעשלאָגען.

—אָבער איר זאָגט מיר שוין נישט „דו"! איר מיינט, איך [illegible] די מאַמע.

ער איז רויט געוואָרען, שטיל געבליבען און דערנאָך אַרויסגעמורמעלט:

— מען שמועסט װעגען דעם, וואָס דיין מוטער האָט זיך שוין הונדערט מאָל געהאַלטען ביי דערדאָזיגער מיינונג.

זיין בעגייסטערונג איז אויסגעלאָשען געוואָרען. ער האָט מער קיין ווערטער נישט געפונען, און איצט האָט אים דאָס מיידעלע גורם-געווען שרעק, אונפערשטענדליכען שרעק.

—אָט איז די מאַמע,—האָט זי געזאָגט.

זי האָט דערהערט, ווי עס האָט זיך געעפענט די טיר פון דעם ערשטען גאַסטצימער, און אָליוויע, פערשעמט, פונקט ווי מען וואָלט אים געכאַפּט אויפ׳ן אָרט פון פערברעכען, האָט אָנגעהויבען דערקלערן, ווי אַזוי ער האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט וועגען זיין פערשפּרעכונג און דעריבער געקומען נאָך ביידען, צו געהן צום יובעליר.

—אויף מיר וואַרט אַ דראָזשקע,—האָט ער געזאָגט—איך וויל זיצען אויפ׳ן הינטערשטען בענקעלע.

זיי זענען אַוועק און אין עטליכע מינוט אַרום שוין געווען ביי מאָנטאַי.

דער קינסטלער האָט דאָס גאַנצע לעבען פערבראַכט אין נאָנטען פערקער מיט פרויען. ער האָט זיי אָבסערווירט, שטודירט און ליב געהאַט, זיך געסטאַרעט שטענדיג צו פערשטעהן זייערע געשמאַקען, בעגרייפען די סודות פון זייער אינטימען לעבען און סוף-כל-סוף האָבען זיך אים אויך איבערגעגעבען זייערע שפּירונגען אַזוי, אַז ווען ער פלעגט אַריין אין איינעם פון יענע געשעפטען, וואו עס ווערען פערקויפט די רייצענדיגע פיינע עקסעסוּאַרען פון פרויענשענקייט, פלעגט ער פיהלען כמעט אויך אַזאַ פריידיגע אויפרעגונג, ווי זיי.

ווי אַ פרוי, האָט ער זיך אינטערעסירט מיט די אַלע קאָקעטישע קלייניגקייטען, וואָס האָבען אַ שייכות צו פּוץ; געוועזען האָבען אים געגלעט דאָס אויג, שפּיצען האָבען צו זיך געצויגען זיינע הענט; די סאַמע קלענסטע זאַכעלעך, וואָס זענען נאָר געווען פיין, האָבען געצויגען זיין אויפמערקזאַמקייט

די וויטרינעס פון יובעלירגעשעפטען האָט ער פערהייליגט, ווי אַ טעמפּעל פון פערפירונג און לוקסוס. נישט אָהן אַכטונג האָט ער זיך בעצויגען צום טיש, פערדעקט מיט שוואַרצען גע-וואַנד, אויף וועלכען די געשיקטע פינגער פון יובעליר האָבען אויסגעלעגט שטיינער, וואָס האָבען פאַרביג געלויכטען מיט זייע-רע פייערן. אַוועקגעזעצט די גרעפין און איר טאָכטער פאַר'ן טיש, האָט ער געזאָגט, וואָס ער ברויכט, און מען האָט אים אָנ-געהויבען בעווייזען מוסטערן פון בלומען.

דערנאָך האָט מען אויסגעלעגט פאַר אים סאַפּפירען. מען האָט בעדאַרפט אויסקלויבען פיר שטיינדלעך. לאַנג האָט עס גע-דויערט.ביידע פרויען האָבען געדרעהט די שטיינער אויפ'ן גע-וואַנד, דערנאָך זיי פאָרזיכטיג גענומען אין די הענט אַריין, גע-קוקט דורך זיי אויפ'ן ליכט, אויסגעפאָרשט זיי מיט גרויס בקיאות אוןליידענשאַפט. בשעת מען האָט אָבגעלעגט די אָבגעקליבענע סאַפּפירען, האָט מען נאָך בעדאַרפט אויסקלויבען דריי שמאַראַג-דען, פון וועלכע מען האָט בעדאַרפט מאַכען די בלעטלעך און נאָך אַ קליינטשיק ברילליאַנטל, וואָס האָט בעדאַרפט ציטערן אין דערמיט, ווי אַ טראָפּענדל טוי.

דעמאָלט האָט אָליוויע, שטאַרק דערפרעהט, וואָס ער שענקט, געזאָגט דער גרעפין:

—איך בעט אייך, פערשאַפט מיר דאָס פערגעניגען, קלויבט זיך אויס צוויי פינגערלעך.

—איך?

—יאָ. אייגס פאַר אייך, דאָס צווייטע פאַר אַנעט! דער-לויבט מיר צו מאַכען אייך ביידען דעמדאָזיגען קלייניטשקען גע-שאַנק צום אָנדענקען פון יענע צוויי טעג, וואָס מיר האָבען פער-בראַכט אין ראָנסיער.

זיי האָבען זיך אָבגעזאָגט. ער האָט שטאַרק געבעטען. האָט מען זיך לאַנג געשפּאַרט, איז אַוועק אַ קאַמף פון ווערטער און אַרגומענטען, אָבער אָליוויע'ן האָט זיך נישט אָהן מי איינגעגע-בען אָבצוהאַלטען אַ נצחון.

מען האָט געוויזען פינגערלעך. מאַנכע פון זיי, די סאַמע

שענסטע, זענען געלעגען בעזונדער, אין ספּעציעלע שיידלעך, אַנדערע, פונאַנדערגעסאָרטירט לויט די מוסטערן, זענען געלעגען אין גרויסע פּירקאַנטיגע קעסטלעך, וואו אויפ'ן סאַמעט זענען געבליבען די שפּורען פון זייערע קאַפּריזע פאָרמען. דער קינסטלער האָט זיך געזעצט צווישען ביידע פּרויען און אַרויסגענומען פינגערלעך פון די קליינינקע סאַמעטענע גריבעלעך מיט דערזעלבער אויפמערקזאַמקייט, ווי זיי. דערנאָך האָט ער זיי געלעגט פאַר זיך, אויפ'ן געוואַנד פון טיש אין צוויי קופּקעלעך: אין איין קופּקעלע זענען אָבגעלעגט געוואָרען די פינגערלעך, וואָס זענען פערבראַקירט געוואָרען אויפ'ן ערשטען קוק, אין דער צווייטער זענען געלעגען יענע, וואָס מען האָט נאָך בעדאַרפט איבערקוקען, כדי אויסצוקלויבען פון זיי אַ פינגערל.

דערנאָך האָט מען אָנגעהויבען מאַכען פערגלייכונגען, זיך שפּאַרען און, צולעצט, נאָך געוויסע קווענקלענישען האָבען זיך די דריי מבינים אָבגעשטעלט אויף אַ גאָלדענעם שלאַנגעלע, וואָס האָט געהאַלטען צווישען דעם דינבעטשקען צינגעלע און עקעל אַ שענעם רובין.

אָליוויע האָט זיך אויפגעהויבען, אַ שיינענדיגער:

—איך וועל אייך איבערלאָזען מיין קאַרעט,—האָט ער געזאָגט—איך בעדאַרף נאָך זיין אין עטליכע ערטער. איך געה אַוועק.

אָבער אַנעט האָט געבעטען דער מוטער צו געהן אַהיים צופוס מחמת דעם שענעם וועטער. די גרעפין האָט צוגעשטימט און, בעדאַנקט בערטענ'ען, אַוועק מיט דער טאָכטער.

אַ געוויסע צייט זענען זיי געגאַנגען שווייגענדיג און זיך אַלץ ענטציקט מיט די מתנות. דערנאָך האָבען זיי אָנגעהויבען ריידען וועגען די אַלע טייערע שטיינער, וואָס זיי האָבען געזעהן און געהאַלטען אין האַנט. אין דמיון איז זיי פון די אַלע קאָסטבאַרקייטען געבליבען עפּיס אַ שימערן, אַ לייכטער קלאַנג, עפּיס אַ פרייד. זיי האָבען זיך שנעל בעוועגט צווישען עולם, וואָס פערפלייצט די טראָטואַרען אין אַ זומעראָווענד. מענער האָבען זיך אָבגעקערט, אַ קוק צו טאָן אויף אַנעט און פאַרבייגע-

הענדיג געשעפטשעט אונפערשטענדליכע ווערטער פון התפעלות. דאס ערשטע מאל נאכ׳ן טרויער, נאכדעם, ווי די שווארצע קליי-דער האבען צוגעגעבען איר טאכטער אזא ליכטיגען גלאנץ פון שענקייט, האט זיך די גרעפין אנגעהויבען ווייזען מיט איר טאכ-טער. איר ערפאלג צווישען עולם, די בליקען, וואס זענען גע-ווארפען געווארען אויף איר, די געשמייכעלטע אויפמערקזאמ-קייט, וואס ווערט ארויסגערופען צווישען מאנספערשוינען, ווען עס ווייזט זיך א שענע פרוי, האט פיינליך צוזאמענגעדריקט דער גרעפינס הארץ, ווי אין יענעם אווענד, ביי זיך אין גאסטצימער, בשעת מען האט פערגלייכט איר טאכטער מיט איר פארטרעט. נישט-ווילענדיג האט זי נאכגעהיט די בליקען, וואס מען האט געווארפען אויף אנעט, זי האט זיי שוין פון ווייטען געפיהלט. זי האט געפיהלט, ווי זיי גליטשען זיך איבער איר געזיכט, שטעלען זיך נישט אב דערויף און געהען באלד איבער צו דעם העלבלאנדען קעפעל, וואס נעבען איר. זי האט פערשטאנען, זי האט געלייענט אין די אויגען פון די דורכגעהער, ווי זיי אנער-קענען שנעל און שטום די שענקייט פון דערדאזיגער בליהענ-דיגער יוגענד, איר רייץ, איר פרישקייט, און זי האט גע-טראכט: „איך בין אזוי שען געוועזן, ווי זי, אויב נישט שענער.“ און פלוצלונג האט איר א שטאך געטאן די ערינערונג וועגען אליוויע׳ן, און א שטארקער פערלאנג צו אנטלויפען האט זי ארום-געכאפט, ווי דעמאלט אין ראנסיער

איר האט זיך געוואלט, אז עס זאל מער נישט זיין ארום איר אט דער העלער שיין, אז עס זאל נישט זיין ארום איר דערדאזיגער שטראם מענשען, וואס האבען זי לייכט אנגעקוקט און קיין שום אכט נישט געלעגט אויף איר. ווייט האבען אויס-געוויזען יענע טעג, וואס זענען נאך גארנישט לאנג געוועזן, בשעת זי אליין האט אבגעזוכט און ארויסגערופען די געלעגענהייט צו פערגלייכען זי מיט איר טאכטער. ווער פון די אלע דורכגעהער קומט איצט אין קאפ אריין צו פערגלייכען זיי? אפשר יע-נעם, דארטען, אינ׳ם יובעלירגעשעפט? סארא ווערטאג! געוויס, דידאזיגע פערגלייכונג פערפאלגט זי נאכאנאנד! קאן ער זי

דען נישט פערגלייכען, בשעת ער זעהט זיי צוזאמען, נישט דערמאָנען די פערגאַנגענהייט, ווען זי פלעגט קומען צו אים אַזאַ פרישע, אַ שענע, אַ זיכערע אין זיין ליבע!

—מיר איז נישט גוט—האָט זי געזאָגט—מיר וועלען נעמען אַ דראָזשקע, קינד מיינס.

אַנעט, דערשראָקען, האָט געפרעגט:

—וואָס איז מיט דיר, מאַמע?

—קיין זאַך נישט, דו ווייסט דאָך, אַז נאָך דער מוטערס טויט האָב איך עפּטער אַזוינע אַטאַקען פון אָבגעשוואַכטקייט.

## V

אַ צוגעטשעפּעטער געדאַנק פייניגט דעם מענשען אַזאַ עקשנות, ווי אַ כראָנישע קראַנקהייט. קוים בעהערשט ער די נשמה, צורייסט ער זי, דריקט זי אונטער, נעמט איר צו די פרייהייט צו טראַכטען עפּיס, זיך אינטערעסירען מיט וואָס. וואָס די גרע-פין זאָל נישט טאָן, וואו זי זאָל זיך נישט געפינען, אין שטוב צי אויסער׳ן שטוב, צי זי איז געווען אַליין, צי מיט מענשען—האָט זי זיך אַלץ נישט געקאָנט בעפרייען פון געדאַנק, וואָס איז בעפאַלען איר נשמה, בשעת זי האָט זיך צוריקגעקערט מיט דער טאָכטער אַהיים. „איז דען מעגליך, אַז אָליוויע, וואָס האָט זיי כמעט אַלע טאָג געזעהן, זאָל נישט האָבען שטענדיג אַ פערלאַנג צו פערגלייכען זייביידען?"

אודאי, געגען זיין ווילען אפילו האָט ער נישט געקאָנט נישט פערגלייכען זיי שטענדיג. אויף דערדאָזיגער פערגלייכונג

האָט אים בעדאַרפט אָנשטויסען זייער וואונדערליכע ענליכקייט, וואָס איז נאָך פריער אומישנע אונטערגעשטריכען געוואָרען דער־מיט, וואָס איינע האָט נאָכגעמאַכט דאָס לשון און זשעסטען פון דער צווייטער. און קוים האָט ער זיך בעוויזען, האָט זי באַלד אָנגעהויבען טראַכטען וועגען דעם, אַז ער פערגלייכט זיי, אין זיינע אויגען האָט זי געלעזען דידאָזיגע פערגלייכונג, איר נשמה און געדאַנק האָבען עס פערשטאַנען און אויסגעטייטשט אויף איר שטייגער. און דעמאָלט האָט זי געפייניגט דער געדאַנק צו בעהאַלטען זיך, פערשוואונדען ווערען, נישט ווייזען זיך אים מער צוזאַמען מיט דער טאָכטער. אָבער אויסערדעם זענען נאָך גע־ווען אַ סך בעדינגונגען, וואָס האָבען זי געצוואונגען צו ליידען: זי האָט אויפגעהערט זיך צו פיהלען „ביי זיך“, אין איר הויז. די מורא אַרויסגעשטויסען צו ווערען, וואָס זי האָט איינמאָל אין אָזוינד געשפירט, בשעת אַלע האָבען געקוקט בלויז אויף אַנעט, וואָס איז געזעסען אונטער'ן פּאָרטרעט—דידאָזיגע מורא האָט זיך אַלץ פערשטאַרקט און האָט זי טיילמאָל דערפירט ביז פער־צווייפלונג. זי האָט זיך נאָכאַנאַנד פּאָרגעוואָרפען דערין, אַז זי האָט אַ פערבאָרגענעם פערלאַנג פטור צו ווערען פון אַנעט, אַז זי האָט אַ שטיל בעדערפעניש צו דערווייטערן די טאָכטער פון איר הויז, ווי אַ גאַסט, וואָס ווערט דערעסען און שטערט; און מיט אַן'אונבעוואוסטזיניגער געשיקטקייט האָט זי געשטרעבט צו דערגרייכען איר ציל און פון דאָסניי קעמפען און איינהאַלטען ביי זיך דעם מאַן, וואָס זי האָט ליב געהאַט.

זי האָט נישט געקאָנט זעהר איילען מיט דער חתונה פון איר טאָכטער, דאָס האָט געשטערט דער טרויער און זי האָט געשפירט שרעק, נישט־קלאָרען שטאַרקען שרעק, אַז עפּיס אַ זאַך וועט נישט דערלאָזען, דערדאָזיגער פּלאַן זאָל פערווירקליכט ווע־רען, און נישט־ווילענדיג האָט זי זיך געסטאַרעט צו דערוועקען אין איר טאָכטער אַ געפיהל צום מאַרקיז.

די שכל'דיגע דיפּלאָמאַטיע, מיט וועלכער זי האָט זיך שוין לאַנג בענוצט, כדי איינצוהאַלטען נעבען זיך אָליוויע'ן, האָט זיך איצט פערשלייערט אין נייע, מער־פיינערע, מער־פערבאָרגענערע

פּאַרמען. איצט האָט זי געוואָלט, אַז די יונגע זאָלען זיך געפּע-לען איינאַנדער, אַז זיי זאָלען זיך עפטער זעהן, אָבער אויף אַזאַ שטייגער, אַז דער מאַרקיז און דער קינסטלער זאָלען זיך נישט בעגעגענען.

אַזוי ווי דער קינסטלער, וואָס איז געוועזט געוואוינט צו אַר-בייטען, האָט שטענדיג געפרישטיגט אין דערהיים און נאָר אין אָוועגד פלעגט ער זיך ווייזען אין דער געזעלשאַפט פון זיינע פריינד, האָט זי טאַקי איצט אָנגעהויבען איינלאַדען דעם מאַרקיז צום פרישטיג. פלעגט ער קומען אַ צוהיצטער פון דורכרייטען זיך, אָנגעזאַפּט מיט'ן ריח פון דער פרישער פרימאָרגענלופט, און אַ צולעבטקייט פלעגט ער זייהען אַרום זיך. און פרעהליך פלעגט ער דערצעלען פון פערשידענע צופאַלען פון וועלטליכען לעבען, פון די קלאַנגען, וואָס טראָגען זיך אַרום אין דער לופט הערבסט-צייט, בשעת אויף די אַלעען פון בולאָנער וואַלד זעהט מען פאַ-ריז פון פערדענספּאָרט און גרויסער וועלט. אַנעט האָט אים מיט פערגעניגען געהערט, פעראינטערעסירט מיט זיין אַלטעגליכען צייט-פערוויילען, וועגען וועלכען ער האָט איר געקאָנט דערצע-לען, אָנשטעקענדיג זי מיט זיין היץ און גלאַנץ. ביסלעכווייז זע-נען צווישען זיי איינגעשטעלט געוואָרען אינטימע צאַרטע חבר'-ליכע בעציהונגען. בעזונדערס האָט זיי פעראייניגט די הייסע ליבע צו פערד. אַז דער מאַרקיז פלעגט אַוועקגעהן, פלעגט די גרעפין און דער גראַף אים קוגציג לויבען. זיי האָבען זיך גע-סטאַרעט געבען צו פערשטעהן דעם יונגען מיידעל, אַז דאָס חתונה-האָבען מיט אים ווענדט זיך אויסשליסליך אָן איר, אויב ער געפעלט איר.

איבעריגענס, האָט זי עס אַליין גאַנץ שנעל דערשפירט. זי האָט נאַאיוו געטראַכט, אַז עס איז נישטאָ קיין פשוט'ערע זאַך, ווי נעמען פאַר אַ מאַן דעמדאָזיגען שענעם יונג, וואָס וועט צו-פרידענשטעלען אַלע אירע געשמאַקען און וועט איר אויך דער-לויבען דאָס, וואָס איז איר טייערער געוועזן פון אַלץ אין דער וועלט: אַלע טאָג צוזאַמען מיט אים פאַרעז רייטענדיג אויף אַ גוטען פערד.

דאָס האָט נאַטירליך געבראַכט צו דעם, אַז אין איין שע־בעם טאָג זענען זיי עפֿענטליך געוואָרען חתן־כלה. זיי האָבען זיך געדריקט די הענט, געשמייכעלט און וועגען זייער חתונה האָט מען גערעדט, ווי וועגען אַ בעשלאָסענער זאַך. נאָכדעם פֿלעגט קומען דער מאַרקיז מיט מתנות. איצט האָט זיך בעצויגען די הערצאָגין צו אַנעט, ווי צו אַנ׳אייגענער טאָכטער.

און געשעהן איז דאָס אַלץ זעהר שנעל, אין די אינטימע רוהיגע פֿרימאָרגענוויזיטען. דער מאַרקיז, וואָס האָט געהאַט אַ סך בעשעפֿטיגונגען, פֿערקערונגען, פֿליכטען און התחייבות׳ן, פֿלעגט זעלטען קומען אין אָוועגד.

אין אָוועגד פֿלעגט קומען אָליוויע. איין מאָל אין וואָך פֿלעגט ער געוועגליך מיטאָגען ביי זייגע פֿריינד, אָבער ער פֿלעגט קומען אָפֿט און אין מאַנכע טעג—צווישען ניין און צוועלף, אויסצוטרינקען ביי זיי אַ טעצעל טיי.

באַלד ווי ער פֿלעגט אַריין, פֿלעגט איס די גרעפֿין אָנהוי־בען נאָכשפּירען—זי האָט פֿיינליך געוואָלט וויסען, וואָס געשיהט אין זיין האַרץ. נישט געווען ביי אים קיין איין בליק, קיין איין בעוועגונג, וואָס זי זאָל נישט אויסטייטשען באַלד אויף איר שטייגער, און איר האָט נאָכאַנאַנד געפּייניגט דער געדאַנק: „עס קאָן נישט זיין, אַז ער זאָל זי נישט ליבען, ווען ער זעהט אונז צוזאַמען”.

דער קינסטלער האָט אויך געבראַכט מתנות. נישט אַוועק קיין וואָך, ער זאָל נישט קומען מיט צוויי קליינינקע פּעקעלעך אין די הענט—איינס פֿאַר דער מוטער, דאָס צווייטע פֿאַר דער טאָכטער, און ביי דער גרעפֿין פֿלעגט זיך צוזאַמענדריקען דאָס האַרץ, בשעת זי פֿלעגט עפֿענען דאָס קעסטעלע, וואו זי פֿלעגט עפּטער געפֿינען אַ קאָסטבאַרע זאַך. איר איז גוט בעקאַנט געווען די־דאָזיגע בעדערפֿעניש צו שענקען, וואָס זי, ווי אַ פֿרוי, האָט עס קיינמאָל נישט געקאָנט טאָן, דידאָזיגע בעדערפֿעניש עפּיס צו ברענגען, דערפֿרעהען, קויפֿען וואָס פֿאַר אַ צווייטען, אויסקלויבען עפּיס אין אַ געשעפֿט.

אַמאָל, פֿריער האָט דער קינסטלער איבערגעלעבט דעמזעל־

בען צושטאַנד. דעמאָלט האָט זי אַזויפיל מאָל געזעהן, ווי ער פלעגט קומען פונקט אַזוי ווי איצט, אויך אַזוי שמייכלען און אין האַנט האָט ער געהאַט אַ קליינטשיק פעקעלע. דערנאָך איז דידאָזיגע ליידענשאַפט צו שענקען אַוועק און איצט זיך ווידער דערוועקט. וועמען האָט ער געשענקט? זי האָט קיין שום ספק נישט געהאַט. נישט איר!

ער האָט אויסגעוויזען מיד, אויסגעמאָגערט. דערפון האָט זי בעשלאָסען, אַז ער ליידט. זי האָט פערגלייכט זיין קומען, זיין אויסדרוק פון געזיכט, זייגע מאַנירען — מיט די מאַנירען פון מאַרקיז, אויף וועלכען עס האָט, אפנים, אויך גענומען ווירקען אַנעטס שענקייט. אָבער ווי פערשידען זיי האָבען זיך געהאַלטען. דער מאַרקיז דע-פאַראַנדאַל איז געווען פערליבט. אָליוויע בער-טען האָט ליב געהאַט! אַזוי, לפחות, האָט זי געטראַכט אין די שעה׳ן פון אַנגסט, און דערנאָך, בשעת עס פלעגען קומען די מינוטען פון בערוהיגונג, פלעגט זיך איר דאַכטען, אַז זי נאַרט זיך.

ווי אָפט, בשעת זי פלעגט פערבלייבען אַליין מיט אים, פלעגט זיך איר וועלען אים פונאַנדערפרעגען, בעטען, נישט אָפּ-לאָזען, ער זאָל איר אַלץ זאָגען, זיך מודה-זיין אין אַלץ, גאָר-נישט פערבאָרגען פון איר. איר האָט זיך געדאַכט, אַז עס וואָלט געווען בעסער צו וויסען אַלץ, בעווייגען דעם ביטערן אמת, איידער צו פייניגען זיך דורך ספקות און פיהלען, אַז זיין האַרץ איז פאַר איר פערשלאָסען געוואָרען און אַז אין אים — איצט איז זי דערין זיכער געווען — וואַקסט אַנ׳אַנדער ליבע.

זיין האַרץ איז איר טייערער געווען פון לעבען. זי האָט עס אָבגעהיט, דערוואַרימט, איינגעהילט אין איר צערטליכקייט אין אַ משך פון צוואַנציג יאָר. זי איז שוין גאָר זיכער געווען, אַז זי האָט עס געהאַט, אַז עס געהערט איר אינגאַנצען, אַז עס איז בעזיגט, אונטערדריקט, ליידענשאַפטליך איר איבערגעגעבען ביז׳ן סוף פון זייער לעבען. און פּלוצלונג ווערט פערשוואונדען פון איר דאָסדאָזיגע האַרץ — אַזוי וויל דער מזל, דער אונפער-שטענדליכער, דער שרעקליכער, דער מאוים׳דיגער שיקזאַל. יאָ,

דאָסדאָזיגע האַרץ איז פּלוצלונג פערשלאָסען געוואָרען און פער־באָרגען אין זיך אַ סוד. איצט האָט זי שוין נישט געקאָנט אַריינ־דרינגען אין אים מיט איין פריינדליך־אינטימען וואָרט, עס איז איר שוין נישט מער געווען אַ טרייע היים פאַר אירע געפיהלען, אַ היים, וואָס איז נאָר געווען אָפען פאַר איר. צו וואָס ליבען, צו וואָס זיך איבערגעבען אינגאַנצען, ווען יענער, צו וועלכען עס האָט געהערט איר גאַנץ וועזען, איר גאַנץ לעבען, אַלץ, וואָס זי האָט געהאַט אויף דער וועלט, קאָן פּלוצלונג אַוועק בלויז דער־פאַר, ווייל אים איז געפעלען געוואָרען אַן'אַנדער געזיכט, און אין עטליכע טעג איז ער כמעט אַ פרעמדער געוואָרען!

אַ פרעמדער! ער, אָליוויע? גערעדט האָט ער מיט איר ווי פריער: דיזעלבע ווערטער, דערזעלבער קול, דיזעלבע אינטאָ־נאַציע. און דאָך איז עפּיס געשטאַנען צווישען זיי, עפּיס אונ־פערשטענדליכעס, וואָס לאָזט זיך נישט כאַפּען, וואָס לאָזט זיך נישט בעזיגען, עפּיס, כמעט ווי גאָרנישט, אָבער דאָסדאָזיגע כמעט איז געווען, ווי אַ לייכט ווינטעלע, וואָס איז גענוג, אַז דער געהאָרזאַמער זעגעל זאָל זיך פּלוצלונג נעמען דערווייטערן.

און ער האָט זיך דערווייטערט, מיט יעדען טאָג זיך אַלץ מער דערווייטערט פון איר. ער איז אַוועק פון איר, און יעדער בליק, וואָס ער האָט געוואָרפען אויף אַנעט, האָט פערגרעסערט צווישען זיי דעם שטח. ער אַליין האָט זיך נישט געסטאַרעט צו פערשטעהן זיין האַרץ. ער האָט דייטליך געפיהלט, ווי עס צו שפּרייטען זיך אין זיין נשמה די וואָרצלען פון אַ נייער ליבע, ווי ער ווערט בעהערשט פון אַ שטאַרקען געפיהל, אָבער ער האָט זיך דערין נישט געוואָלט אָבגעבען קיין רעכנונג; ער האָט זיך אָבגעגעבען דעם שטראָם פון געשעהענישען, דעם נישט־פאָרגע־זעהענעם שפּיל פון צופאַל.

ער האָט נאָר געלעבט מיט'ן געדאַנק וועגען די שעה'ן צווישען מיטאָג און אָוועגד, ווען ער האָט פערבראַכט צווישען ביידע פרויען. וואָס האָבען איצט, צוליב'ן טרויער, זיך נישט בעטייליגט אין וועלטליכען לעבען. טרעפען פּלעגט ער דאָרט מענשען, צו וועלכע ער איז געווען גלייכגילטיג, עפּטער די קאָר־

בעלס און מיוזאַדיע׳ן און אים האָט אָנגעהויבען אויסצעווייזען, אַז אויסער אים און זיי עקזיסטירט קיינער נישט, און אַזוי ווי ער פלעגט דאָ נישט טרעפען נישט די הערצאָגין, נישט דעם מאַרקיז, וואָס פלעגען איינגעלאַדען ווערען אינדערפרי און ביי-טאָג, האָט ער זיך געסטאַרעט צו פערגעסען זיי און גערעכענט, אַז די חתונה איז אָבגעלעגט געוואָרען אויף אַנ׳אונבעשטימטע צייט.

איבעריגענס, האָט אַנעט קיינמאָל אין זיין געזעלשאַפט נישט גערעדט פון פאַראַנדאַל׳ן. צי איז דערין געלעגען אינ-סטינקטיווע שעמעריי אָדער אפשר איז דאָ געווען איינע פון יע-נע געהיימע אינטואיציעס פון אַ פרויענהאַרץ, וואָס פערהעלפט זיי צו פערשטעהן דאָס, וואָס זיי ווייסען נישט?

וואָכען זענען געגאַנגען נאָך וואָכען, דאָס לעבען האָט גע-פלאָסען, ווי פריער, געקומען הערבסט און צוזאַמען דערמיט האָט זיך דערנענטערט די עפענונג פון דער פאַלאַטע, וואָס איז אין דעם יאָר בעשטימט געוואָרען פריער, ווי געוועגליך, צוליב פער-שידענע פאָליטישע אומשטענדען.

אין דעם טאָג, ווען עס איז בענייט געוואָרען די סעסיע פון פאַרלאַמענט, האָט דער גראַף דע-הילערואַ צוגעזאָגט צו בע-מען אויף דער זיצונג פון פאַלאַטע די פרוי דע-מאַרטעמען, דעם מאַרקיז און אַנעט. בלויז די גרעפין, איינזאַם אין איר טריבער שטימונג, וואָס האָט איר אַלץ שטאַרקער בעהערשט, האָט געזאָגט, אַז זי פערבלייבט אין דערהיים.

מען האָט זיך נאָר-וואָס אויפגעהויבען פון טיש, געטרונ-קען קאַווע אין דעם גרויסען גאַסטצימער און עס איז געווען פרעהליך. דער גראַף, גליקליך דערמיט, וואָס עס הויבט זיך אָן די אַרבייט פון פאַרלאַמענט, וואָס איז געווען די איינציגע פרייד פון זיין לעבען, איז געווען שטאַרק אויפגעלעגט און זעהר שען גערעדט וועגען דער פאָליטישער לאַגע און די בעשווערינגונגען פון דער רעפּובליק. דער מאַרקיז, אינגאַנצען פערליבט, האָט אים היציג געענטפערט און געקוקט אויף אַנעט; און די הערצאָגין איז כמעט אין אַ גלייכען אופן געווען צופרידען מיט די געפיהלען פון

איר פּלימעניק און דער קריטישער לאַגע פון דער רעגירונג. אין זאַל איז געווען וואַרים מיט יענער ערשטער וואַרימקייט פון די נאָר-וואָס אויסגעהייצטע אויוונס פאַר דעמדאָזיגען הערבסט און פון זיי זענען דערוואַרימט געוואָרען די געוועבען, די טעפּיכען, די ווענט; אין דערדאָזיגער אַטמאָספערע האָט זיך שנעל אויס-געדאַמפּט דער אַראָמאַט פון די אָבגעשטאָרבענע בלומען. אין דעמ-דאָזיגען פערמאַכטען צימער, וואו עס האָט זיך אויך שטאַרק גע-לאָזט הערען דער ריח פון קאַווע, האָט זיך געשפּירט עפּיס אַנ׳אינטימע גוטמוטיגקייט, בשעת די טיר האָט זיך פּלוצלונג געע-פענט פאַר אָליוויע בערטען.

ער איז געבליבען שטעהן אויפ׳ן שוועל אַזאַ מטושטש׳ער, אַז ער האָט זאָגאַר געצווייפעלט, צי זאָל ער געהן ווייטער. ער איז געווען צוטרויסעלט, ווי אַ מאַן, וואָס האָט געכאַפּט די פּרוי אויפ׳ן אָרט פון פערברעכען. עפּיס אַ נישט-קלאָרער כעס און אַנ׳-אויפרעגונג האָט אים געשטיקט און ער האָט מיט אַמאָל פער-שטאַנען, ווי שטאַרק די ליבע האָט אים צוריסען דאָס האַרץ. אַלץ, וואָס מען האָט פון אים פערבאָרגען, און אַלץ, וואָס ער האָט פערבאָרגען אַליין פון זיך, איז אים מיט אַמאָל קלאָר געוואָ-רען, באַלד ווי ער האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויפ׳ן מאַרקיז, וואָס האָט זיך דאָ אין הויז איינגעאָרדענט אַלס חתן.

אין דער קלאָרקייט פון פערצווייפלונג האָט ער פערשטאַ-נען דאָס אַלץ, וואָס ער האָט נישט געוואָלט וויסען און וואָס מען האָט זיך אים נישט בעשלאָסען צו זאָגען. ער האָט זיך שוין נישט געפרעגט, פאַרוואָס האָט מען פערבאָרגען פון אים די הכנות צו דער חתונה, ער האָט שוין איצט אַלץ געוואוסט. און זיינע אויגען, וואָס האָבען אויסגעדריקט אכזריות, האָבען זיך בע-געגענט מיט דער גרעפינס אויגען. זי איז רויט געוואָרען. זיי האָבען איינאַנדער פערשטאַנען.

בשעת ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, איז אויף עטליכע מי-נוט שטיל געוואָרען. דאָס, וואָס ער איז פּלוצלונג געקומען, האָט פּאַראַליזירט דעם עולם׳ס רייד; דערנאָך האָט די הערצאָגין פער-פירט אַ שמועס מיט אים, און געענטפערט האָט ער איר אָבגע-

האַקט, מיט עפּיס אַ פרעמדער אינטאָנאַציע, מיט אַ מאָדנעם קול, גישט זיינעם. ער האָט געקוקט אויף די מענשען, וואָס האָבען אים אַרומגערינגעלט און וואָס האָבען איצט' בעגייט דעם איבערגע-האַקטען געשפּרעך, און ער האָט זיך געזאָגט: „זיי האָבען מיך אָבגענאַרט. זיי וועלען מיר בעצאָלען דערפאַר." מער פון אַלץ איז ער געוועזען אין כעס אויף דער גרעפין און אויף אַנעט, וואָס איר געמאַכטע אונשולדיגקייט האָט ער איצט פערשטאַנען.

דער גראַף האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן זייגער און אויסגע-שריען:

—אָ, מען בעדאַרף פאָרען!

דערנאָך זיך געווענדט צום קינסטלער און געזאָגט:

—מיר ווילען פאָרען אויף דער עפענונג פון דער פּאַרלאַ-מענטססעסיע. מיין פרוי בלייבט אין דערהיים. אפשר זענט איר אויך אַ בעלן דערויף? איר וואָלט מיר פערשאַפט גרויס פערגע-ניגען דערמיט.

אָליוויע האָט טרוקען געענטפערט:

—ניין, אַ דאַנק. אייער פּאַלאַטע ציהט מיך נישט.

דעמאָלט איז אַנעט צוגעגאַנגען צו אים און גענומען אים פרעהליך איינבעטען:

—נו, קומט אויך, טייערער לערער. איך בין זיכער, אַז איר וועט אונז בעסער וויילען, איידער די דעפּוטאַטען.

—ניין, אייך וועט זיין פרעהליך אויך אָהן מיר.

עטליכע ווערטער האָבען זיך אים אַרויסגעריסען אַזוי שנעל, אַז ער האָט נישט בעוויזען זיי איינצוהאַלטען, אָדער צו ענדערן די אינטאָנאַציע.

—באַ! איר וועט זיך אויך אַזוי בעגעהן אָהן מיר, ווי אַלע איבעריגע.

געטראָפען פון זיין טאָן, האָט זי אויסגעשריען:

גאָר אַזוי! איצט זאָגט ער שוין מיר נישט מער „דו."

אויף זיינע ליפּען האָט זיך בעוויזען אַ קרומער שמייכעל, וואָס האָט אויסגעגעבען זיין גאַנצען אינערליכען וועהטאָג, און, לייכט פערנויגט, האָט ער געזאָגט:

—ברויך איך מיך דאָך אַמאָל אָבגעוועגען דערפון.

—פאַרוואָס?

—ווייל איר וועט התונה-האָבען, און אייער מאַן, ווער ער זאָל נישט זיין, וועט אויסווייזען נישט פאַסיג, ווען איך וועל מיך ווענדען צו אייך אויף „דו".

די גרעפין האָט געאיילט צו זאָגען:

עס איז נאָך צייט וועגען דעם צו טראַכטען. אָבער איך פערהאָף, אַז אַנעט וועט נישט התונה-האָבען מיט אַזאַ איינעם, וואָס וועט זיין אַזוי קליינליך, אַז אים וועט שאָקירען די קליי-ניטשקע פאַמיליאַריטעט פון אַן׳אַלטען פריינד.

דער גראַף האָט אויסגעשריען:

—שוין צייט, צייט אין וועג אַריין! מיר וועלען פער-שפעטיגען!

און אַלע, וואָס האָבען בעדאַרפט געהן מיט אים, האָבען זיך אויפגעהויבען און אַרויסגעגאַנגען, דריקענדיג דער גרעפין די האַנט און קושענדיג זיך מיט איר: די הערצאָגין, די גרעפין און איר טאָכטער האָבען זיך שטענדיג געקושט ביים בעגעגענען און ביים שיידען זיך.

זיי זענען געבליבען אַליין. ביידע זענען געשטאַנען פאַר דער גאָר-וואָס פערמאַכטער טיר.

—זעצט זיך, מיין פריינד,—האָט זי שטיל געבעטען

אָבער ער האָט כמעט גראָב געענטפערט:

—ניין, איך דאַנק, איך געה אויך אַוועק.

זי האָט שטיל און פיינליך געפרעגט:

—פאַרוואָס?

—דערפאַר, ווייל דידאָזיגע שעה׳ן זענען, אפנים, נישט פאַר מיר. איך ענטשולדיג מיך פאַר אייך, וואָס איך האָב מיך דער-לויבט צו קומען און אייך פריער נישט אָנגעזאָגט.

—אָליוויע, וואָס איז מיט אייך?

—קיין זאַך נישט. עס טוט מיר נאָר באַנג, וואָס איך האָב געשטערט דאָס פערגעניגען, וואָס איז נאָך, אפנים, פריער צוגע-גרייט געוואָרען.

—איך פערשטעה אייך נישט. איר זענט געקומען אין דעם מאָמענט, בשעת זיי האָבען בעדאַרפט אַוועקגעהן. מען האָט בע-שלאָסען צו געהן היינט אויף דער עפענונג פון דער סעסיע. איך האַלט נישט ביים געהן אַהין. פערקערט, אַ גליקליכער געדאַנק איז אייך איינגעפאַלען צו קומען דוקא היינט, ווען איך בין אַליין.

ער האָט מיט חוזק איבערגע'חזר'ט:

—מיר איז טאַקי איינגעפאַלען אַ גליקליכער געדאַנק.

זי האָט אים אָנגענומען פאַר ביידע הענט, טיף אים אַריינגעקוקט אין די אויגען אַריין און זעהר שטיל אַרויסגע-שעפטשעט:

—אָנערקענט, אַז איר האָט זי ליב...

ער האָט בעפרייט זיינע הענט און מער נישט געווען אים-שטאַנד זיך איינצוהאַלטען פון פערדרוס.

—אָבער איר זענט משוגע אויף דעמדאָזיגען געדאַנק!

זי האָט אים פון דאָסניי געכאַפּט פאַר די הענט, און, האַלטענדיג אים מיט די פינגער פאַר די אַרבעל, האָט זי אים שטאַרק געבעטען:

—אָליוויע, זאָגט, זאָגט! בעסער לאָמיך וויסען אַלץ! איך בין זיכער דערין, אָבער איך וואָלט געוואָלט עס וויסען! באַר וויסען!... אָ, איר פערשטעהט נישט, אין וואָס עס האָט זיך פער-וואַנדעלט מיין לעבען!

ער האָט געדריקט מיט די אַקסלען:

—וואָס ווילט איר פון מיר? בין איך דען שולדיג דערין, וואָס איר פערלירט דעם קאָפּ?

האַלטענדיג אים פאַר די הענט, האָט זי אים געצויגען אין דעם צווייטען אויפנאַמצימער, וואָס איז ווייטער פון דעם, און דאָרט האָט מען זיי נישט געקאָנט אונטערהערען. זי האָט אים גע-שלעפּט פאַר די אַרבעל, זיך געדריקט צו אים מיט אַ פערהאַק-טען אָטעם. בשעת איר איז געלונגען צוצופירען אים צו דעם קליינינשקען קיילעכיגען דיוואַנדל, האָט זי אים מיט אַלע כחות אַנידערגעזעצט און דערנאָך זיך אַליין געזעצט נעבען אים.

—אָליוויע, מיין פריינד, מיין איינציגער פריינד, זאָגט מיר, אַז איר האָט זי ליב. איך ווייס עס, איך פיהל עס אין יעדער טאָט איירער. איך האָב קיין שום צווייפעל נישט דערין, איך שטאַרב דערפון, אָבער איך וויל עס האָבען פון אייערע ליפען!

פיהלענדיג, אַז ער וויל זיך וועהרען געגען דעם, האָט זי זיך אַראָבגעלאָזט אויף די קני ביי זיינע פיס, איר קול פלעגט איבערגעהאַקט ווערען:

—אָ, מיין פריינד, מיין איינציגער פריינד, איז עס וואָר, אַז איר האָט זי ליב?

ער האָט זיך געפּרובט אויפהויבען און אויסגעשריען:

אָבער ניין, ניין, איך שווער אייך, אַז ניין!

זי האָט אויסגעצויגען די האַנט צו זיינע ליפען, צוגעדריקט זי צו זיין מויל, נישט צו לאָזען אים ריידען און אַרויסגע־מורמעלט:

—אָ, לייגט נישט, וואָרום איך לייד צופיל!

דערנאָך, אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ אויף זיינע קני, זיך פו־נאַנדערגעוויינט.

ערשט איצט האָט ער דערזעהן איר היינטערשטען מייל קאָפּ און די בלאָנדע האָר, צוזאַמענגעמישט מיט אַ סך ווייסע פעדימלעך און אים איז בעפאַלען אַ שרעקליכער רחמנות, אַ מורא׳דיגע בענקשאַפט.

אָנגערירט מיט די פינגער דידאָזיגע שייערע האָר, האָט ער זי מיט געוואַלט אויפגעהויבען און צוגעצויגען צו זיך, געקוקט איר אין די פערטרערטע און פערצווייפעלטע אויגען אַריין, צו וועלכע ער האָט צוגעפּרעסט זיינע ליפען און געקושט זיי און גע׳חזר׳ט:

—אַני, אַני! מיין טייערע, טייערע אַני!

זי האָט געענטפערט, געפּרובט שמייכלען און דער קול האָט איר געציטערט, ווי ביי קינדער, בשעת זיי ווילען עפּיס זאָגען דורך טרערען:

—אָ, מיין פריינד, זאָגט מיר נאָר, אַז איר ליבט מיך עטוואָס אויך, מיך

ער האָט זי ווידער אַרומגענומען:

—יאָ, איך האָב אייך ליב, מיין טייערע אַני!

די האָט זיך אויפגעהויבען, זיך אַנידערגעזעצט נעבען אים, גענומען אים ווידער פאַר די הענט, אַ קוק געטאָן אויף אים און צאַרט געזאָגט:

—מיר ליבען דאָך איינאַנדער אַזוי לאַנג. אַזוי האָט זיך עס נישט געטאָרט ענדיגען.

צוגעדריקט זי צו זיך, האָט ער געפרעגט:

—אָבער פאַרוואָס בעדאַרף זיך עס ענדיגען?

—ווייל איך בין אַלט, און אַנעט איז צו־ענליך צו מיר, ווי איך האָב אויסגעזעהן, בשעת מיר האָבען זיך בעקאָנט.

איצט האָט ער מיט די פינגער פערהאַלטען איר דאָס מויל, זי זאָל נישט ריידען, און געזאָגט:

—שוין ווידער! איך בעט אייך, נישט רעדט מער וועגען דעם! איך שווער אייך, אַז איר האָט אַ טעות.

זי האָט ווידער איבערגע׳חזר׳ט:

—איר זאָלט מיך כאָטש ליב האָבען עטוואָס!

און ער האָט פון דאָסניי געענטפערט:

—יאָ, איך האָב אייך ליב!

זיי זענען לאַנג געזעסען שווייגענדיג, איינאַנדער די הענט געהאַלטען, אויפגערעגטע און טרויעריגע.

צולעצט, האָט זי איבערגעריסען דאָס שווייגען און אַרויס־געשעפּטשעט:

—אַך, די טעג, וואָס זענען נאָך געבליבען צו לעבען, וועלען זיין נישט קיין פרעהליכע.

—איך וועל מיך סטאַרעט צו בעשענען זיי אייך.

אין צימער האָבען זיך געלעגט טונקעלע שאָטענס פון די וואָלקען, וואָס האָבען פערשטעלט דעם הימעל; דער אָווענד האָט זיך גערוקט. דער גרויער נעבעל פון אַ הערבסטאָוועגד האָט זיי אונבעמערקט פערה״לט.

דער זייגער האָט געשלאָגען.

—מיר זיצען דאָ לאַנג,—האָט זי געזאָגט—איר בעדאַרפט

אַוועקגעהן, ווייל מען קאָן נאָך קומען און מיר האָבען זיך נישט געזעגנט בעהע־שט.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, אַרומגענומען זי, אַ קוש גע-טאָן, ווי פריער, איר האַלב אָפען מויל און דערנאָך זענען זיי דורכגעגאַנגען ביידע גאַסטצימערן, האַלטענדיג איינאַנדער אונטער די הענט.

—אַדיע, מיין פריינד.

—אַדיע, מיין טייערע.

און די טיר האָט זיך צוגעמאַכט הינטער אים.

ער איז אַראָב פון די טרעפּ, אַוועק מיט דער גאַס מאַ-דעלען און אָהן שום ציל געגאַנגען, נישט-וויסענדיג, וואָס ער טוט, פּונקט ווי ער וואָלט בעטויבט געוואָרען פון אַ פּלעצליכען קלאַפּ. די פיס זענען אים אונטערגעהאַקט געוואָרען, דאָס האַרץ האָט געברענט און געציטערט, פּונקט ווי עס וואָלט געווען אַרומ-געכאַפּט פון אַ פייער. אַ שעה צוויי, דריי און אפשר פיר איז ער אַרומגעגאַנגען אָהן שום ציל, אין עפּיס אַ גייסטיגען פּאַראַליטש און אין אַזאַ אָבגעשוואַכטקייט, אַז ער האָט נישט געקאָנט בע-וועגען די פיס. דערנאָך איז ער אַוועק צו זיך, צו בעטראַכטען זיין לאַגע.

האָט ער, אַלזאָ, געליבט דאָס מיידעלע! איצט האָט ער פערשטאַנען אַלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט נעבען איר, אָנ-געהויבען פון׳ם שפּאַציר אין מאָנסאָפּאַרק, בשעת ער האָט פון אירע ליפּען דערהערט אַנ׳אַנדער קול, וואָס ער האָט לכתחלה קוים דערקאָנט. דערדאָזיגער קול האָט אַזוי ווי דערוועקט זיין האַרץ. און לאַנגזאַם און שטאַרק האָט אין אים פון דאָסניי אָנ-געהויבען ברענען דאָס פייערל פון ליבע, וואָס איז נאָך נישט אויסגעלאָשען געוואָרען, נאָך נישט אָבגעקיהלט געוואָרען.

וואָס זאָל ער, אַלזאָ, טאָן? אָבער וואָס האָט ער געקאָנט טאָן? אַז זי וועט חתונה-האָבען, וועט ער זיך סטאַרען אויסצו-מיידען מיט איר אָפטע בעגעגענישען—דאָס אינגאַנצען. דערוויייל אָבער וועט ער, ווי פריער, קומען צו זיי אין הויז, כדי עס זאָל

נישט זיין פערדעכטיג. ער האָט בעשלאָסען נישט אויסגעבען קיי־
נעם זיין סוד.

ער האָט געמיטאָגט אין דערהיים, אַזאַך, וואָס איז מיט
אים פריער קיינמאָל נישט געשעהן. דערנאָך האָט ער געהייסען
איינהייצען דעם גרויסען אויוועז אין דער אַטעליע, ווייל די
נאַכט האָט געזאָלט זיין אַ קאַלטע. ער האָט זאָגאַר געהייסען אָנ־
צינדען די לוסטרע, פונקט ווי ער וואָלט זיך געשראָקען פאַר
טונקעלע ווינקלען און זיך דערנאָך פערשלאָסען. עס האָט אים
פערפעלט אָטעם פון עפּיס אַנ׳אויסטערלישער, טיפער, כמעט פי־
זישער שפּירונג, וואָס איז געווען אונגעהויער טרויעריג. עפּיס אַנ׳־
אומעט האָט אים געדריקט דעם האַלז, די ברוסט, אַריינגעדרונ־
גען אין די מוסקולען, וואָס זענען פּלוצלונג אָבגעשוואַכט געוואָרען,
אין דער נשמה אַריין, וואָס איז געווען אָנגעגאָסען מיט מרה־
שחורה. אים האָבען געדריקט די ווענט פון דערדאָזיגער אַטעליע,
וואו עס איז אַדורכגעגאַנגען זיין גאַנץ לעבען, דאָס לעבען פון
אַ קינסטלער און דאָס לעבען פון אַ מענשען. יעדער פון די עטיו־
דען, וואָס זענען געהאַנגען אויף די ווענט, האָט אים גערעדט
פון עפּיס אַ דערגרייכטען ערפאָלג, יעדע זאַך פון מעבעל איז גע־
ווען פערבונדען מיט עפּיס אַנ׳ערינערונג. אָבער די ערפאָלגען
און די ערינערונגען האָבען גערעדט פון עבר. זיין לעבען? איצט
האָט עס אים אויסגעוויזען שטיל, פּוסט און גלייכצייטיג פול מיט
האַוועניש און שמאַיעניש. ער האָט געמאָלט בילדער, בילדער,
דאָס גאַנצע לעבען בילדער און געליבט איין פרוי. ער האָט זיך
דערמאָנט אָן די אָווענדען, וואָס ער האָט, נאָכ׳ן זעהן זיך מיט
איר, פערבראַכט דאָ, אין דער אַטעליע, אין אַ געהויבענער שטי־
מונג. אַ גאַנצע נאַכט פלעגט ער אומגעהן איבער דער אַטעליע
און זיין גאַנץ וועזען האָט געציטערט פון אַ פיבערדיגער געהוי־
בענער שטימונג. די פרייד פון אַ גליקליכער ליבע, די פרייד פון
ערפאָלג אין דער געזעלשאַפט, יענע איינציגע פער׳שכור׳ונג, וואָס
דער רום גיט, האָט אים געצוואונגען איבערצולעבען אונפער־
געסליכע מינוטען פון תענוג, פון אינערליכען נצחון.

ער האָט ליב געהאַט אַ פרוי און די פרוי האָט אים ליב

געהאַט. זי האָט אים אַריינגעפירט אין דער געהיימער וועלט פון ליבע און צערטליכקייט. זי האָט כמעט איבער געוואָלט געעפענט זיין האַרץ און איצט האָט זיך עס שוין מער נישט געקאָנט צו־מאַכען. און געגען זיין ווילען איז דורך דערדאָזיגער עפענונג אַריינגעדרונגען אַן׳אַנדער ליבע. ניין, נישט קיין אַנדערע. אַלץ דידאָזיגע! דאָס נייע פנים׳ל האָט זי בלויז אָנגעצונדען מיט נייעם און שטאַרקען פייער און די אייגענשאַפט פון אַן׳עלטערן מענשען צו פערגעטערן, צו פערהייליגען האָט צוגעגעבען דער ליבע אַ קראַפט, וואָס ער האָט נאָך גאָרנישט איבערגעלעבט ביז איצט.

האָט ער, אַלזאָ, געליבט דאָסדאָזיגע מיידעלע. נישטאָ זיך וואָס צו ראַנגלען, שטעלען זיך געגען, אָבלייקענען דידאָזיגע לי־בע, וואָס איז פול פערצווייפלונג. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט אפילו נישט בעקומען קיין טראָפּעלע מיטלייד, אַז זי וועט קיינמאָל נישט וויסען פון זיין פיין, און אַז אַן׳אַנדערער וועט חתונה־האָבען מיט איר. דערדאָזיגער געדאַנק, צו וועלכען ער האָט זיך אַלץ ווידער און ווידער אומגעקערט און וואָס ער איז אים נישט געווען בכח צו פערייאָגען, האָט דערוועקט אין אים עפּיס אַ חיה׳שען פערלאַנג צו וואָיען, ווי עס וואָיען הינט אויפ׳ן קייט, און ער האָט זיך געשפירט מאַכטלאָז, פערשקלאַפט, געבונדען, ווי זיי. די צורודערונג פון זיינע נערווען איז אַלץ געוואַקסען, צו־זאַמען מיט זיין פערטיפען זיך אין דידאָזיגע געדאַנקען, און מיט ברייטע טריט האָט ער געמאָסטען די גרויסע אַטעליע, וואָס איז געווען בעלויכטען פונקט ווי צו אַ יום־טוב. מחמת דער וועהטאָג פון וואונד, אין וועלכער ער האָט זיך נאָר־וואָס געגריבעלט, איז געוואָ־רען אונדערטרעגליך, האָט זיך אים געוואָלט זי בערוהיגען מיט דער ערינערונג פון דער געוועזענער ליבע, פערהיליען זי מיט די בילדער פון זיין איינציגער גרויסער צוגעבונדענקייט. ער האָט אַרויסגענומען פון שאַנק אַ בעהאַלטענע קאָפּיע, וואָס ער האָט אַמאָל פאַר זיך געמאַכט פון דער גרעפינס פּאָרטרעט, אַוועקגע־שטעלט זי אויפ׳ן מאָלבערט, אַוועקגעזעצט זיך אַנטקעגען לייוונט און גענומען בעקוקען. ער האָט זי געוואָלט זעהן, דערשפירען זי

אַ לעבעדיגע, אַזאַ, ווי ער האָט זי אַמאָל געליבט. אָבער אויפ'ן לייוועגט האָט ער, ווי פריער, געזעהן בלויז אַנעט'ן. דאָס בילד פון דער מוטער האָט זיך אויסגעדאַמפט, זיך צושפּרייט און אי- בערגעלאָזט דאָס אָרט פאַר אַנדערע שטריכען, וואָס זענען אַזוי משונה ענליך געווען צו איר. ער האָט געזעהן אַ יונג מיידעל מיט אירע האָר, עטוואָס העלער, מיט אַ שמייכעל,—עטוואָס קינ- דערשער, מיט אַנ'אויסדרוק פון געזיכט—עטוואָס חוזק'דיגער, ווי ביי דער מוטער. און ער האָט געפיהלט, אַז ער געהערט מיט'ן גאַנצען לייב און זעל דעמדאָזיגען יונגען וועזען און אַזוי קיינ- מאָל קיין צווייטען נישט געהערט; אַזוי געהערט די כוואַליעס אַ שיפעל, וואָס טרינקט זיך.

דעמאָלט האָט ער זיך אויפגעהויבען און, צו בעפרייען זיך פון דערדאָזיגער וויזיע, האָט ער איבערגעקערט דאָס לייוועגט; דערנאָך, דורכגעדרונגען מיט אונענדליכען טרויער, איז ער אַוועק צו זיך אין צימער און דאָרטען גענומען אַ שופלאָדל פון שרייב- טיש אין אַטעליע אַריין; אין שופלאָדל זענען געלעגען בעהאַל- טען די בריף פון זיין געליבטער. דאָ האָבען זיי גערוהט, ווי אויף אַ געלעגער, געלעגען, ווי אַ הייפעל דינע בלעטעלעך.

ער האָט בעריהרט מיט די הענט דידאָזיגע בלעטלעך, די- דאָזיגע פערשריבענע זייטלעך, וואָס האָבען גערעדט פון אים און פון איר און ער האָט זיך פערזונקען אין דידאָזיגע עדות פון זייערע לאַנגע בעציהונגען. ער האָט געקוקט אויף דער קליי- ניטשקער הילצערנער טרומנע מיט דער מענגע קאָנווערטען, וואו עס איז געווען געשריבען זיין נאָמען, שטענדיג בלויז זיין נאָמען, און ער האָט געטראַכט וועגען דעם, אַז אין דעמדאָזיגען בערגעל פאַפּיר, וואָס איז געל געוואָרען, נעסטיגט זיך אַ ליבע- דערצעלונג, אַ האַרציגע צוגעבונדענקייט צווישען צוויי מענשען און, אָנגענויגט זיך צום פּאַפּיר, האָט ער איינגעאָטעמט אַנ'אַל- טען טרויעריגען ריח פון די בריף, וואָס זענען געלעגען פער- שלאָסען.

ער האָט זיי געוואָלט פון דאָסניי לייענען און טיפער האָ[illegible] ער געזוכט אין שופלאָד און אַרויסבעקומען פון דאָרטען גאַ[illegible]

אַנ׳אַלט פּעקעל בריף. און אַז ער האָט זיי פונאַנדערגעעפענט, זענען אויפגעשטאַנען פאַר אים אַלטע דייטליכע אינטערעסאַנטע ערינערונגען. ער האָט דערקאַנט אַ סך בריף, וואָס ער האָט גאַנצע וואָכען געטראָגען מיט זיך, ער האָט דערקאַנט דעם דראָבנעם כתב, מיט וועלכען עס זענען אָנגעשריבען געוואָרען ווערטער, פול מיט אונענדליכער צערטליכקייט. לאַנג-פערגעסענע געפיהלען האָבען פון דאָסניי אויפגעלעבט אין זיין נשמה. פלוצלונג האָבען זיינע פינגער בערירט אַ דין אויסגענייהט טיכעל. וואָס איז דאָס אַזוינס? געקומען אויפ׳ן זכרון אַ פּאָר רגע׳ס און דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט! איינמאָל האָט זי אים עטוואָס געאויפערט און זיך צעוויינט ביי אים, און ער האָט איר אַוועקגע׳גנב׳עט דאָס טיכעל, דורכגעווייקט דורך טרערען, צו בעהאַלטען עס ביי זיך.

אַך, ווי דאָס אַלץ איז טרויעריג! ווי דאָס אַלץ איז טרויעריג! אָרימע!

פון דער טיפעניש פון דעמדאָזיגען שופלאָדל, פון דער טיפעניש פון זיין עבר זענען אויפגעשטאַנען ערינערונגען, ווי רויך. בלויז אַ נישט-ממשות׳דיג רויכל איז פערבליבען פון דער ווירקליכקייט, וואָס האָט זיך אויסגעדאַמפט און וואָס איז שוין נישטאָ. און דאָך האָט ער געליטען, בעוויינט דידאָזיגע בריף, ווי מען בעוויינט אַ טויטען דערפאַר, וואָס ער איז שוין מער נישטאָ.

אָבער די ערינערונגען פון דער געוועזענער ליבע האָבען פונאַנדערגעפלאַקערט אין זיין נשמה אַ נייע יונגע ליידענשאַפט, געעפענט אַ קוואַל פון אַנ׳אונגעהויערער צערטליכקייט, וואָס אין אים האָט דערוועקט אַנעטס ליכטיגע געשטאַלט. אין שטאַרקער ליבע האָט ער זיך פרייוויליג אונטערגעוואָרפען איר מוטער, און איצט האָט ער אָנגעהויבען ליבען דאָסדאָזיגע מיידעלע, ווי אַ קנעכט, ווי אַנ׳אַלטער קנעכט, וואָס מען שמידט אין קייטען, און ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט זיי שוין נישט צורייסען.

מיט זיין גאַנצען וועזען האָט ער עס געשפּירט און אָט דאָס בעוואוסטזיין האָט אים אָנגעפילט מיט שרעק.

ער האָט זיך געסטאַרעט צו פערשטעהן פאַרוואָס, ווי אַזוי ריִיט זי עס בעקומען איבער אים אַזאַ מאַכט. ער האָט דאָך זי

אַזוי ווייניג געקאָנט. זי איז דאָך נאָך אַ קינד, איר נשמה און הארץ זענען נאָך פערוויגט אין אַ האַלבקינדערשען שלאָף.

און ער האַלט דאָך איצט כמעט ביים סוף פון זיין לעבען! מיט וואָס פאַר אַ כשוף האָט אים דאָסדאָזיגע קינד פער׳כשופ׳ט—מיט עטליכע שמייכלען, מיט אירע לאָקען! אָ! די שמייכלען, די האָר פון דעמדאָזיגען העלבלאָנדען מיידעלע האָבען אין אים אַרויסגערופען פערלאַנגען צו פאַלען אויף די קני און שלאָגען מיט׳ן קאָפּ אָן דער ערד!

ווייסטו דען, קאָנסטו דען ווען-עס-איז וויסען, פאַרוואָס דאָס געזיכט פון אַ פרוי בעקומט איבער אונז פּלוצלונג די מאַכט פון גיפט? מיר טרינקען זי מיט די אויגען און זי ווערט אונזער געדאַנק, אונזער לייב. מיר זענען שכור מיט איר, מיר זענען משוגע, מיר לעבען מיט דערדאָזיגער געשטאַלט, וואָס האָט זיך בעזעצט אין אונז און מיר וואָלטען וועלען שטאַרבען מיט איר!

און וואָס פאַר אַליידען פערשאַפט דידאָזיגע אונדערקלערליכע מאַכט פון אַ פרויענגעזיכט איבער׳ן האַרץ פון אַ מאַנסביל!

אָליוויע בערטען האָט פון דאָסניי גענומען שפּאַצירען איבער׳ן צימער. געוואָרען נאַכט, אויסגעלאָשען געוואָרען דער אויוען. דורך די שויבען איז אַריינגעדרונגען די קעלט פון דער נאַכט. דעמאָלט האָט ער זיך געלעגט אין בעט אַריין. אָבער ביז אינדערפרי האָט ער אַלץ געטראַכט און געליטען.

ער האָט זיך פרי אויפגעהויבען און נישט געוואוסט פאַרוואָס, נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך; עס האָבען אים געשטויסען די אויפגערעגטע נערווען און ער האָט זיך געשפּירט נישט קרעפטיג, ווי אַ פלוגער, וואָס דרעהט זיך. *

ער האָט די גאַנצע צייט געזוכט עפּיס אַ ווייזלונג פאַר זיין מח, עפּיס אַ בעשעפטיגונג פאַר זיין קערפּער און זיך דערמאָנט, אַז פונקט אין דעמדאָזיגען טאָג קומען זיך אַלע וואָך צוזאַמען עטליכע מיטגלידער פון זיין קלוב אין דער מויריטאַנישער באָד וואו זיי פרישטיגען נאָכ׳ן מאַסאַזש. ער האָט זיך שנעל אָנגעטאָן מיט דער האָפנונג, אַז די באָד און דער דוש וועלען אים בערוהיגען, און ער איז אַוועקגעגאַנגען

באַלד ווי ער איז אַרויס אויף דער גאַס, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ שאַרפע קעלט—יענע דורכדרינגענדיגע קעלט פון דעם ערשטען פרעסטעל, וואָס מאַכט אין איין נאַכט אַ תל פון די לעצטע זומער-שפורען.

אויף די בולוואַרען האָבען זיך, ווי אַ געדיכטער רעגען, געשאָטען רויטע, געלבע בלעטער, וואָס זענען געפאַלען מיט אַ טרוקענעם לייכטען שאָרך. אומעטום, וואו דאָס אויג האָט דערגרייכט—פון איין עק ביי [illegible] ברייטע פראָספעקטען, איינגעשלאָסענע צווישען שורות הייזער, ביז דעם צווייטען עק, האָבען זיך אַלץ געזעהן דידאָזיגע פאַלענדיגע בלעטער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער דינער שאַרף פון אַנ׳אייזמעסער האָט אָבגעשניטען די אַלע צווייגעלעך. די ברוק און די טראָטואַרען זענען געווען בעדעקט מיט בלעטער און עטליכע שעה צייט ע.ליך געווען צו די וואַלדשטעגעלעך אין אָנהויב ווינטער. די טויטע בלעטער האָבען געשאָרכט אונטער די פיס און דורכ׳ן ווינט צייטענווייז אויפגעהויבען געוואָרען אין לייכטע כוואַליעס.

דאָס איז געווען איינער פון די איבערגאַנגסטעג, וואָס בעצייכענען מיט זיך דעם סוף פון איין צייט אין יאָר און דעם אָנהויב פון אַ צווייטען. דידאָזיגע טעג זענען פול מיט אייגענאַרטיגער שטימונג און בעזונדערן אומעט: אין זיי איז פאַראַן דער אומעט פון שטאַרבען און דער רייץ פון אויפלעבונג.

אַז ער האָט איבערגעטראָטען די שוועל פון דער מוריטאַנישער באָד, האָט זיך אָליוויעס טרויעריג האַרץ אויף אַ מינוט אָנגעפילט מיט פרייד; ביים געדאַנק, אַז זיין קערפער וועט זיך באַלד געפינען אין וואַרימקייט, נאָכ׳ן געהן אויף דער קעלט, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַנ׳אָנגענעמע שפירונג.

ער האָט זיך אייליג אויסגעטאָן, אַרומגעוויקעלט די טאַליע מיט אַ ווייכען שאַרף, וואָס אַ יונגעל האָט אים דערלאַנגט און פערשוואונדען הינטער אַ דיקער בעשלאָגענער טיר.

אַז ער איז געגאַנגען איבער דער מוריטאַנישער גאַלעריע, בעלויכטען מיט צוויי לאַמטערנעס אויפ׳ן מזרח׳ישען שטייגער, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ הייסע פערשטיקטע לופט-פאַליע, וואָס

איז אַזוי ווי אַרויסגעגאַנגען פון דער טיפעניש פון אויווען און אים געצוואונגען צו אָטעמען אַזוי, פּונקט ווי אים וואָלט פער-פעלט אָטעם. דערנאָך איז צו אים צוגעגאַנגען אַ געקרייזעלטער נעגער, וואָס האָט געטראָגען בלויז אַ גאַרטעל, מיט אַ גלאַנציגען לייב און מוסקולירטע אברים און ביים צווייטען עק פון דער גאַלעריע פונאַנדערגערוקט פאַר אים אַ פּאָרטיערע. בערטען איז אַריין אין דעם גרויסען זאַל פון באָד, וואָס איז געווען קיילע-כיג, הויך, שטיל-שווייגענדיג, פול מיט סודות, כמעט ווי אַ טעמ-פעל. דאָס ליכט איז געפאַלען אין דעם געוואַלטיגען קיילעכיגען זאַל דורך דעם אויבערשטען קופּאָל און דורך די פערשידענפאַר-ביגע געצייכענטע שויבען. די ווענט זענען געווען בעפּוצט מיט פלאַטעס פון האַלב-פּאָרצעלאַן אין אַראַבישען סטיל.

מענער פון פערשידענער עלטער, כמעט נאַקעט, האָבען זיך לאַנגזאַם, שטאָלץ און שווייגענדיג בעוועגט; מאַנכע זענען געזע-סען אויף מאַרמאָרשטולען, די הענט פערלעגט אויפ׳ן האַרצען. אַנדערע האָבען שטיל געשמועסט.

איז מען נאָר אַריינגעגאַנגען, האָט זיך באַלד דאָס האַרץ צוזאַמענגעפּרעסט פון הייסער לופט. אין דעמדאָזיגען הייסען אויס-געמאָלטען זאַל, וואו מענשליכע קערפּער זענען דערוואַרימט גע-וואָרען, וואו עס האָבען זיך בעוועגט שוואַרצע מאַסאַזשיסטען און נעגרעס מיט קופּער-רויטע פיס, איז געלעגען עפּיס אַלט-רוימישעס און געהיימעס.

דער ערשטער, וואָס האָט זיך געוואָרפען דעם קינסטלער אין די אויגען, איז געווען גראַף דע-לאַנדוי, וואָס האָט זיך בע-וועגט איבער׳ן זאַל, ווי אַ רוימישער קעמפּער, שטאָלץ מיט זיין מעכטיגער ברוסט און מיט די מאַסיווע הענט צונויפגעלעגט אויף דער ברוסט. ער איז געווען אַ תושב אין דערדאָזיגער באָד און זיך דאָ געפיהלט, ווי אַנ׳אַקטאָר, וואָס איז געווענט צו אַפּלאָ-דיסמענטען. דאָ פלעגט ער אַרויסטרעטען אַלס עקספּערט, בשעת עס פלעגט בעטראַכט ווערען די מוסקולאַטור ביי די סאַמע שטאַרקסטע מענשען פון פאַריז.

—וואָס מאַכט איר, בערטען—האָט ער געזאָגט.

זיי האָבען געדריקט איינאַנדער די הענט, דערנאָך האָט לאַנדוי געזאָגט:

—נו, איצט איז אַקוראַט גוט אַ הייסע באָד.

—אָ, יאָ!

—האָט איר געזעהן ראָקדיאַנ׳ען? ער איז דאָרט. איך בין געקומען נאָך אים, בשעת ער איז נאָר-וואָס אויפגעשטאַנען. אָ! זעהט-נאָר, וואָס פאַר אַ מין קערפּערבוי!

פאַרבייגעגאַנגען אַ קליינטשיק מענשעל מיט קרומע פיס, מיט מאָגערע הענט, מיט אויסגעדאַרטע לענדען; די פריינד, וואָס זע-נען שטאָלץ געווען מיט זייער כח, האָבען מיט פעראַכטונג אַ שמייכעל געטאָן.

צוגעגאַנגען ראָקדיאַן, וואָס האָט בעמערקט דעם קינסטלער.

זיי האָבען זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ לאַנגען מאַרמאָרטיש און גענומען שמועסען, ווי אין אַ גאַסטצימער. אין די אויגען האָ-בען געפינטעלט דינער מיט פאָרגעלעגטע משקאות, הילכיג האָט אָבגעקלונגען די פּאַטשעריי פון מאַסאַזשיסטען איבער׳ן נאַקעטען לייב און נאָכאַנאַנד האָט זיך געהערט דאָס רוישען פונ׳ם וואַ-סער, וואָס איז געפאַלען פון דוש. דער גערויש פון וואַסער, ענליך צום קלאַנג פון אַ רעגען, האָט זיך געטראָגען פון אַלע ווינקלען פון דעם גרויסען אַמפיטעאַטער.

ווייל־עווייז זענען געקומען נייע בעזוכער, וואָס האָבען זיך געגריסט מיט די דריי פריינד אָדער צוגעגאַנגען צו זיי און גע-דריקט זיך די הענט. דאָ איז געווען דער דיקער הערצאָג דע-האַריסאָן, דער קלייניטשקער פירשט עפּילאַטי, באַראָן פליאַש און אַנדערע.

פלוצלונג האָט ראָקדיאַן געזאָגט:

—אַ! אָט איז פאַראַנדאַל!

דער מאַרקיז איז אַריין מיט די הענט ביי די לענדען; ער איז געגאַנגען מיט דער רוהיגקייט פון אַ מאַנסביל, וואָס איז גוט געבויט און וואָס קיין זאַך שטערט אים נישט.

לאַנדוי האָט אַרויסגעמורמעלט:

—דערדאָזיגער יונג איז אַנ׳עכטער גלאַדיאַטאָר!

ראָקדיאַן האָט געפרעגט בערטען׳ען:

—איז עס וואָר, ער האָט חתונה מיט דער טאָכטער פון אייערע פריינד?

—דאַכט זיך, אַז אַזוי,—האָט געזאָגט דער קינסטלער.

אָבער דידאָזיגע פראַגע, וואָס איז אים געשטעלט געוואָרען פאַר פאַראַנדאַל׳ן, אין אָט דער מינוט, דאָ, אויף דעמדאָזיגען אָרט, האָט צוטרויסעלט אָליוויעס האַרץ דורך אַ שרעקליכער שפּרונג פון פערצווייפלונג און אויפרעגונג.

און אין דער אייגענער רגע האָט ער מיט אַזאַ שאַרפקייט דערשפירט די אימה פאַר דער נאָנטערווירקליכקייט, וואָס איז פלוצלונג געבליבען שטעהן פאַר אים, אַז עטליכע מינוט צייט האָט ער זיך געמוזט ראַנגלען מיט אַ ריין-חיה׳שען בעגער אַוואָרף צו טאָן זיך אויפ׳ן מאַרקיז.

דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבען.

—איך בין מיד,—האָט ער געזאָגט—איך געה מיר שוין מאַכען מאַסאַזש.

פאַרבייגעגאַנגען אַנ׳אַראַבער.

—אַכמעד, דו ביזט פריי?

—יאָ, הער בערטען.

און ער איז שנעל אַוועק—נישט צו דריקען די האַנט פאַראַנדאַל׳ן, וואָס איז לאַנגזאַם צו זיי צוגעגאַנגען.

אין רוהה-זאַל, וואו אַלץ האָט געאָטעמט מיט מנוחה, האָט ער פערבראַכט נישט מער ווי אַ פערטעל שעה. אַרום זענען געווען אַריינגערוקטע צימערלעך און בעטלעך, פערשטעלט מיט אַפריקאַנישע פלאַנצונגען, צווישען וועלכע עס האָט זיך אויפגעהויבען אַ רוישיגער שטראָם וואַסער פון אַ פאָנטאַן. דעם קינסטלער האָט זיך געדאַכט, אַז מען סטראַשעט אים, אַז מען יאָגט זיך נאָך אים, אַז דער מאַרקיז וועט זיך באַלד דאָ ווייזען, און דעמאָלט וועט ער אים בעדאַרפען געבען די האַנט.

און באַלד האָט ער זיך פון דאָסניי געפונען אויפ׳ן בולוואַר, פערזייהט מיט פערוויאַלעטע בלעטער. זיי זענען שוין מער נישט געפאַלען. אַ ווילדער ווינט האָט די לעצטע אַראָבגעריסען

אָבער דער טעפּיך פון די געלע און רויטע בלעטער האָט צו־ליב׳ן שלעכטען וועטער און ווינט געציטערט און גערוישט, כוואַ־ליעסווייז זיך איבערגעוואָרפען פון אַ טראָטואַר צו אַ טראָטואַר.

און פּלוצלונג האָט זיך איבער די דעכער דורכגעטראָגען אַ יאָמערריי, ווי פון אַ חיה און באַלד דערויף איז געקומען אַ וויל־דער ווינט, וואָס האָט זיך אַזוי ווי געטראָגען פון מאַדעלען־פּלאַץ, אַנצופאַלען אויפ׳ן בולוואַר.

די אָראָבגעפאַלענע בלעטער האָבען אַזוי ווי געוואָרט אויף אים. ביי זיין דערנעענטערונג האָבען זיי זיך צונויפגעקנוילט אין דער־הויך, געלאָפען אים פּאָראויס, זיך צונויפגעזאַמעלט אין הוי־פענס, זיך געדרעהט און אויפגעהויבען זיך סאַמע ביז די דעכער פון די הייזער. דער שטאַרקער ווינט האָט זיי געטריבען ווי אַ טשערעדע, וואָס איז זיך פונאַנדערגעפלויגען, פונאַנדערגעלאָפען און געזוכט הילף הינטער די פאַריזער ראַגאַטקעס, אויסער׳ן שטאָט, אונטער׳ן אָפענעם הימעל, און בשעת דער געדיכטער וואָל־קען פון בלעטער און שטויב איז פערשוואונדען געוואָרען הינ־טער די בערג פון מאַלזערב־קוואַרטאַל, זענען גאַסען און טראָ־טואַרען פּלוצלונג נאַקעט געוואָרען, משונה ריינע, פּונקט ווי זיי וואָלטען אויסגעקערט געוואָרען.

„ווי זאָל זיין מיט מיר? וואוהין געהן?״ האָט זיך בערטען געפרעגט און אַוועק אַהיים, גאָרנישט צוטראַכטענדיג.

ער האָט בעמערקט אַ צייטונגס־קיאָסק. אַ זיבען אָדער אַכט צייטונגען געקויפט; זאָל זיין מאַטעריאַל צום לעזען אַ שעה אָדער צוויי.

—איך פרישטיג אין דערהיים,—האָט ער געזאָגט, זיך אומ־קערנדיג, און ער האָט זיך אויפגעהויבען אין זיין אַטעליע.

אָבער אַז ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, האָט ער דערפיהלט, אַז ער קאָן דאָ נישט פערבלייבען. אין אים האָט געקאָכט די ווילדקייט פון אַ חיה. די צייטונגען, וואָס ער האָט דורכגעקוקט, האָבען אים נישט געקאָנט ווייזען אויף אַ רגע און די געשעהע־נישען, וואָס ער האָט דורכגעלייענט, האָט ער נאָר אויפגעכאַפּט מיט די אויגען—צום בעוואוסטזיין זענען זיי נישט דערגאַנגען.

אין אָנהויב פון עפּיס אַנ׳אַרטיקעל, וואָס זיין אינהאַלט האָט ער גאָרנישט געוואָלט אפילו משיג-זיין, האָט אים פלוצלונג פערהאַל-טען דער נאָמען הילערוא. עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ זיצונג פון פּאַלאַטע, וואו דער גראַף האָט געזאָגט עטליכע ווערטער.

דערדאָזיגער נאָמען האָט דערוועקט אין אים אויפמערק-זאַמקייט און געצוואונגען לענגער זיך אָבצושטעלען אויף דער בעמערקונג וועגען דעם בערימטען טענאָר מאָנראָזע, וואָס האָט בעדאַרפט צום סוף דעצעמבער געבען אַ פאָרשטעלונג אין דער גרויסער אָפּערע. לויט די צייטונגען איז פאָרגעשטאַנען אַ גרויסער יום-טוב פון מוזיק. דער טענאָר מאָנראָזע איז מיט זעקס יאָר צוריק אַוועקגעפאָרען פון פּאַריז און איצט זיך אומגעקערט פון זיין נכיעה איבער גאַנץ אייראָפּאַ און אַמעריקא, וואָס איז דורכ-געגאַנגען מיט אונגעהערטען ערפאָלג; דערצו האָט נאָך צוזאַמען מיט אים בעדאַרפט אַרויסטרעטען די בערימטע שוועדישע זינגע-רין כעלסאָן, וואָס אין פּאַריז האָט מען זי שוין אויך נישט גע-הערט אַ יאָר פינף!

און פלוצלונג איז אָליוויע׳ן אייננעפאַלען אַנ׳אידעע, וואָס איז, דאַכט זיך, געקומען פון דער טיפעניש פון האַרצען. אים האָט זיך געוואָלט פערשאַפען אַנעט פערגעניגען און זיין אויף דעמדאָזיגען ספּעקטאַקעל. ער האָט זיך אפילו דערמאָנט, אַז דער גרעפינס טרויער קאָן שטערען דעמדאָזיגען פּראָיעקט און ער האָט לאַנג צוגעטראַכט אַזוינע קאָמבינאַציעס, וואָס זאָלען אים העלפען עס פערווירקליכען. איינס איז נאָר מעגליך געווען. מען קאָן נע-מען אַ לאָזשע אויפ׳ן סצענע, וואו מען קאָן זיצען כמעט אונבע-מערקט, און אויב די גרעפין וועט דאָך נישט איינשטימען צו געהן, דאַרף מען מאַכען אַזוי, אַז מיט אַנעט זאָלען געהן איר פאָטער און די הערצאָגין. דעמאָלט וואָלט מען אפשר בעדאַרפט דער הערצאָגין אויך פאָרלעגען די לאָזשע. אָבער דעמאָלט בעדאַרף מען אויך איינלאַדען דעם מאַרקיז.

ער האָט זיך געקווענקעלט און לאַנג געטראַכט.

געוויס, די חתונה איז שוין בעשלאָסען, אפילו דער טאָג פון דער חתונה שוין בעשטימט.

ער האָט פערשטאַנען דעם פערלאַנג פון זיין פריינדין, וואָס גיכער צו ענדיגען דערמיט, ער האָט פערשטאַנען, אַז זי וועט זיך סטאַרען וואָס גיכער אָבצוגעבען די טאָכטער פאַראַנ־דאַל'ן. דאָ איז ער געווען מאַכטלאָז. ער האָט נישט געקאָנט נישט שטערען, נישט ענדערן, נישט אָבציהען דאָס אָנקומען פון דערדאָזיגער געשעהעניש. אָבער אויב מען מוז שלום־ווערען דער־מיט, איז אפשר נישט גלייכער צו פרובען בעהערשען זיך, פער־באָרגען די ליידען, מאַכען אַנ'אָנשטעל פון אַ צופרידענעם, נישט אַריינפאַלען אין גרימצאָרן, ווי דאָס איז נאָר־וואָס געשעהן?

יאָ, ער וועט איינלאַדען דעם מאַרקיז, דערמיט בערוהיגען דער גרעפינס חשד און זיך פערזיכערן מיט אַ פריינדליכען שטע־געלע אין דעם הויז פון דעם יונגען קינפטיגען פּאָרל.

אָבגעפרישטיגט, איז ער באַלד אַוועק אין דער אָפּערע צו בעשטעלען דאָרט איינע פון די לאָזשעס, וואָס זענען פערבאָר־גען הינטער'ן פאָרהאַנג. מען האָט זי אים פערשפּראָכען. דעמאָלט איז ער אַוועקגעלאָפען צו הילערוא.

די גרעפין איז כמעט באַלד אַרויסגעגאַנגען צו אים און, נאָך איינגאַנצען אויפגערעגט פון דער נעכטיגער צאַרטער סצענע, האָט זי געזאָגט:

—ווי דאָס איז שען פון אייער זייט, וואָס איר זענט היינט געקומען!

ער האָט אַרויסגעמורמעלט

—איך האָב עפּיס פאַר איין.

—וואָס אַזוינס?

—אַ לאָזשע אויף דער סצענע אין דער אָפּערע, אויף דער איינציגער פאָרשטעלונג פון כעלסאָן און מאָנראָזע!

—אַך! מיין פריינד. ווי דאָס טוט באַנג! און מיין טרויער?

—אָבער איר טראָגט דאָך אייער טרויער שוין באַלד פיר מאָנאַטען?

—איך פערזיכער אייך, אַז איך קאָן נישט געהן.

—און אַנעט? בעטראַכט זיך נאָר, עס איז דאָך מעגליך, אַז מיר וועלען מער נישט האָבען אַזאַ געלעגענהייט.

—מיט וועמען וועט זי, אַלזאָ, געהן?

—מיט'ן פּאַטער און דער הערצאָגין, וואָס איך קאָן אויך איינלאַדען. איך האָב אפילו געוואָלט פּאָרלעגען אַנ'אָרט אויף דעם מאַרקיז.

זי האָט אים אַריינגעקוקט אין דער טיפעניש פון די אויגען און אין דער צייט האָט דער חשק אים צו קושען געברענט איר די ליפּען. זי האָט איבערגע'חזר'ט און זיך נישט בעשלאָסען צו גלויבען די אייגענע אויערן.

—דעם מאַרקיז?

—נו, יאָ.

און זי האָט באַלד איינגעשטימט אויף דערדאָזיגער קאָמבינאַציע.

מיט אַ גלייכגילטיגער מינע האָט ער זיך פון דאָסניי געווענדט צו איר:

—איר האָט שוין בעשטימט זייער חתונה?

—אָך, גאָט מיינער, כמעט. מיר האָבען אַ גרונד זעהר צו איילען דערמיט, און בעזונדערס דערפאַר, וואָס די חתונה איז געוועזען בעשטימט נאָך פאַר דער מוטערס טויט. איר געדענקט?

—יאָ, איך געדענק עס זעהר גוט. ווען-זשע וועט זיין די חתונה?

—אָנהויב יאַנואַר, וואַרשיינליך. איך ענשטולדיג מיך, וואָס איך האָב אייך פריער נישט געזאָגט דערפון.

אַריין אַנעט. ער האָט דערפיהלט, ווי עס האָט אים געוואָלט אומשפּרינגען דאָס האַרץ און די גאַנצע צערטליכקייט, וואָס ער האָט געשפּירט צו איר, איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין פערדרוס. אין זיין נשמה איז אַרויסגערופען געוואָרען צו איר יענע מאָדנע ליידענשאַפטליכע פּיינטשאַפט, אין וועלכער עס ווערט פערוואַנדעלט די ליבע, ווען עס שמייסט זי צו די אויפעריגקייט.

—איך וויל אייך וואָס פאָרלעגען—האָט ער געזאָגט.

זי האָט בעמערקט:

—איר געהט, אַלזאָ, ענדגילטיג איבער אויף „איר?"

—הערט-נאָר, קינד מיינס. איך בין אינפאָרמירט וועגען אַ געשעהעניש, וואָס בעדאַרף באַלד פּערווירקליכט ווערען. איך פערזיכער אייך, אַז דאָס איז סיי-ווי אונפערמיידליך. בעסער איצט איבערגעהן אויף „איר", איידער שפּעטער.

זי האָט געדריקט מיט די אַקסלען אַנ'אונצופרידענע, די גרעפין האָט געשוויגען און מיט ברייט-פונאַנדערגעריסענע אויגען שטאַרק געטראַכט פון עפּיס.

אַנעט האָט געפרעגט:

—וואָס האָט איר מיר געוואָלט פאָרלעגען?

ער האָט איר מיטגעטיילט פון דער קינפטיגער פאָרשטעלונג און וועגען די איינלאַדונגען, וואָס ער וויל מאַכען.

דאָס האָט זי שטאַרק ענטציקט און אין גרויס התפעלות, מיט אַ זשעסט פון אַ קליין מיידעלע, זיך געוואָרפען אים אויפ'ן האַלז און געקושט אים איןביידע באַקען.

ער האָט דערפיהלט, אַז ער ווערט אָבגעשוואַכט, און אונטער דער טאָפּעלער בערירונג פון ביידע ליפּלעך מיט זייער פרישען אָטעם, האָט ער דערשפּירט, אַז זיין קראַנקהייט איז אונהיילבאַר.

די גרעפין, קוים איינגעהאַלטען, האָט זיך געווענדט צו דער טאָכטער:

—ווייסטו, אַז דער פאָטער וואַרט אויף דיר?

—יאָ, מאַמאַ, איך געה.

זי איז אַוועקגעלאָפען און געשיקט אים מיט די פינגער לופט-קושען.

באַלד ווי זי אַרויס, האָט אָליוויע געפרעגט:

—זיי וועלען מאַכען אַ רייזע?

—יאָ, אויף דריי מאָנאַטען.

—און אונגערן האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט:

—נאָך בעסער!

—מיר וועלען אָנהויבען לעבען, ווי פריער—האָט געזאָגט י גרעפין.

ער האָט געזאָגט:

—איך פערהאָף.

—אָבער דערווייל פערגעסט מיך נישט.

—ניין, מיין פריינד.

די בעל־טיגע צערטליכקייט זיינע, בשעת זי האָט געוויינט און זיין היינטיגער פערלאַנג איינצולאַדען דעם מאַרקיז, האָבען געגעבען דער גרעפין אַ שאָטען פון האָפנונג.

איינגיכען איז ער אַוועק. נאָך קיין וואָך נישט אַוועקגעגאַנגען, ווי זי האָט פון דאָסניי מיט פייערליכער און אויפעריגער אויפמערקזאַמקייט אויסגעפאָרשט אויפ׳ן געזיכט פון דעמדאָזיגען מאַן די שפורען פון אַנגסט. זי האָט נישט געקאָנט נישט זעהן דאָס אַלץ, ווייל דעם וועהטאָג, וואָס זי האָט געשפירט אין איס, האָט זי אַליין איבערגעלעבט; און דאָס, וואָס אַנעט איז שטענדיג געווען נעבען איר, האָט איר יעדע מינוט דערמאָנט, אַז אַלע אירע אָנשטרענגונגען זענען אומזיסט.

אַלץ האָט זי דערשלאָגען: אי די יאָרען, אי דער טרויער. איר קאָקעטעריע, פול אַקטיווויטעט, וויסען, געשיקטקייט, וואָס צוליב דעם איז זי דאָס גאַנצע לעבען געווען אַ זיגערין, איז פלוצלונג פּאַראַליזירט געוואָרען. דער שוואַרצער קאָסטיום, אין וועלכען זי איז איינגעפּאַסט געווען, האָט אונטערגעשטריכען איר בלאַסקייט, איר אָבגעלעבט געזיכט, בשעת ער האָט אין דערזועלבער צייט צוגעגעבען שטאַרקען גלאַנץ דער יונגער שענקייט פון איר טאָכטער.

ווייט האָט אויסגעזעהן יענע צייט, וואָס איז נישט לאַנג געווען, בשעת אַנעט פלעגט קומען קיין פּאַריז און זי פלעגט מיט שטאָלץ אונטערשטרייכען זייער ענליכקייט דורך דער קליידונג. דעמאָלט האָט זיך עס איר געלוינט! איצט האָט זי געהאַט אַ ווילדען פערלאַנג אַראָבצורייסען פון זיך דידאָזיגע לויה־קליידער, וואָס האָבען זי העסליך געמאַכט.

ווען זי וואָלט געקאָנט אויסקלויבען קליידער לויט איר איי-

גענעם געשמאַק, ווען זי וואָלט געקאָנט טראָגען געוועבען פון צאַרטע שאַטירונגען, וואָס זאָלען האַרמאָנירען מיט׳ן פאַרב פון איר געזיכט! זיי וואָלטען צוגעגעבען אירע וועלקענדיגע יאָרען יענע קינסטליכע שענקייט, וואָס וואָלט נאָך געקאָנט ביישטעהן געגען דעם נאַטירליכען רייץ פון איר טאָכטער, און פון זיי ביי- דען וואָלט זי זיכער אויסגעוויזען צוציהענדיגער.

זי האָט אַזוי גוט געוואוסט דעם רושם פון די פערפירישע אָווענדטואַלעטען און די ווייכע צוציהענדיגע פרימאָרגען-קליידער, אָט די הויז-קליידער, וואָס זענען זאָגאַר דערלויבט ביים פרישטיג מיט אינטימע פריינד, וואָס לאָזען-איבער דער פרוי ביז האַלבען טאָג דעם אַראָמאַט פון איר דערוואַכונג און גיבען אַזאַ ממשות׳- דיגען וואַרימען איינדרוק פון דעם נאַר-וואָס פערלאָזטען געלע- גער און דעם פאַרפומירטען שלאָפצימער.

אָבער וואָס קאָן מען טאָן אין דידאָזיגע לויה-קליידער, אין דעמדאָזיגען אַרעסטאַנטען-באַלאַט, וואָס זי בעדאַרף טראָגען נאָך אַ גאַנץ יאָר! אַ גאַנץ יאָר! נאָך אַ יאָר וועט זי זיין איינגעשלאָ- סען אין דידאָזיגע שוואַרצע, מאַכטלאָזע, בעזיגטע קליידער! אין אַ משך פון אַ יאָר צייט וועט זי פיהלען, ווי זי ווערט עלטער פון טאָג-צו-טאָג, פון שעה-צו-שעה, פון מינוט-צו-מינוט אין דעמ- דאָזיגען שוואַרצען שיידעל. וואָס וועט זיין מיט איר אין אַ יאָר אַרום, ווען איר אָרימער קראַנקער קערפער, געפייניגט פון אירע אינערליכע וועהען, וועט זיך אַלץ ווייטער אַזוי שנעל אויסניצען?

דידאָזיגע געדאַנקען האָבען זי שוין מער נישט פערלאָזט; זיי האָבען איר קאַליע געמאַכט יעדע הנאה, פערוואַנדעלט אין צער אַלץ, וואָס האָט געקאָנט זיין פרייד, אונבעריהרט נישט אי- בערגעלאָזט קיין איין פערגעניגען. יעדע מינוט האָבען זיי גע- שטערט איר די רוה, פער׳סמ׳ט איר די שמחה. די גאַנצע צייט האָט זי געהאַט אַ פיינליכע בעדערפעניש אַראָבצוטרייסלען פון זיך די- דאָזיגע משא, וואָס דערשטיקט זי אינגאַנצען. וואָלט נישט געווען דערדאָזיגער אָנגעבונדענער געדאַנק, וואָלט זי, ווי פריער, גע- ווען גליקליך, פרעהליך, געזונד! זי האָט געפיהלט, אַז די נשמה איז איר פול לעבען און פרישקייט, דאָס האַרץ איז איר ווי

אַלעמאָל יונג. זי האָט געשפּירט דעם דורשט פון אַ וועזען, וואָס הויבט ערשט אָן צו לעבען, אַ נישט-געשטילטען דורשט צו גליק, וואָס איז פּיינליכער, ווי שטענדיג, און אַ ווילדע נאָגענדיגע בעדערפעניש צו ליבען.

און אָט דאָס אַלץ, וואָס איז אָנגענעם, זיס, זאַנפט, פּאָעטיש, דאָס אַלץ, וואָס בעפּוצט דאָס לעבען און צווינגט אונז צו האַלטען עס טייער, געהט-אַוועק פון איר בלויז דערפאַר, וואָס זי איז אַלט געוואָרען! אַלץ איז געענדיגט! האָט זי דען נישט איבערגעלעבט דעם צושטאַנד פון זיסען תענוג און צערטליכקייט, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר יונגע מיידלעך און די אַטאַקען פון ליידענשאַפט ביי אַ יונגער פרוי? קיין זאַך איז נישט אַלט געוואָרען, אויסער איר קערפּער, אויסער דער נישטיגער הויט, אויסער דעם צודעק, וואָס פערהילט די ביינער, וואָס איז ביסלעכווייז אויסגעניצט געוואָרען, ווי דאָס טשיכעל אויפ'ן מעבעל-געהילץ. זי איז געווען צוגעשמידט צו דערדאָזיגער מאַטעריע, וואָס האָט זיך אויסגעניצט, און דאָס איז פאַר איר געוואָרען אַ פּיזישער וועהטאָג. דער אָנגעבונדענער געדאַנק האָט אַרויסגערופען אַ בעזונדערע הויט-שפּירונג: זי האָט געפיהלט, ווי זי ווערט עלטער און אָט די שפּירונג איז געווען אַ שטענדיגע, אַ דייטליכע, ווי די שפּירונג פון קעלט אָדער וואַרימקייט. איר האָט זיך ווירקליך אויסגעדאַכט, אַז זי פיהלט אַ מין לייכטע שמאַרצונג, אַ לאַנגזאַמע בעוועגונג פון די קנייטשען אויפ'ן שטערען; זי האָט געפיהלט, ווי עס ווערען איר אָבגעשוואַכט די געוועבען אויף די באַקען און אויפ'ן האַלז, ווי עס פערמערן זיך די אונצעהליגע שטריכעלעך, וואָס צואַקערן די מידע הויט. ווי אַ מענש, דורכגענומען פון אַנ'עסענדיגער קראַנקהייט, האָט זי אונטער דער לאַסט פונ'ם שטענדיגען בעוואוסטזיין און שרעק, וואָס די אַרבייט פון דער איילענדיגער צייט האָט איר גורם-געווען, אָנגעהויבען קאָנטראָלירען דידאָזיגע אַרבייט מיט דער הילף פון שפּיגלען. די שפּיגלען האָבען זי געצויגען, גערופען און געצוואונגען צוצוגעהן צו זיי מיט אַ פּער'עקשנ'ט-אויפגעריסענעם בליק-זיך פון דאָסניי אָנצוקוקען, ווידער און ווידער

זעהן די האַרטע שפורען פון דער צייט, אָנרירען זיי מיט דער האַנט און זיך בעסער איבערצייגען אין זיי. אין אָנהויב איז עס בלויז געווען אַ פאַרבייגעהענדיגער פערלאַנג, וואָס איז איר יעדעס מאָל בעפאַלען, ווען זי האָט בעמערקט אין שטוב אָדער אויסער דער שטוב די גלאַטקייט פון דעמדאָזיגען שרעקליכען שפּיגעל. זי פלעגט זיך אָבשטעלען אויף די טראָטואַרען און זיך איינקוקען אין די וויטרינעס פון די קראָמען; ווי אַ צוגעשמידטע פלעגט זי שטעהן פאַר אַלע שפּיגלען, מיט וועלכע די קרעמער בעפּוצען די פענסטער פון זייערע מאַגאַזינען. דאָס איז איבערגעגאַנגען אין אַ קראַנקהייט, אין אַ מאַניע. זי האָט געהאַט אין טאַש אַ קליין פיין קעסטעלע פון העלפאַנד-ביין, אָנגעפילט מיט פודער; דאָס איז געווען גרויס, ווי אַ ניסעל. דאָס אינערליכע דעקעל האָט געהאַט אַ שפּיגעלע, און טיילמאָל אויפ׳ן גאַס, געהענדיג, האָט זי עס פונאַנדערגעעפענט אין האַנט און צוגעטראָגען צו די אויגען.

אַז זי האָט זיך געזעצט לייענען אָדער שרייבען אין איר אויפנאַמצימער, האָט דער געדאַנק, וואָס האָט זיך איר אויף אַ מינוט פעראינטערעסירט מיט דער אַרבייט, פון דאָסניי זיך צוריקגעקערט צום זעלבען. זי האָט געקעמפט מיט זיך, געוואָלט זיך פערגעסען, טראַכטען פון עפּיס אַנדערש, פאָרטזעצען די אַרבייט, אָבער אַלץ אומזיסט. דער פערלאַנג האָט זי היפּנאָטיזירט, זי האָט באַלד אַוועקגעוואָרפען דאָס בוך אָדער די פעדער און די האַנט האָט זיך איר מיט אַ האַסטיגער בעוועגונג אָנגעכאַפּט פאַר׳ן קליינינטשקען שפּיגעלע אין אַ ראַם פון אַלטען זילבער, וואָס איז געלעגען ביי איר אויפ׳ן טיש. אין דער געצייכענטער אָוואַלראַם פון שפּיגעל איז אַריין איר גאַנץ געזיכט און האָט אויסגעזעהן ווי אַן אַלטער פאָרטרעט, אַ פאַסטעל-פאָרטרעט, וואָס די אַמאָליגע פרישע פאַרבען זיינע זענען אָבגעקראָכען און פערוועלקט געוואָרען. דערנאָך, נאָך אַ לאַנגען בעטראַכטען זיך, פלעגט זי מיט אַ מידער בעוועגונג אַוועקלעגען צוריק דאָס שפּיגעלע און זיך צוריק נעמען פאַר דער אַרבייט. אָבער קוים דורכגעלייענט אַ צוויי זייטלעך, קוים אָנגעשריבען אַ צוואַנציג שורות, האָט זי פון דאָסביי דערשפּירט אַ פאָדערונג אַ קוק צו טאָן אין שפּיגעל, און די

פאָדערונג איז געווען שטאַרק און פיינליך. און פון דאָסניי פלעגט זי אויסציהען די האַנט צום קליינעם שפּיגעלע.

דאָס שפּיגעלע איז פאַר איר געוואָרען אַ געוועזטע און אַנ׳אויפרעגענדיגע זאַך, מיט וועלכער די האַנט קאָן זיך נישט שיידען! ווײלעוויז האָט זי עס געכאַפּט אין דער האַנט בשעת זי האָט אויפגענומען געסט, און צייטענווייז האָט דאָס שפּיגעלע זי אַזוי אויפגערייצט, אַז איר האָט זיך געוואָלט שרייען. דרעהענדיג עס צווישען די פינגער, האָט זי עס טיילמאָל פיינט געהאַט, ווי אַ לעבעדיגע זאַך.

איינמאָל, אַרויסגעבראַכט פון זיך דורכ׳ן קאַמף מיט דעמדאָזיגען שטיקעל גלאָז, האָט זי עס אַ שליידער געטאָן אָן וואַנט; עס איז אַראָבגעפאַלען און צובראָכען געוואָרען.

אָבער אין אַ צייט אַרום האָט דער מאַן אַריינגעשמועלט אַ נייע שפּיגעלע אין ראַם און עס איר צוריקגעגעבען: דאָס איז געווען קלערער און ריינער, ווי אַלעמאָל. האָט זי צוגענומען דאָס שפּיגעלע, בעדאַנקט און בעשלאָסען שלום צו-ווערען מיט זיין עקזיסטענץ.

יעדען אָווענד, און יעדען פרימאָרגען האָט זי זיך פערשלאָסען ביי זיך אין צימער און פון דאָסניי גענומען קאָנטראָלירען די העסליכע און פער׳עקשנ׳טע אַרבייט פון פערוויסטונג.

ביינאַכט, אין געלעגער, האָט זי נישט געקאָנט איינשלאָפען. האָט זי אָנגעצונדען ליכט, געלעגען מיט אָפענע אויגען און געטראַכט וועגען דעם, אַז שלאָפלאָזיגקייט און צער פערענדיגען מיט פלייס די שרעקליכע אַרבייט פון דער צייט. אין דער נאַכטשטילקייט האָט זי זיך צוגעהערט צום שלאָגען פון וואַנטזייגער און איר האָט זיך געדאַכט, אַז מיט זיין איינטעניגען מעסיגען טיק-טאַק סוד׳עט ער איר אָן: „געהט, געהט, געהט," די צייט געהט. און דאָס האַרץ האָט זיך איר צוזאַמענגעדריקט פון וועהטאָג אַזוי, אַז זי האָט געקרעכצט פון יאוש, כאָטש זי האָט פערשטאָפּט דאָס מויל מיט׳ן לײלעך.

אַמאָל האָט זי, ווי אַלע, זיך אָבגעגעבען אַ רעכנונג אין יאָרען, וואָס געהען-אַוועק, און אין די פערענדערונגען, וואָס קו-

מען נאָך זיי. ווי אַלע, האָט זי יעדען ווינטער, יעדען פרילינג און יעדען זומער צו אַנדערע און צו זיך גערעדט: „איך האָב מיך שטאַרק פערענדערט פון פערגאַנגענעם יאָר.“ אָבער זי איז נאָך אַלץ געווען שען, הגם די שענקייט איז געווען אַנ'אַנדערע, און זי האָט זיך נישט געזאָרגט וועגען דעם. פריער פלעגט זי רוהיג קאָנסטאַטירען דעם לאַנגזאַמען גאַנג פון דער צייט און איצט איז איר פלוצלונג קלאָר געוואָרען דער געוואַלטיגער שטראָם פון רגע'ס. זי האָט אַזוי ווי פלוצלונג דערזעהן, ווי עס לויפען שעה'ן, דערזעהן זייער אימפעט, וואָס לאָזט זיך נישט פיהלען, וואָס קאָן אָבער דערפירען ביז משוגעת; דערזעהן די אונענדליכע דעפילירונג פון קלייניטשקע איילענדיגע סעקונדעס, וואָס נאָגען דעם קערפער און דאָס לעבען פון מענשען.

נאָך דידאָזיגע פיינליכע נעכט פלעגען קומען שעה'ן פון שלעפעריגקייט און פערגעסען זיך. זי פלעגט ליגען איינגעהילט אין די וואַרימע ליילעכער ביז וואַנען עס פלעגט זיך נישט ווייזען דאָס שטובמיידעל, וואָס פלעגט אויפהויבען די שטאָרען און איינהייצען די אויוועגס. און זי פלעגט נאָך אַלץ ליגען—אַ מידע, אַ פערגליווערטע אין עפיס אַ מאָדנעם צושטאַנד: דאָס איז עפיס נישט געווען נישט קיין שלאָף און נישט קיין וואַך-זיין. דער געדאַנק איז טעמפ געוואָרען און דעמאָלט איז אין איר נשמה געבוירען געוואָרען אַנ'אינסטינקטיווע אונפערמיידליכע האָפנונג, יענע האָפנונג, וואָס לעבט אין מענשען און פרעהט אים ביז דער לעצטער רגע.

און אַלע פרימאָרגען, באַלד ווי זי איז נאָר אויפגעשטאַנען פון בעט, האָט זי איצט אַרומגעכאַפּט אַ שטאַרקער פערלאַנג צו בעטען גאָט, אויסבעטען ביי אים אַ טראָפּעלע מיטלייד צו זיך, כאָטש אַ קלייניטשקע פערלייכטערונג.

פלעגט זי זיך שטעלען אויף די קני. מיט פערפרעסטע ליפען, מיט אַ נשמה-קול, מיט וועלכען אַ מענש רעדט מיט זיך אַליין, האָט זי זיך געווענדעט צו גאָט מיט אַ פיינליכער בקשה. זי האָט שרעקליך געוואָלט זיין אויסגעהערט און געטרייסט; נאַאיוו אין איר צער, ווי אַלע גלויבענדיגע און כורעים-פאַלענדיגע,

האָט זי נישט געצווייפעלט דערין, אַז גאָט הערט זי, אַז ער וועט זיך אויפמערקזאַם בעציהען צו איר בקשה, אַז אירע אַנג-סטען וועלען אים רירען. זי האָט אים נישט געבעטען, ער זאָל טאָן פאַר איר דאָס, וואָס ער האָט קיינמאָל פאַר קיינעם נישט געטאָן, אַז ער זאָל איר פערהיטען ביז'ן סאַמע טויט די שענ-קייט, פרישקייט און רייץ. געוויס, זי בעדאַרף עלטער ווערען אויך אַזוי, ווי די בעדאַרף שטאַרבען. אָבער פאַרוואָס אַזוי שנעל? פאַראַן דאָך פרויען, וואָס פערבעהאַלטען זייער שענקייט ביז די שפּעטע יאָרען. אפשר וועט ער איר דערלויבען צו זיין איינע פון זיי? גאָט מיט זיין חסד קאָן איר איבערלאָזען נאָך אויף אַ יאָר צוויי אָדער דריי דאָס לעצטע ביסעל רייץ, וואָס איז נוי-טיג צו געפעלען.

זי האָט נישט געבעדט פאַר גאָט די אַלע זאַכען, אָבער וועגען דעם האָט זי געזיפצט פאַר אים, אויסגיסענדיג די נישט-קלאָרע בקשות פון איר נשמה.

דערנאָך האָט זי זיך אויפגעהויבען, זיך אַנידערגעזעצט פאַר איר טואַלעטענטישעל און מיט דערזעלבער ליידענשאַפטליכער אָנשטרענגונג, ווי זי האָט נאָר-וואָס גאָט געבעטען, האָט זי זיך פערטיפט אין אירע קאָסמעטישע זאַכען, זיך גענומען פאַר'ן פו-דער, פאַר איינרייבונגען, פאַר די בלייפעדער, קישעלעך און בערשטעלעך און אויף אַזאַ אופן געשאַפען די שענקייט פון אַ גיפסענער מאַסקע, וואָס איז שוואַך און נישט דויערהאַפט.

## VI.

אויפ׳ן בולוואַר זענען צוויי נעמען געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּען: „עמאַ כּעלסאָן” און „מאָנראָזע”. וואָס נעענטער צום בנין פון דער אָפּערע, אַלץ עפטער זענען זיי איבערגע׳חזר׳ט געוואָרען. אין אָווענד האָבען אונגעהויער-גרויסע אַפישען צוגעשמידט צו דידאָזיגע נעמען די אויגען פון דורכגעהער און אין דער אָווענדלופט האָט זיך געשפּירט אַ גרויסע אויפרעגונג.

פאַר׳ן מאַסיווען בנין, וואָס הייסט „נאַציאָנאַלע מוזיק-אַקאַדעמיע”, איז געשטאַנען אַן׳עולם מענשען. אונטער׳ן שוואַרצען הימעל האָט געבלייכט דער שענער פראָנט פון בנין, און די מאַרמאָר-קאָלאָנעס פון דער גאַלעריע, באַלויכטען מיט אונבעמערקטע עלעקטרישע פייערן, האָבען אויסגעוויזען ווי אַ דעקאָראַציע.

אויפ׳ן פּלאַץ האָט אַן׳אָטראַד אויף פערד אויפגעקוקט אויף דער בעוועגונג. פון אַלע ווינקלען פון פּאַריז האָט אַהער געשטראָמט אַן׳אונגעהויערע צאָל קאַרעטען, הינטער די אַראָבגעלאָזטע פענסטעלעך האָבען זיך געזעהן פּאַליעס פון ליכטיגע געוועבען און קאָנטורען פון קעפּ.

קאַרעטען און לאַנדאָס זענען שורות׳ווייז אַרונטערגעפאָרען אונטער דער אַרקע, געבליבען דאָרט שטעהן אויף אַ רגע. פון די טרעפּלעך זענען אַרונטערגעשפּרונגען גרויסוועלטליכע דאַמען און אַנדערע, פערוויקעלט אין אָווענד-מאַנטלען, בעפּוצט מים פעל, פעדערן און שפּיצען.

דאַמען, אויסגעפּוצט, ווי פּרינצעסינס, וואָס זייער האַלז און

אויערן האָבען געלויכֿטען מיט בריליאַנטען-פייערן און די לאַנגע שלעפּעס האָבען זיך געשלענגעלט איבער די טרעפּ, האָבען זיך אויפגעהויבען אין דער-הויך, ווי אַ וואונדערליכֿע פּראָצעסיע.

דער זאַל איז באַלד פול געוואָרען, וואָרום מען האָט מורא-געהאַט אַדורכֿצולאָזען כֿאָטש איין נאָטע פון דידאָזיגע בערימטע אַרטיסטען. דער געוואַלטיג-גרויסער אַמפיטעאַטער, אונטער דעם בלענדענדיגען ליכֿט פונ'ם עלעקטרישען הענגלייכֿטער, איז געוועזען פול מיט מענשען און שטאַרקען געפילדער.

פון דער לאָזשע איבער דער סצענע, וואו עס זענען געזעסען די הערצאָגין, אַנעט, דער גראַף, דער מאַרקיז, בערטען און הער דע-מיוזאַדיע, האָט מען גאָרנישט געזעהן, אויסער די קוליסען, וואו מענשען האָבען געפלוידערט, אַרומגעלאָפען און געשריען; עס האָבען זיך געזעהן מעכאַניקער אין העמדלעך, הערן אין פראַקען, אַרטיסטען אין קאָסטיומען. אָבער הינטער דעם געוואַלטיג-גרויסען אַראָבגעלאָזטען פאָרהאַנג האָט זיך געהערט אַ שטאַרק ברומען פון אַנ'עולם מענשען, עס האָט זיך געשפירט דאָס דערביי-זיין פון אַ מענגע ווענזענס, בעוועגליכֿע און אויפגערעגטע, און זייער אויפרעגונג, האָט זיך געדאַכֿט, איז אַדורכֿגעדרונגען דורכ'ן פאָרהאַנג און דערגרייכֿט די דעקאָראַציעס.

מען האָט בעדאַרפט שפּילען „פויסט".

מיוזאַדיע האָט דערצעלט אַנעקדאָטען איבער דער ערשטער פאָרשטעלונג פון „פויסט" אינ'ם לירישען טעאַטער, וועגען זיין ערשטען טיילווייזען דורכֿפאַל, נאָך וועלכֿען ער האָט דערנאָך געהאַט גרויס ערפאָלג. ער האָט לאַנג גערעדט איבער די ערשטע שפּילער פון דערדאָזיגער אָפּערע, ווי אַזוי זיי האָבען געזונגען פערשידענע ערטער.

אַנעט, האַלב-אומגעקערט צו אים, האָט אים געהערט מיט יענער דורשטיגער יונגער בייגיריגקייט, מיט וועלכער זי האָט זיך בעצויגען צו אַלץ אין דער וועלט. נאָר צייטענווייז האָט זי צום חתן, וואָס האָט בעדאַרפט אין עטליכֿע טעג אַרום מערען איר מאַן, געוואָרפען בליקען פול צערטליכֿקייט. זי האָט אים איצט ליב געהאַט, ווי עס ליבען אַלע נאַאיווע קינדער, זי האָט גע-

ליבט אין אים אירע האָפנונגען אויף מאָרגען, אין דער צוקונפט. די פער׳שכור׳ונג דורך דער ערשטער פרייד פון לעבען און דער שטאַרקער בעגער צו גליק האָט זי געמאַכט ציטערן פון פערגעניגען און דערוואַרטונג.

אָליוויע האָט אַלץ געזעהן, אַלץ געוואוסט, ער איז דערגאַנגען ביז דער טיפסטער ירידה אין זיין מאַכטלאָזער אויפערייגער ליבע, און שוין נישט זיין קערפער, נאָר דאָס האַרץ האָט אים געטליעט אויף די פלאַמען פון ליידען. אָליוויע איז געשטאַנען טיף אין דער לאָזשע און געקוקט אויף ביידען מיט׳ן בליק פון אַ מענשען, וואָס איז פער׳משפט צום טויט.

דריי מאָל האָט אַ קלאַפּ געטאָן, און פלוצלונג האָט דעם דיריזשאָרס שטעקעלע איבער׳ן פּיופּיטער איבערגעריסען אַלע בעוועגונגען, איינגעשטילט אַלע הוסטען און שעפּטשערייען. דערנאָך, נאָך אַ קורצען שטיל-שווייגען, האָבען זיך דערהערט די ערשטע טאַקטען פון דער אובערטור וואָס האָבען אָנגעפילט דעם זאַל מיט דעם מעכטיגען סוד פון מוזיק. זי האָט אַזוי ווי מיט אַ נעץ אַרומגעכאַפּט אונזער קערפּער און אָנגעצונדען אונזערע נערווען און אונזערע נשמות מיט אַ פּאָעטישער פיהלבאַרער היצקראַנקהייט, אָנגעפילט די ליכטיגע לופט, וואָס מיר אָטעמען-איין, מיט קלינגענדיגע כוואַליעס, וואָס מיר הערען.

אָליוויע האָט זיך געזעצט טיף אין לאָזשע; ער איז געווען שטאַרק אויפגערעגט, פּונקט ווי דידאָזיגע קלאַנגען וואָלטען אָנגערירט די וואונדען פון זיין האַרצען.

נאָר אַז דער פאָרהאַנג איז אויפגעהויבען געוואָרען, האָט ער זיך פון דאָסניי אויפגעשטעלט און צווישען די דעקאָראַציעס, וואָס האָבען פאָרגעשטעלט אַ קאַבינעט פון אַן׳אַלכימיקער, האָט ער דערזעהן דעם דאָקטאָר פויסט, שטאַרק פערטיפט אין זיינע רעיונות.

אַמאָל צוואַנציג האָט ער שוין געהערט דידאָזיגע אָפּערע, ער האָט זי כמעט געקאָנט אויסווענדיג און דעריבער נישט געקוקט אויף דער פאָרשטעלונג, נאָר אין זאַל אַריין. פון דער לאָזשע, וואָס איז געווען פערבאָרגען הינטער די קוליסען, האָט ער

געזעהן אַ קליין ווינקעל פון זאַל, אָבער דאָסדאָזיגע ווינקעל, וואָס האָט זיך געצויגען פון אָרקעסטער ביז דער גאַלעריע, האָט אים בעוויזען אַ היבשען עולם מענשען, צווישען וועלכע ער האָט געזעהן פיל בעקאַנטע. אונטען, אויף די ערטער פאַר'ן אָרקעסטער, זענען אין אַ שטרענגער שורה געזעסען מענשען אין ווייסע קראַוואַטען. פאַר אָליוויע'ן איז עס געווען אַ מין אויסשטעלונג פון בעקאַנטע פּנים'ער: וועלטליכע לייט, זשורנאַליסטען, אַרטיסטען. דאָ זענען געווען פאָרשטעהער פון אַלע קרייזען, וואָס לאָזען קיינמאָל נישט דורך די געלעגענהייט צו זיין דאָרט, וואו אַלע זענען. בעטראַכט די באַלקאָנען און לאָזשעס, האָט ער אין געדאַנק בעצייכענט יענע פרויען, וואָס האָבען געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט. די גרעפין דע-לאָקריסט ביי זיך אין לאָזשע, איז ווירקליך געווען פול רייץ און עטוואָס ווייטער האָט די יונגע, נאָר-וואָס חתונה-געהאַטע פרוי—מאַרקיזין ד'עבעלין—צוגעשמידט צו זיך די לאָרנעטען. „אַ געלונגענער דעביוט"—האָט בערטען זיך געזאָגט.

מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, מיט אָפענהערציגער סימפּאַטיע האָט מען געהערט דעם טענאָר מאָנראָזע, וואָס האָט אין קלאַנגען געקלאָגט אויפ'ן לעבען.

אָליוויע האָט געטראַכט: „סאַראַ מין חוזק! אָט איז פויסט, דער געהיימער גרויסער פויסט זינגט פון שרעקליכען יאוש, פון וועלט-הבל, און אָט דער עולם פרעגט מיט אונרוהיגקייט, צי האָט זיך נישט פערענדערט מאָנראָזעס קול". דעמאָלט האָט ער, ווי אַנדערע, זיך גענומען צוהערען און דורך די באַנאַלע ווערטער פון דער ליברעטאָ, דורך דער מוזיק, וואָס וועקט טיף אין דער נשמה פערבאָרגענע געריהלען האָט ער אַזוי חי פלוצלונג משיג-געווען, וואָס פאַר אַ פויסט-נשמה געטע האָט פערטראַכט.

ער האָט אַמאָל געלייענט דידאָזיגע פּאָעמע און געווען זעהר אַ היכער מיינונג איבער איר שענקייט, אָבער זי האָט אים עפּיס ווייניג גערעגט. און אָט האָט ער פלוצלונג דערפיהלט די גאַנצע אונענדליכע טיפקייט אירע, וואָרום אים האָט אויסגעוויזען,

אַז אין דעמדאָזיגען אָוועגד ווערט ער אַליין פערוואַנדעלט אין פויכט.

לייכט אויסגעבויגט פאָראויס, אָנגעלענט אויפ'ן באַריער פון לאָזשע, איז אַנעט געווען בלויז געהער. אַ צופרידענע שעפּטשע-ריי האָט זיך דערהערט צווישען פּובליקום, ווייל מאַגראָזעס קול האָט אויסגעוויזען נאָך בעסער אַוועקגעשטעלט, נאָך זעפטיגער, ווי פריער.

בערטען האָט פערמאַכט די אויגען. שוין אַ חדש צייט, ה אַלץ, וואָס ער האָט געזעהן, אַלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, אַלץ, וואָס ער האָט געטראָפען אין לעבען איז באַלד פערוואַנ-דעלט געוואָרען אין אַ דעטאַל פון זיין ליבע. די גאַנצע וועלט און זיך האָט ער אָבגעגעבען אַלס קרבן דערדאָזיגער אידעע, וואָס וויל נישט אָבטרעטען. אַלץ, וואָס ער האָט איינגעפונען פאַר שען, ראַפינירט, אַלץ, וואָס ער האָט אַליין געקאָנט בעשאַ-פען שענעס—דאָס אַלץ האָט ער אין געדאַנק באַלד פאָרגעלעגט זיין קליינינטשקער פריינדין, און ער האָט מער נישט געהאַט קיין איין געדאַנק, וואָס זאָל נישט געהערן זיין ליבע. טיף אין זיין נשמה האָט ער זיך צוגעהערט צו די אָבקלאַנגען פון פויסט'ס בעקלאָגען זיך. און ער האָט געוואָלט שטאַרבען, מאַכען אַ סוף מיט די אַלע אַנגסטען, מיט די אַלע ליידען, וואָס אים האָט גע-געבען דאָס אונגליקליכע געפיהל. ער האָט געקוקט אויף אַנעטס פיינעם פּראָפיל און געזעהן, ווי דער מאַרקיז דע-פאַראַנדאַל, וואָס איז געזעסען הינטער איר, האָט אויך געקוקט אויף איר.

ער האָט זיך געפיהלט אַלט, אָבגעלעבט, פערלאָרען! אַך! מער אויף גאָרנישט וואַרטען, מער אויף קיין זאַך נישט האָפען, נישט האָבען אפילו דאָס רעכט צו האָפען, פיהלען זיך אַרויס-געשליידערט, פיהלען, אַז דאָס לעבען האָט געגעבען דעמיסיע, פונקט ווי אַנ'אַלטען בעאַמטען, וואָס האָט אויסגעדינט זיין צייט און געענדיגט זיין קאַריערע... וואָס פאַר אַ מין אונדערקלערלי-כער ווערטאָג!

די האָבען זיך דערהערט אַפּלאַדיסמענטען, מאַגראָזעס טרי-

אומפען האָבען זיך אָנגעהויבען. און מעפיסטאָפעל לאַבאַריער איז פלוצלונג אויסגעוואַקסען פון דער ערד.

אָליוויע, וואָס האָט אים קיינמאָל נישט געזעהן אין דער ראָל, האָט זיך פון דאָסניי גענומען צוהערען. פון אָנהויב האָט די ערינערונג וועגען ד'אָבען, וואָס האָט מיט זיין נידעריגען קול אַריינגעלעגט אַזויפיל דראַמאַטיזם אין זיין ראָל און דערנאָך וועגען פאָר, וואָס זיין באַריטאָן האָט אַזוי זיס געקלונגען, צוזייט אים אויף עטליכע מינוט.

נאָר פלוצלונג האָט אים שטאַרק צוטרויסעלט די פראַזע, וואָס מאָנראָזע האָט אויסגעזונגען מיט אונגעהויערער קראַפט.

פויסט האָט געזאָגט צום טייוועל

„גיב מיר דעם אוצר, וואָס נעמט אַלץ אַריין אין זיך! אָ, גיב מיר יוגענד!"

און עס ווייזט זיך דער טענאָר אין אַ זיידענער פעלערינע, מיט אַ שווערד ביי דער זייט, אין אַ הוט מיט פעדערן, אַנ'עלעגאַנטער, אַ יונגער, וואָס איז חנ'עוודיג מיט זיין מאַנירליכער שענקייט פון אַ זינגער.

אין זאַל האָט מען זיך איבערגעשעפטשעט. ער איז געווען זעהר שען און געפעלען געווען פרויען. אָבער אָליוויע האָט, פערקערט, זיך געשפירט ענטטוישט, ווייל די פיינליך-קלאָרע פערוואַנדלונג פון געטעס דראַמאַטישער פּאָעמע איז פערשוואונדען געוואָרען אַ דאַנק דערדאָזיגער מעטאַמאָרפאָזע. איצט זעען פאַרביי זיינע אויגען דורכגעגאַנגען בלויז בילדער, פול מיט שענע מעלאָדיעס, מיט טאַלענטירטע אַרטיסטען, וואָס האָבען אים בלויז אינטערעסירט מיט זייער קול. דערדאָזיגער מאַן אין דער זיידענער פעלערינע, אָט דער שענער יונג, וואָס האָט געמאַכט מיט זיין קול פערשידענע קונצען און בעוויזען זיינע לענדען און הויכע נאָטען, איז אים נישט געפעלען געווען. ער איז שוין מער נישט ענליך געווען צו דעם עלטען, פעסטען און בייז-טריבען ריטער פויסט, וואָס האָט בעדאַרפט פערפיר'ען מאַרגאַריטע'ן.

ער האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט און די נאָר-וואָס גע-הער'טע פראַזע איז אים ווידער געקומען אויפ'ן זינען:

„גיב מיר דעם אוצר, וואָס נעמט אַלץ אַריין אין זיך. אָ, גיב מיר יוגענד!"

ער האָט זי געמורמעלט דורך די ציין, מיט וועהטאָג האָט זי זיך אים אָבגערופען טיף אין דער נשמה, און בשעת זיינע אויגען זענען צוגעשמידט געוואָרען צום בלאָנדען קעפעל פון אַנעט, וואָס איר געשטאַלט האָט זיך איינגעפּאַסט אין דער פיר-עקיגער עפענונג פון דער לאָזשע, האָט ער דערשפירט די גאַנ-צע ביטערניש פון זיין בעגער, וואָס קאָן נישט מקוים-ווערען.

אָבער מאָנראָזע האָט פערענדיגט דעם ערשטען אַקט אַזוי גוט, אַז ער האָט אַרויסגערופען ענטציקונג. עטליכע מינוט צייט האָט דער געררויש פון אַפּלאָדיסמענטען, די טופּעריי פון פיס און די געשרייען בראַוואָ פערהילכט דעם זאַל, ווי דאָס ברומען פון אַ שטורמווינט. אין אַלע לאָזשעס האָבען פרויען געקלאַפּט איין האַנטשו אין דער צווייטער, די מענער זענען בעת מעשה גע-שטאַנען הינטער זיי און געשריען, אַפּלאָדירענדיג. דער פאָרהאַנג איז געפאַלען און פון דאָסניי זיך אַ פּאָר מאָל אויפגעהויבען און אַלעמענס עקסטאַז איז נישט געשטילט געוואָרען. דערנאָך, בשעת דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָבגעלאָזט צום דריטען מאָל און אָב-געטיילט פון פובליקום די סצענע און די אינערליכע לאָזשעס, האָט די הערצאָגין און אַנעט נאָך אַלץ אַפּלאָדירט; דערפאַר האָט זיי דער טענאָר בעדאַנקט דורך אַ קליינינקען חשוב׳ען שאָקעל מיט׳ן קאָפּ.

—אָ, ער האָט אונז געזעהן?—האָט אַנעט געזאָגט.

—אַ זעלטענער אַרטיסט!—האָט אויסגעשריען די הערצאָגין.

און בערטען, אַרויסרוקענדיג זיך פאָראויס, האָט געקוקט מיט אַ געמישטען געפיהל פון פערדרוס און פעראַכטונג אויף׳ן אַקטאָר, וואָס איז ביי די אַרויסרופונגען פערשוואונדען געוואָרען הינטער די קוליסען מיט לייכט-שאַרענדיגע טריט, אַרויסשטעלענ-דיג פאָראויס אַ פוס, מיט אַ האַנט אויף דער זייט, נאָך אין דער-זעלבער פאָזע פון אַ העלד אין אַ פּיעסע.

מען האָט גערעדט פון אים. זיין ערפאָלג ביי פּו״עַן האָט פערשאַפען אַזויפיל טומעל, וויפיל זיין טאַלענט. ער האָט בע-

רייזט אַלע רעזידענצשטעט און אומעטום אַרויסגערופען עקסטאַז ביי פרויען, וואָס האָבען פריער געוואוסט, אַז ער ווירקט אונגע-הויער; מיט האַרצקלאַפּעניש האָבען זיי געוואַרט דערויף, ווי ער וועט זיך ווייזען אויף דער סצענע. מען האָט, איבעריגענס, גע-שמועסט, אַז די סענטימענטאַלע משוגעת׳ן האָבען אים ווייניג גע-רירט, און ער האָט זיך בעגרענצט מיט די מוזיקאַלישע טריאומ-פען. מיוזאַדיע האָט דערצעלט אין פאַרזיכטיגע ווערטער—צוליב אַנעט—אויס דעם לעבען פון דעמדאָזיגען אויסגעצייכענטען אַר-טיסט, און די הערצאָגין, אַ צוהיצטע, האָט אָנגעהויבען פער-זיכערן, אַז זי פערשטעהט און איר זענען געפעלען די אַלע משוגעת׳ן, וואָס ער זאָל זיין די סבה פון זיי. אַזוי שטאַרק גע-פעלט ער איר, ווי אַ צוציהענדיגער, שענער, עלעגאַנטער, אונגע-ווענליכער מוזיקאַנט.

—ווי פאַרט קאָן מען בייסטעהן קעגען אַ מענשען מיט אַזאַ שטים.

אָליוויע איז בייז געוואָרען און אָנגעהויבען ריידען מיט ביטערניש. ער האָט זיך אָבגעזאָגט צו פערשטעהן די פערקאָכט-קייט אין אַנ׳אַקטאָר, אין אָט דעם אייביגען פאַרשטעלער פון מענשליכע טיפען, וואָס פערזענליך זענען זיי אים אַלע פרעמד, וואָס קומט אַנ׳אויסגעפּוצטער אַלע אָוועגד אין אַ נייער ראָל.

—איר אויפערט צו זיי—האָט געזאָגט די הערצאָגין—איר אַלע, סיי וועלטליכע לייט, סיי קינסטלער האָט פיינט ארטיס-טען, ווייל זיי האָבען מער ערפאָלג פאַר אייך.

דערנאָך האָט זי געפרעגט אַנעט:

—נו, און דו, קינד, דו טרעטסט איצט אַריין אין לעבען, דו קוקסט נאָך אויף אַלץ מיט געזונטע אויגען, ווי זעהט דיר אויס דערדאָזיגער טענאָר?

אַנעט האָט געענטפערט מיט איבערצייגונג:

—איך? איך זעה נישט איין, אַז ער איז זעהר שען.

עס האָבען זיך דערהערט דריי קלעפּ, וואָס האָבען אָנגע-זאָגט דעם אָנהויב פון צווייטען אַקט; דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבען און געוויזען די סצענע ביים טעמפּעל.

כעלסאָנס אויפטריט איז געווען אַנ׳אויסגעצייכענטער. ביי איר האָט זיך, אפנים, אויך ענטוויקעלט די שטים און זי האָט זי בעהערשט מיט אַ זעלטענער זיכערקייט. דאָס איז באמת געווען אַ גרויסע וואונדערליכע זינגערין, וואָס איר וועלט-טריאומף איז געווען גלייך צום רום פון אַ ביסמאַרק אָדער אַ לעסעפס.

בשעת פויסט איז צוגעגאַנגען צו איר און מיט זיין פער׳-כשופ׳טער שטים אויסגעזונגען דידאָזיגע חנ׳עוודיגע פראַזע:

„קאָן איך מיט׳ן שענעם מיידעל
געהן צוזאַמען? איך בעגלייטען."

און בשעת די בלאָנדע שענע רייצענדיגע מאַרגאַריטע האָט אים געענטפערט:

„נישטאָ קיין שענע מיידעל דאָ!
אַהיים קאָן איך אַליין נאָר געהן",

איז איבער׳ן גאַנצען זאַל דורכגעלאָפען אַ ציטער פון התפעלות.

און אַז דער פאָרהאַנג איז געפאַלען, איז דער געשריי און ליאַרם געווען שרעקליך גרויס און אַנעט האָט אַזוי לאַנג אַפּלאָ-דירט, אַז בערטען האָט זי געמוזט אָנכאַפּען פאַר די הענט—זי זאָל אויפהערען. אַ נייער ווערה האָט אים איצט געמוטשעט. בשעת׳ן אַנטראַקט האָט ער געשוויגען, ווייל זיין אָנגעשטרענגטער פיינד-ליכער געדאַנק האָט זיך געדרעהט הינטער די קוליסען. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי דער עקעלדיגער זינגער, וואָס האָט אַזוי אויפגערעגט דאָסדאָזיגע מיידעלע, האָט געפּאַרבט די באַקען.

דערנאָך האָט זיך אויפגעהויבען דער פאָרהאַנג; עס האָט זיך געוויזען די דעקאָראַציע פון גאָרטען.

עפּיס אַ מין ליבע-פיבער האָט זיך באַלד פערשפרייט אי-בער׳ן גאַנצען זאַל, וואָרום נאָך קיינמאָל האָט דידאָזיגע מוזיק, וואָס איז אַזוי ווי געווען געוועבט פון קושען, נישט געהאַט אַזוי-נע צוויי אויספירער. דאָס זענען שוין מער נישט געווען קיין צוויי בערימטע אַקטאָרען: מאָנראָזע און כעלסאָן; דאָס זענען געווען צוויי וועזענס פון אַנ׳אידעאַלער וועלט; דאָס זענען כמעט קיין וועזענס נישט געווען—צוויי שטימען זענען דאָס געווען: די

אייביגע שטים פון מאַנספּערשוין, וואָס האָט ליב, די אייביגע שטים פון דער פרוי, וואָס גיט נאָך. און אָט די צוויי שטימען צוזאַמען האָבען גערעדט וועגען יענער גאַנצער פּאָעזיע, וואָס בעסטיגט זיך אין מענשען.

פויסט האָט געזונגען:

„לאָז, לאָז מיך קוקען אויף דיר".

און אין די לייכט-דערשטיקטע קלאַנגען פון זיין קול האָט זיך געשפּירט אַזאַ אויסדרוק פון פערגעטערונג, בעגייסטערונג און געבעט, אַז אויף אַ מינוט האָט אַלע הערצער אין זאַל אַרומגע-כאַפּט דער פערלאַנג צו ליבען.

אָליוויע האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אַליין געשעפּ-טשעט דידאָזיגע ווערטער אין פּאַרק אין ראָנסיער, אונטער די פּענסטער פון שלאָס. ביז אַהער האָבען זיי אים אויסגעוויזען עטוואָס באַנאַל, און איצט האָבען זיי זיך געבעטען צו אים אויף די ליפּען, ווי אַ לעצטער אויסגעשריי פון ליידענשאַפט, וואָס ער האָט נאָך געקאָנט דערוואַרטען דאָ, אין דעמדאָזיגען לעבען.

דערנאָך האָט ער מער גאָרנישט געהערט, מער גאָרנישט געזעהן. זיין האַרץ איז צוריסען געוואָרען אויף שטיקער פון אַ שווערער שניידיגער אַטאַק פון אויפערויגקייט, ווייל ער האָט גע-זעהן, ווי אַנעט האָט צוגעטראָגען איר טיכעל צו די אויגען.

זי האָט געוויינט! הייסט עס, אַז איר האַרץ האָט דערוואַכט, אויפגעלעבט, געווען אונרוהיג, איר קליינטשיק הערצעלע פון אַ פרוי, וואָס האָט נאָך גאָרנישט געוואוסט. דאָ, סאַמע נעבען אים, גאָרנישט טראַכטענדיג פון אים, איז פאַר איר האַרץ ענטדעקט געוואָרען, אַז ליבע קאָן צוטרויסלען אַ מענשען, און דידאָזיגע ענטדעקונג, דידאָזיגע פּערטרויונג אין די סודות פון ליבע האָט איר געגעבען צו שפּירען דערדאָזיגער צרה'דיגער זינגער-קאָ-מעדיאַנט.

אַך, ער האָט שוין מער גאָרנישט געהאַט געגען דעם מאַר-קיז דע-פאַראַנדאַל, געגען דעמדאָזיגען שוטה, וואָס האָט קיין זאַך נישט געהערט, נישט געוואוסט, נישט פערשטאַנען! אָבער ווי העסליך און פיינדליך איז אים איצט געווען יענער מאַן, וואָס

איז איינגעצויגען אין טריקאָ, וואָס האָט געקאָנט אָנצינדען דידאָזיגע מיידעלשע נשמה.

ער האָט זיך געוואָלט וואַרפען צו איר, ווי מען וואַרפט זיך צו אַ מענשען, וואָס קאָן צומורשט ווערען פון אַ צויאָגטען פערד, כאַפּען זי פאַר דער האַנט, אַוועקטראָגען, ציהען זי נאָך זיך, זאָגען איר: „לאָמיר אַוועקגעהן פון דאַנען! אַוועקגעהן! איך בעט אייך!"

ווי זי האָט געהערט, ווי זי האָט געציטערט! און ווי ער האָט געליטען! ער האָט שוין איינמאָל איבערגעלעבט אַזוינע יסורים, אָבער דעמאָלט זענען זיי נישט געווען אַזוי פּיינליך. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיי, וואָרום יסורים פון אויפערן לעבען תידער און ווידער אויף, בשעת עס ווערען פון דאָסניי געעפענט די אַלטע וואונדען. צום ערשטען מאָל איז עס געשעהן אין ראָנסיער, בשעת זיי האָבען זיך צוריקגעקערט פון בית-עולם; ער האָט דעמאָלט צום ערשטען מאָל דערפיהלט, אַז זי געהט-אַוועק פון אים, אַז ער האָט קיין מאַכט נישט איבער איר, איבער דעמדאָזיגען קליינעם מיידעלע, וואָס איז ווילד, ווי אַ יונג חיה׳לע. אָבער דאָרט, בשעת זי האָט אים אויפגערעגט, אַנטלויפענדיג פון אים, אָנצורייטען בלומען, האָט ער הויפּטזעכליך געהאַט אַ גראָבען פערלאַנג אויפצוהאַלטען זי, נישט לאָזען איר זיך בעוועגען, צוהאַלטען איר קערפּער נעבען זיך; אָבער איצט איז איר נשמה אַוועק פון אים, זי לאָזט זיך שוין נישט כאַפּען. אַך, ער האָט נישט איינמאָל איבערגעלעבט דעמדאָזיגען צאַפּלענדיגען וועהטאָג, אָט די קליינינטשקע שטעך, אין וועלכע דו ביזט זיך אַליין נישט מודה און וואָס לאָזען-איבער אַ סך ביילען אין פערליבטען האַרצען. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די שווערע שפּירונגען פון קליינליכען אויפערן, וואָס האָבען זיך ווי אָפּטע קלעפּ געשאָטען אויף אים פון טאָג צו טאָג. יעדעס מאָל, ווען עפּיס האָט אַרויסגערופען אין אַנעט אויפמערקזאַמקייט, ענטציקונג, ליבע אָדער פערלאַנג, האָט ער געאויפערט, געאויפערט פערבאָרגען, אָבער שטענדיג. ער האָט זי געאויפערט צו דעם אַלעם, אויף וואָס זי האָט גע׳פּטר׳ט צייט, אויף וואָס זי האָט געקוקט,

וואָס האָט אַרויסגערופען אין איר פרעהליכקייט, פערוואונדערונג אָדער מיטגעפיהל, ווייל דאָס אַלץ האָט זי צוגענומען פון אים; ער האָט געאויפּערט צו דעם אַלעם, וואָס זי האָט געטאָן אָהן אים, צו אַלעם, וואָס ער האָט נישט געוואוסט, צו איר שפּאַצי-רען, צו אירע ביכער, צו אַלעם, וואָס איז איר געווען געפעלען, צום אָפיציר, וואָס איז העלדיש פערוואונדעט געוואָרען אין אַפרי-קאַ און גאַנץ פּאַריז האָט זיך מיט אים בעשעפטיגט אַכט טעג צייט, צום אויטאָר, וואָס זיין ראָמאַן איז געלויבט געוואָרען, צום יונגען אונבעקאַנטען פּאָעט, וואָס זי האָט אים קיינמאָל נישט גע-זעהן, נאָר מיוזאַדיע האָט געלייענט הויך זיינע לידער, צו אַלע מענער, וואָס מען האָט געלויבט פאַר איר כאָטש אין סאַמע באַ-נאַלע פראַזען; ווארום בשעת דו האָסט ליב אַ פרוי, קאָנסטו אָהן אונרוהיגקייט נישט אַ טראַכט טאָן וועגען דעם, אַז זי קאָן זיך בעציהען צו עמיצען אפילו מיט דעם קלענסטען אינטערעס. דער פערליבטער שפּירט אין זיין האַרצען אַ געוואַלטיגע פאָדערונג צו זיין פאַר דער פרוי דער איינציגער אין דער וועלט. ער וויל, אַז אויסער אים זאָל זי מער גאָרנישט זעהן, נישט וויסען, נישט שעצען. און באַלד ווי זי מאַכט אַ בעוועגונג צו זעהן אָדער צו דערגעהן עפּיס, ווילט זיך פערלויפען פאַראויס פאַר איר בליק און אָבציהען אים, דערשטיקען אים, און אויב דאָס געלינגט נישט, ליידסטו אָהן אַ מאָס.

און אָליוויע האָט זיך געמוטשעט, קוקענדיג אויף דעמדאָזי-גען זינגער, וואָס האָט אַזוי ווי געזייהט און געשניטען ליבע אין דעמדאָזיגען זאַל. און ער האָט געהאַסט די גאַנצע וועלט פאַר דעם טריאומף פון דעמדאָזיגען טענאָר—די פרויען דערפאַר, וואָס זיי זענען געזעסען אין די לאָזשעס פול התלהבות, די אויסוואור-פען-מענער דערפאַר, וואָס זיי האָבען געשאַפען דעם יום-טוב דעמדאָזיגען פּאַצעט.

אַרטיסט! ער הייסט ביי זיי אַרטיסט, גרויסער אַרטיסט! און ער, דערדאָזיגער פּאַיאַץ, וואָס פערוואַנדעלט אַ פרעמדען געדאַנק, האָט אַזאַ ערפאָלג, וואָס דער אויטאָר אַליין געניסט קיינמאָל נישט פון אים, יאָ, אַזוי איז דער יושר און פערשטאַנד פון די

חעלטליכע לייט, דידאָזיגע עם-הארצים-דילעטאַנטען, אויף וועלכע עס אַרבייטען דאָס גאַנצע לעבען ביז׳ן טויט די גרעסטע מייסטער פון מענשליכער קונסט. ער האָט געזעהן ווי זיי אַפּלאָדירען, שרייען, ענטציקען זיך. און די אַלטע פיינדשאַפט, וואָס האָט זיך שטענדיג געגעסטיגט אין דער טיפעניש פון זיין שטאָלצען האַרץ פון אַ פּלעביי, האָט, אויסוואַקסענדיג, זיך פערוואַנדעלט אין ווילדען האַס צו דידאָזיגע שוטים, וואָס זענען געוואָרען אַלמעכטיג בלויז לויט׳ן רעכט פון געבוירען און עשירות.

ביז׳ן סוף פון דער פאָרשטעלונג איז ער געזעסען שווייבענדיג, געפייניגט פון זיינע מחשבות; דערנאָך, אַז עס זענען איינגעשטילט געוואָרען די לעצטע געשרייען פון עקסטאַז, האָט ער פאָרגעלעגט זיין האַנט דער הערצאָגין. אין דער אייגענער צייט האָט דער מאַרקיז גענומען אַנעט אונטער׳ן האַנט. זיי זענען אַוועק מיט די ברייטע טרעפ אין אַ שטראָם פון פרויען און מענער, וואָס זענען געגאַנגען אַראָב און געשטראַלט מיט זייערע גאַקעטע אַקסלען, רייכע קליידער און שוואַרצע פראַקען. דערנאָך האָט זיך די הערצאָגין, דאָס יונגע מיידעל, איר פאָטער און דער מאַרקיז אַריינגעזעצט אין לאַנדאָ, און אָליוויע בערטען איז פערבליבען אַליין מיט מיוזאַדיע׳ן אויפ׳ן אָפּערן-פּלאַץ.

פלוצלונג האָט ער דערפיהלט אין זיין האַרץ אַ וואַרימקייט צו דעמדאָזיגען מענשען אָדער, ריכטיגער, אַ נאַטירליך געפיהל, וואָס דו שפּירסט צו אַ בן-עיר, ווען דו טרעפסט אים אין אַ ווייטען לאַנד. דאָ, אין דערדאָזיגער מחנה פון פרעמדע גלייכגילטיגע מענשען, האָט ער זיך געפיהלט פערלאָרען, און מיט מיוזאַדיע׳ן האָט ער דאָך געקאָנט ריידען וועגען איר.

ער האָט אים גענומען אונטער׳ן האַנט.

—איר ווערט נאָך וואַרשיינליך נישט געהן אַהיים—האָט ער געזאָגט—דאָס וועטער איז שען. מיר וועלען זיך עטוואָס דורכגעהן.

—גערן.

זיי זענען אַוועק מיט דער גאַס מאַדלען צווישען דעם נאַכט-עולם און יענער בעלעבונג, וואָס רוישט אויף די בולוואַרן ביים אַרויסגעהן פון טעאַטער.

מיוזאַדיע האָט געהאַט אין קאָפּ טויזענדער זאַכֿען, טויזענדער מעשיות, וואָס האָבען זיך געפּאַסט צום ענין, און ער האָט גענומען אויספּרובען זיין שען ריידען איבער צוויי אָדער דריי פראַגען, וואָס האָבען אים אַממערסטען אינטערעסירט. דער קינסטלער האָט אים געלאָזט ריידען, אָבער נישט געהערט. ער האָט אים געהאַלטען אונטער'ן האַנט און געווען זיכֿער דערין, אַז ער וועט אים באַלד צווינגען צו ריידען וועגען איר. ער איז געגאַנגען און גאָרנישט בעמערקט אַרום זיך, איינגעשלאָסען אין דער תּפיסה פון זיין אייגענעם געפיהל. ער איז געגאַנגען אַנ'אָבגעשוואַכטער פון אויפעריגקייט, פיזיש דערשלאָגען, פונקט ווי נאָך אַ ירידה, דערשטיקט פון דער זיכֿערקייט, אז ער האָט שוין מער גאָרנישט וואָס צו טאָן אויף דער וועלט.

און נאָך שטאַרקער וועט ער דאַרפען ליידען און אין דער צוקונפט שטעהט אים גאָרנישט פאָר. און אַזוי וועלען געהן טעג איינע נאָך די אַנדערע, לערע טעג, און ער וועט נאָר פון וויי-טען זעהן, ווי זי לעבט, ווי זי איז גליקליך, ווערט געליבט און וועט מסתּמא אַליין אויך ליבען. מעגליך, אַז זי וועט אַליין אויך האָבען אַ געליבטען, ווי איר מוטער האָט געהאַט. ער האָט דערשפירט אין זיך אַזויפיל קוואַלען צו ליידען, זיי זענען געווען אַזוי פערשידענאַרטיג און פערוויקעלט, דאָס איז געווען אַזאַ גרויסע אָנזאַמלונג פון אומגליק, אַזויפיל אונפערמיידליכֿע יסורים, אַז ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט דערלאָזען צום געדאַנק, אַז עמיץ אַנ'אַנדערער זאָל אַזוי ליידען, ווי ער. און ער האָט פלוצלונג אַ טראַכֿט געטאָן וועגען דעם, ווי קינדערש עס זענען די פּאָעטען, וואָס האָבען אויסגעטראַכֿט די אומזיסטע אַרבייט פון סיזיפוס, דעם פיזישען דורשט פון טאַנטאַל, דאָס אויסגעפייניגטע האַרץ פון פראָמעטייאַס! אַך, ווען זיי וואָלטען פאָרגעזעהן, ווען זיי וואָלטען פערשטאַנען די וואַנזיניגע ליבע פון אַנ'אַלטען מאַנס-פערשוין צו אַ יונגען מיידעל, ווי וואָלטען זיי אויסגעדריקט די שרעקליכֿע געהיימע פרעטענזיע פון אַ וועזען, וואָס מען קאָן שוין מער נישט ליבען, די יסורים פון אומזיסטע בעגערן און די

אכזריות׳דיגע מאַכט פון אַ קלייניטשקען העל פנים׳ל, וואָס צו-רייסט דאָס אַלטע האַרץ אויף שטיקער נאָך ערגער פון אַ קאָר-שון-שנאָבעל.

מיוזאַדיע האָט נאָך אַלץ גערעדט און בערטען, אונטער דער מאַכט פון זיין אָנגעבונדענעם געדאַנק, האָט אים איבערגע-שלאָגען און אַרויסגעזאָגט כמעט געגען זיין אייגענעם ווילען:

—אַנעט איז היינט געווען זעהר שען.

—יאָ, גרויסאַרטיג...

און דער קינסטלער האָט צוגעגעבען—נישט צו דערלאָזען, מיוזאַדיע זאָל געפינען דעם אָבגעריסענעם פאָדעם פון זיינע גע-דאַנקען:

—זי איז שענער, ווי איר מוטער איז אַמאָל געווען.

מיוזאַדיע, אַ צוזייטער, האָט מיט אים מסכים-געווען, עטליכע מאָל נאָכאַנאַנד איבערגע׳חזר׳ט: „יאָ, יאָ, יאָ,” אָבער זיין בע-וואוסטזיין האָט זיך נאָך אַלץ נישט קאָנצענטרירט אויף דעמדאָ-זיגען נייעם געדאַנק.

אָליוויע האָט זיך געסטאַרעט איינצוהאַלטען אים דערויף, מיט כיטרע גענג זיך בעמיהט צו קאָנצענטרירען מיוזאַדיעס אויפמערקזאַמקייט אויף זיינע געליבטע טעמעס. ער האָט געזאָגט:

—נאָך איר חתונה וועט ביי איר זיין איינער פון די ער-שטע סאַלאָנען אין פאַריז.

דאָס איז געווען גענוג, און דער איבערצייגטער וועלטלי-כער מאַן, וואָס אַזאַ איז געווען דער אינספעקטאָר איבער שענער קונסט, האָט אויף אַ זעהר וויסענשאַפטליכער אַרט גענומען אָב-שאַצען די שטעלונג, וואָס דער מאַרקיז דע-פאַראַנדאַל וועט פער-בעמען אין דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט.

בערטען האָט אים געהערט און געזעהן אַנעט אין אַ גרוי-סען, העל-בעלויכטענעם אויפנאַמצימער, אַרומגערינגעלט פון פרויען און מענער. אָבער אויך דאָס בילד האָט אין אים אַרויסגערופען אַ געפיהל פון אויפערן.

איצט האָבען זיי זיך אויפגעהויבען איבער׳ן בולוואַר מאַל-זערב. אַז זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דעם הויז, וואו עס

האָט געװאױנט דע-הילערואַ, האָט דער קינסטלער אַ קוק געטאָן אַרויף. הינטער די פֿאַלדען פון די פענסטער-פאָרהאַנגען איז׳ דאַכט זיך, געװען ליכטיג. ער האָט חושד-געװען, אַז נאָכ׳ן טע-אַטער האָט מען געמוזט איינלאַדען אויף אַ גלאָז טיי די הער-צאָגין מיט איר פּלימעניק. און אים איז בעפאַלען אַ װילדער כעס, פון װעלכען עס האָט אים פיינליך װעה געטאָן דאָס האַרץ.

ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטען מיװזאַדיע׳ן אונטער׳ן האַנט און מיט׳ן ענטפער זיך געסטאַרעט דערװאַרימען זיינע מיינונגען װעגען דער קינפטיגער מאַרקיזין.

און אונטער די קלאַנגען פונ׳ם באַנאַלען קול, װאָס האָט גערעדט װעגען איר, איז אין נאַכט אַרומגעשװאומען אַרום אים איר געשטאַלט.

אַז זיי זענען צוגעגאַנגען צום װיליע-פּראָספּעקט און גע-בליבען שטעהן פאַר׳ן קינסטלערס גאַס-טיר, האָט דער לעצטער געפרעגט :

—איר װעט אַריינגעהן ?

—ניין, איך דאַנק. שוין שפּעט. איך װעל מיך לעגען שלאָפען.

—קומט-אַריין, איך בעט אייך, אויף אַ װאָסער האַלבער שעה, מיר װעלען נאָך שמועסען.

דער געדאַנק צו פערבלייבען אַליין נאָך די אַלע אויפרע-גונגען, װאָס ער האָט נאָר-װאָס איבערגעלעבט, האָט אים אָנגע-פילט דאָס האַרץ מיט שרעק. איצט איז עמיץ געשטאַנען נעבען אים און ער האָט אים בעדאַרפט פערהאַלטען.

—דאָך, קומט-אַריין. איך האָב אייך שוין לאַנג געװאָלט פאָרלעגען אַנ׳עטיוד, איך װיל אָבער, איר זאָלט אים אַליין אויס-קלויבען.

מיװזאַדיע, װאָס האָט געװאוסט, אַז נישט אַלעמאָל זענען קינסטלער אַזוי בריט צו שענקען עפּיס און אַז דער זכרון ביים פערשפּרעכען איז אַ גאַנץ קורצער, האָט בעשלאָסען נישט דורכ-צולאָזען אַזאַ געלעגענהייט.

אַלס אינספעקטאָר פון שענער קונסט, האָט ער געהאַט אַ קאָלעקציע צייכענונגען, וואָס ער האָט זעהר געשיקט צונויפגעזאַמעלט.

—איך געה מיט אייך,—האָט ער געזאָגט.

זיי זענען אַרויפגעגאַנגען.

ער אויפגעוועקטער לאַקיי האָט געבראַכט גראָג און אַ געוויסע צייט האָט מען אַלץ געשמועסט פון מאָלעריי. בערטען האָט בעוויזען שטודיען און געבעטען מיוזאַדיע'ן, ער זאָל נעמען דאָס, וואָס איז אים צום בעסטען געפעלען. מיוזאַדיע האָט געקווענקעלט, דער שיין פון גאַז האָט אים געערגערט, דאָס האָט געגעבען פאַלשע טאָנען. צולעצט האָט ער זיך אָבגעשטעלט אויף אַ גרופע קליינינשקע מיידעלעך, וואָס זענען געשפרונגען איבער אַ שטריקעל אויפ'ן טראָטואַר. נאָכדעם האָט ער באַלד געוואָלט אַוועקגעהן, מיטנעמענדיג דעם קינסטלערס מתנה.

—איך וועל עס אייך צושיקען,—האָט געזאָגט דער קינסטלער.

—ניין, איך וועל עס בעסער נעמען איצט און וועל מיך נאָך קוויקען דערמיט, איידער איך געה מיך לעגען אין בעט אַריין.

מען האָט אים בשום אופן נישט געקאָנט מער אָבהאַלטען, און אָליוויע בערטען איז פון דאָסניי געבליבען אַליין אין שטוב, אין דערדאָזיגער טורמע, וואָס איז פול זכרונות און איבערגעלעבטע פיינליכע אויפרעגונגען.

אויף מאָרגען, בשעת דער דינער איז אַריין אין צימער און געבראַכט טיי און ציישונגען, האָט ער געפונען זיין הער זיצענדיג אין בעט. אָליוויע בערטען איז געוועזען אַזוי טויט, אַז דער דינער האָט זיך דערשראָקען.

—איז דער הער נישט געזונט?—האָט ער געפרעגט.

—נאַרישקייטען. אַ קליינינשקער מיגרען.

—ווילט איר, איך זאָל עפיס ברענגען?

—ניין. וואָס פאַר אַ וועטער איז היינט?

—עס געהט אַ רעגען.

—גוט. מער ברויך איך גאָרנישט.

דער דינער האָט, ווי אַלעמאָל, אַוועקגעשטעלט אויפ'ן קליי-

ניטשקען טישעל דעם טיי-סערוויז זון צייטונגען, און איז אַרויס-גענאַנגען.

אָליוויע האָט גענומען די צייטונג „פ י ג אַ ר אָ" אין דער האַנט אַריין. דער לייטאַרטיקעל האָט געהייסען: „די מאָדערנע מאַלע-ריי". דאָס זענען געווען איבער דער מאָס שבחים אויפ'ן אַדרעס פון אַ פיר אָדער פינף יונגע קינסטלער, וואָס זענען באמת גע-ווען גוטע קאָלאָריסטען. אָבער צוליב עפעקט האָבען זיי בעטאָנט און מגזם-געווען זייערע אייגענשאַפטען און מיט פּרעטענזיעס אַרויסגעטראָטען אַלס רעוואָלוציאָנערן אין דער קונסט און אַלס געניאַלע רעפאָרמאַטאָרען.

ווי אַלע קינסטלער פון עלטערן דור, איז בערטען נישט צופרידען געווען מיט די נייע, אויפגערעגט פון זייער איינגע-שפּאַרטקייט און אָבגעלייקענט זייערע טעאָריעס. און דעריבער, נאָך איידער ער האָט גענומען לייענען, האָט ער שוין דערשפּירט אַ כעס, מיט וועלכען עס פלאַמט זיך אויף דאָס קראַנקע אויסגעפייניגטע האַרץ. דערנאָך, אַדורכלויפענדיג מיט די אויגען נידעריגער, האָט ער בעמערקט זיין נאָמען, און עטליכע ווערטער, ביים סוף פון אַ פראַזע, האָבען אים געטראָפען ווי אַ קלאַפּ מיט'ן פויסט גלייך אין האַרץ אַריין: „די קונסט פון אָליוויע בערטען, וואָס איז ארויס פון מאָדע..." האָט ער דורכגעלייענט.

ער איז אַלעמאָל געווען עמפינדליך סיי צו קריטיק און סיי צו לויבערייען. אָבער אין כלל, נישט געקוקט אויף זיין געזעצ-ליכען שטאָלץ, האָט אים דאָך מער געערגערט דאָס זידלעניש, איידער געפרעהט די שבחים. די שלעכטע קריטיק האָט אַזוי ווי בעשטעטיגט דעם אמת פון יענער אינערליכער אונרוהיגקייט, וואָס האָט אים נישט פערלאָזט און שטענדיג געמאַטערט מיט פיינלי-כע ספקות.

אַמאָל, אין דער צייט פון זיינע טריאומפען, האָט מען אים אַזוי שטאַרק געלויבט, אַז עס זענען לייכט פערגעסען גע-וואָרען די נאָדעל-שטעך פון דער אייגענליבע. אָבער באַלד איז געקומען אַ שטראָם מיט נייע קינסטלער, זיי האָבען געהאַט זיי-ערע אייגענע נייע אָנהענגער און אויף אָליוויעס חלק האָבען די

שבחים געגומען אויספאַלען אַלץ זעלטענער און די זידלערייען אַלץ שאַרפער. ער האָט זיך געפיהלט פאַר רעגיסטרירט אינ׳ם פּאָלק פון אַלטע טאַלענטירטע קינסטלער, אין וועלכע די יוגענד וויל אָבער נישט זעהן אירע לערער. אָבער אַזוי ווי ער איז גע-ווען נישט בלויז קלוג, נאָר אויך דורכדרינגליך, האָט ער איצט פון קלענסטען רמז אויך אַזוי געליטען, ווי פון אָפענע זידלע-רייען. עס האָט אים געפעלט אָטעם, נאָר ער האָט פון דאָסניי גענומען לייענען דעם אַרטיקעל, צו בענעמען אים אין די סאַמע קלענסטע פּרטים. מיט אַ בעליידיגענדער פּאַמיליאַריטעט איז ער און עטליכע חברים זיינע אַרויסגעשליידערט געוואָרען הינטער׳ן באָרט. און ער האָט זיך אויפגעהויבען און געשעפּטשעט ווער-טער, וואָס האָבען זיך אים איינגעשניטען אין זכרון: „די קונסט פון אָליוויע בערטען, וואָס איז אַרויס פון מאָדע״.

ער האָט נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט אַזאַ אומעט, אַזאַ יאוש, אַזאַ שפּירונג פון ירידה סיי פון זיין פיזישען און סיי פון זיין גייסטיגען איך, קיינמאָל נישט געשפּירט אַזאַ גע-פאַלענקייט פון גייסט און אָהן אַ שום האָפנונג. דערנאָך האָט ער דערשפּירט אַ בעדערפעניש אין טרייסט, אַ בעדערפעניש אין דריקען אַ טרייע האַנט, אַ קוק טאָן אין איבערגעגעבענע אויגען; ער האָט געוואָלט, מען זאָל מיטלייד האָבען מיט אים, טרייסטען אים, דערוואַרימען מיט פריינדליכע ווערטער. און, ווי אַלעמאָל, איז ער אַוועק צו דער גרעפין.

אַז ער איז אַריינגעקומען, איז אַנעט געווען אַליין אין גאַסטצימער. זי איז געשטאַנען צו אים מיט׳ן פּלייצע און איילig אָנגעשריבען אַנ׳אַדרעס אויף אַ בריף. נעבען איר, אויפ׳ן טיש, איז געלעגען אַ פונאַנדערגעעפענטער נומער פיגאַראָ. בערטען האָט גלייכצייטיג דערזעהן די ציימונג און דאָס יונגע מיידעל, געבליבען שטעהן אַ פערלאָרענער און נישט געוואַגט צוצוגעהן. און וואָס, אויב זי האָט שוין איבערגעלייענט! זי האָט זיך אָב-געקערט און, אַ בעשעפטיגטע, אַנ׳איילענדיגע, מיט אַ קאָפּ פול פרויענזאָרגען, האָט זי אים געזאָגט:

— אַ! גוט-מאָרגען, הער קינסטלער! איר וועט מיך ענט-

שולדיגען, אויב איך וועל אייך איבערלאָזען. אויבען זיצט די מאָדיסטין, וואָס וואַרט אויף מיר. איר פערשטעהט: אַ שניידערין ערב אַ חתונה... דאָס איז זעהר וויכטיג. איך וועל אייך שיקען די מוסטער, וואָס האָט זיך שטאַרק פעררעדט מיט מיין קינסטלע-רין-שניידערין. אויב איך וועל זי ברויכען צו האָבען, וועל איך זי אַרויספאָדערן ביי אייך אויף עטליכע מינוט.

און פערשוואונדען געוואָרען כמעט לויפענדיג, מען זאָל זעהן, אַז זי איילט זעהר.

איר שנעל אַוועקגעהן אָהן אַנ׳איינציגען וואַרימען וואָרט, אָהן אַנ׳איינציגען צערטליכען בליק, וואָס זאָל אים, וועלכער האָט זי אַזוי געליבט... אַזוי געליבט... צוגעוואָרפען ווערען. דעמאָלט האָט ער אַ קוק געטאָן אויפ׳ן נומער פיגאַראָ און געטראַכט: „זי האָט שוין דורכגעלייענט דעם אַרטיקעל! מען רעכענט זיך נישט מיט מיר, מען פערהאַסט מיך. זי גלויבט שוין נישט מער אין מיר. איצט בין איך פאַר איר אַ נול.״

ער האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט און צוגעגאַנגען נאָענט צו דער ציימונג, ווי מען געהט-צו צו אַ מענשען, ווען מען וויל אים געבען אַ פּאַטש. דערנאָך האָט ער זיך געזאָגט: „און אפשר האָט זי נאָך נישט געלייענט. זי איז דאָך היינט אַזוי בעשעפ-טיגט. אָבער היינט אין אָוונד, ביים מיטאָג, וועט מען אין איר געגענוואַרט זיכער ריידען וועגען דעם און זי וועט וועלען ליי-נען דעם אַרטיקעל!״

מיט אַנ׳אונגערנדיגער בעוועגונג, כמעט אינסטינקטיוו, האָט ער גענומען די ציימונג, איילינ, ווי אַ גנב, צונויפגעלעגט זי און אַריינגעלעגט צו זיך אין קעשענע.

אַריין די גרעפין. באַלד ווי זי האָט דערזעהן אָליוויע׳ס טויט-בלאַס, פערקרימט געזיכט, האָט זי פערשטאַנען, אַז ער איז דערגאַנגען ביז דער לעצטער מדרגה פון ליידען.

זי האָט זיך געוואָרפען צו אים, דאָס איז געווען אַנ׳אויס-דרוק פון איר אָרימער נשמה, וואָס איז אויך אויסגעפייניגט גע-ווען, פון איר אָרימען גוף, וואָס האָט אויך אַזוי גליטען. גע-

לעגט אים די הענט אויף די אַקסלען, האָט זי אים אַריינגעקוקט טיף אין די אויגען אַריין און געזאָגט:

—אַך, ווי אייך איז שווער!

דאָסמאָל האָט ער שוין מער נישט געלייקענט און דורך די ספּאַזמעס, וואָס האָבען אים געדריקט דעם האַלז, האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט:

—יאָ... יאָ... יאָ...

זי האָט געפיהלט, אַז נאָך אַ ביסעל—און ער וועט זיך פּו- באַנדערווייגען און האָט אים אַוועקגעפירט אין דעם טונקעלען ווינ- קעל פון גאַסטצימער, צו די צוויי לענשטולען, פערבאָרגען הינ- טער אַ קליינינטשקען שירמעל פון פּאַרצייטיגען זייד. זיי האָבען זיך געזעצט הינטער דערדאָזיגער דינער מחיצה און זייערע פיגו- רען האָבען זיך אויך בעהאַלטען אין דער האַלב-טונקעלקייט פון רעגענדיגען טאָג.

זי האָט פון דאָסניי אָנגעהויבען ריידען, דורכגעדרונגען מיט רחמנות צו אים, צורודערט פון זיינע ליידען:

—מיין אָרימער אָליוויע, ווי איר ליידט!

ער האָט צוגעלעגט זיין גרויען קאָפּ צום אַקסעל פון זיין פריינדין.

—מער ווי איר מיינט,—האָט ער געזאָגט.

זי האָט זעהר טרויעריג אַרויסגעשעפּטשעט:

—אַך, איך האָב עס געוואוסט. איך האָב עס אַלץ געפיהלט. איך האָב געזעהן, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבען און געוואַקסען אייער געפיהל.

ער האָט זיך פערענטפערט, פונקט ווי זי וואָלט אים בע- שולדיגט:

—אַני, איך בין נישט שולדיג דערין.

—איך ווייס עס זעהר גוט... איך בעשולדיג אייך נישט...

און שטיל, עטוואָס אָבגעקערט, האָט זי צוגעדריקט אירע ליפּען צו אָליוויעס אויגען און דאָס ערשטע מאָל דערשפּירט אויף דעם ביטערן טעם פון טרערען.

איבער איר קערפּער איז אַדורך אַ ציטער, איר האָט אויס-

געוויזען, אַז זי האָט אויסגעטרונקען אַ טראָפּענדל פערצווייפלונג און זי האָט עטליכע מאָל איבערגע׳חזר׳ט:

—אַך, מיין אָרימער... מיין אָרימער... מיין אָרימער פריינד!..

דערנאָך, נאָך אַ מינוט פון פערצווייפלונג, האָט זי צו-געגעבען:

—דערין זענען שולדיג אונזערע הערצער, וואָס זענען נישט אַלט געוואָרען. איך פיהל, ווי מיין האַרץ איז נאָך אַזוי פול לעבען!

ער האָט געפּרובט ריידען און נישט געקאָנט: טרערען האָ-בען אים געשטיקט. ער האָט זיך צוגעדריקט צו איר און זי האָט אַזוי נאָנט געהערט זיין אָבגעהאַקטען אָטעם. דעמאָלט האָט די זאָרג פאַר זיך גופא, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך לי-בע, וועלכע האָט שוין אַזוי לאַנג געברענט ביי איר אין דער נשמה, פון דאָסניי אויפגעפלאַמט אין איר, און מיט יענער פער-צווייפלונג אין קול, מיט וועלכער מען קאָנסטאַטירט אַ שרעקליך אומגליק, האָט זי אַרויסגעזאָגט:

—גאָט מיינער! ווי איר האָט זי ליב!

און ער האָט זיך נאָכאַמאָל מודה-געווען:

—אַך, יאָ! איך האָב זי ליב!

זי האָט זיך פערטראַכט אויף עטליכע מינוט און דערנאָך פון דאָסניי געפרעגט:

—מיך האָט איר קיינמאָל אַזוי נישט געליבט?

ער האָט עס נישט אָבגעלייקענט, ווייל ער האָט איצט אי-בערגעלעבט איינעם פון יענע מאָמענטען, ווען מען רעדט בלויז דעם אמת, און געזאָגט:

—ניין, איך בין דעמאָלט געווען צו-יונג.

דאָס האָט זי איבערראַשט:

—צו-יונג? פאַרוואָס אַזוי?

—דאָס לעבען איז מיר דעמאָלט געווען צו-אָנגענעם. נאָר אין אונזערע יאָרען דערקאָנסט יענע ליבע, פאַר וועלכער אַלץ, אויסער איר, פערשווינדט.

זי האָט געפרעגט.

—איז ענליך אייער איצטיג געפיהל צו דעם, וואָס איר האָט געפיהלט צו מיר?

—יאָ און ניין... דאָס איז כמעט איינס און דאָסזעלבע. איך האָב אייך געליבט אַזוי, ווי מען קאָן נאָר ליבען אַ פרוי. איך האָב זי ליב ווי אייך, וואָרום זי איז דאָך דאָס אייגענע, וואָס איר. אָבער די ליבע איז געוואָרען עפּיס אַזוינס, וואָס לאָזט זיך נישט מנצח-זיין, וואָס האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ מין צושטע-רונגסקראַפט, וואָס איז שטאַרקער פון טויט. איך בין אין איר מאַכט, ווי אַ הויז, וואָס איז אַרומגעכאַפּט פון אַ שרפה, געפינט זיך אין דער מאַכט פון פייער.

זי האָט געפיהלט, ווי איר מיטלייד ווערט פערשוואונדען אונטער דער ווירקונג פון אויפערן און האָט געזאָגט מיט אַ מין רחמנות-טאָן:

—מיין אָרימער פריינד! אין עטליכע טעג אַרום וועט זי חתונה-האָבען און אַוועקפאָרען. אַז איר וועט זי נישט זעהן, וועט איר זיכער געהיילט ווערען.

ער האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

—אָ! איך בין אַ פערפאַלענער, אינגאַנצען אַ פערפאַלענער!

—אָבער ניין, אָבער ניין! עטליכע מאָנאַטען וועט איר זי נישט זעהן. דאָס איז גענוג. אייך איז דאָך גענוג געווען עטלי-כע מאָנאַטען ליב צו בעקומען זי מער, ווי מיך, און מיך קאָנט איר שוין צוועלף יאָר צייט.

דעמאָלט, אין דער גרעסטער פערצווייפלונג, האָט ער זי אָנגעהויבען בעטען:

—אַני, לאָזט מיך נישט איבער!

—וואָס פאָרט קאָן איך טאָן, מיין פריינד?

—לאָזט מיך נישט איבער אַליין.

—איך וועל קומען צו אייך אַזוי אָפט, ווי איר וועט עס פערלאַנגען.

—ניין, דערלויבט מיר צו בלייבען נעבען אייך מעגליכסט לענגער.

—דעמאָלט וועט איר זיין נעבען איר.

—און נעבען אייך.

—איר בעדאַרפט זי מער נישט זעהן ביז דער חתונה.

—אַך! אַני!

—אָדער יעדענפאַלס וואָס וועניגער.

—איך מעג דאָ פערבלייבען היינט אין אָוועגד?

—ניין, אין דעם צושטאַנד, אין וועלכען איר געפינט זיך איצט, איז עס אונמעגליך. איר בעדאַרפט עס אַרויסשלאָגען פון קאָפּ. געהט אין קלוב, אין טעאַטער, וואו איר ווילט, אָבער דאָ טאָרט איר נישט פערבלייבען.

—איך בעט אייך.

—ניין, אָליוויע, דאָס איז אונמעגליך. דערצו וועלען נאָך היינט צו מיטאָג זיין ביי מיר מענשען, וואָס זייער געזעלשאַפט וועט אייך נאָך שטאַרקער אויפרעגען.

—די הערצאָגין? און... ער?

—יאָ.

—אָבער איך האָב דאָך נעכטען פערבראַכט אַנ'אָוועגד מיט זיי.

—און איר רעדט נאָך דערפון? פיהלט איר זיך היינט גוט נאָכדעם?

—איך זאָג אייך צו, אַז איך וועל זיין רוהיג.

—ניין, דאָס איז אונמעגליך.

—וועל איך אַוועקגעהן.

—וואָס איילט איר אַזוי?

—איך פיהל, אַז איך דאַרף געהן.

—דאָס איז גוט. געהט וואָס מער, געהט, ביז וואַנען איר וועט שטאַרק איינגעמאַטערט ווערען און דערנאָך לעגט זיך שלאָפען.

ער האָט זיך אויפגעהויבען.

—אַדיע, אַני.

—אַדיע, מיין פריינד. איך וועל מאָרגען פרי קומען אייך זעהן. ווילט איר, איך זאָל מיך, ווי פריער, דערוועגען צו זיין נישט-פאָרזיכטיג? איך וועל מאַכען אַנ'אָנשטעל, אַז איך האָב בעפרישטיגט אין דערהיים צוועלף א זייגער און וועל פרישטיגען מיט אייך אַ פערטעל צוויי.

—יאָ, איך וויל זעהר. ווי איר זענט גוט!
—ווייל איך האָב אייך ליב.
—איך, איך אויך, איך האָב אייך ליב.
—אַך, רעדט מיט מיר נישט דערפון.
—אַדיע, אַני.
—אַדיע, מיין פריינד, ביז מאָרגען
—אַדיע.

ער האָט בעדעקט מיט קושען אירע הענט, דערנאָך געקושט איר אין די שלייפען אַריין, דערנאָך אין די ווינקלען פון די ליפען. איצט זענען אים די אויגען געווען טרוקען, דאָס פנים האָט אויסגעדריקט ענטשלאָסענקייט. פאַר׳ן אוועקגעהן האָט ער זי אַרומגעכאַפּט, איינגעצען זי איינגעשלאָסען אין זיינע אָרעמס, צוגעדריקט די ליפען צו איר שטערען און, דאַכט זיך, זי אַריינגעזויגען אין זיך אַריין, איר גאַנצע ליבע צו זיך אַריינגענומען.

און געשווינד אַוועק, נישט-אָבקערנדיג זיך.

געבליבען אַליין, האָט זי זיך אַראָבגעלאָזט אויפ׳ן לענשטול און זיך פונאַנדערגעוויינט. זי וואָלט אַזוי פערבליבען ביז אין נאַכט אַריין, ווען אַנעט וואָלט זיך פלוצלונג נישט געוויזען, זוכענדיג זי. כדי צו קאָנען זיך אויסרייבען די רויטע אויגען, האָט די גרעפין געזאָגט:

—איך בעדאַרף אָנשרייבען עטליכע ווערטער, מיין קינד. געה-אַרויף אויבען, און איך וועל אין עטליכע מינוט אַרום זיין ביי דיר.

ביז׳ן אָווענד האָט זי נאָך בעדאַרפט אַרומריידען וויכטיגע פראַגען וועגען נדן.

צום מיטאָג זענען געווען איינגעלאַדען די הערצאָגין און איר פלימעניק אַלס קינפטיגע מיטגלידער פון דער פאַמיליע.

האָט מען זיך געזעצט צום טיש און גערעדט פון נעכטיגען ספעקטאַקעל. געקומען דער מעטער ד׳אָטעל מיט צווי גרויסע בוקעטען אין די הענט.

מאַדאַם דע-מאָרטעמען האָט זיך שטאַרק פערוואונדערט:

—אַך, גאָט מײַנער, פֿון װעמען?
אַנעט האָט אױסגעשריען:
—אַך, װי די בלומען זענען שען! װער האָט עס געקאָנט אונז שיקען?
איר מוטער האָט געענטפערט:
—אָליװיע בערטען, נאַטירליך.
פון זינט ער איז אַװעקגעגאַנגען, האָט זי אַלץ געטראַכט װעגען אים. ער האָט איר אױסגעװיזען אַזױ טריב, אַזױ טראַגיש געשטימט, זי האָט אַזױ קלאָר געזעהן זײַן אומגליק אָהן אַן׳אױס-גאַנג און אין איר אַלײן האָט זיך עס אָבגערופען מיט אַזאַ שװערען װעהטאָג; זי האָט אים אַזױ ליב געהאַט, אַזױ צערטליך, אַזױ הײס, אַז איצט האָט געװעהטאָגט איר האַרץ דורך אַ שלעכ-טען פאָרגעפיהל.
אין אַלע דרײַ בוקעטען האָט מען װירקליך געפונען דעם קינסטלערס קאַרטלעך. מיט אַ בלײַפעדער איז אױף זײ געװען אָנגעשריבען די נעמען פון דער גרעפין, דער הערצאָגין און אַנעט.
מאַדאַם דע-מאָרטעמען האָט געפרעגט:
—ער איז, אפנים, קראַנק, אײַער פרײַנד בערטען? מיר דאַכט זיך, ער האָט נעכטען זעהר שלעכט אױסגעזעהן.
און מאַדאַם דע-הילערואַ האָט געענטפערט:
—יאָ, ער בעאונרוהיגט מיך עטװאָס, הגם ער קלאָגט זיך נישט.
איר מאַן האָט צוגעגעבען:
—יאָ, ער טוט דאָס אײגענע, װאָס מיר: ער װערט אַלט. ער עלטערט זיך איצט זעהר שנעל. איבעריגענס, מײן איך, אַז אַלטע בחורים גיבען זיך עפּיס אונטער מיט אַמאָל. ער האָט זיך באמת זעהר פערענדערט.
די גרעפין האָט אָבגעזיפצט:
—יאָ! יאָ!
פאַראַנדאַל האָט מיט אַמאָל איבערגעהאַקט זײַן שעפּטשערײַ מיט אַנעט, צו זאָגען:

—הײנט אינדערפרי איז אין פיגארא געװען זעהר אַן־אונאָנגענעמער אַרטיקעל פאַר אים.

אַלע אָנפאַלען, יעדע קריטיק, יעדער שלעכטער רמז אויפ׳ן טאַלענט פון איר פריינד האָט די גרעפין אַרויסגעבראַכט פון זיך.

—אָ!—האָט זי געזאָגט—מענשען מיט בערטענס טאַלענט האָבען נישט וואָס צו קוקען אויף זידלערייען.

הילערואַ האָט אויסגעדריקט פערוואונדערונג:

—זעהט־נאָר, אַן׳אונאָנגענעמער אַרטיקעל פאַר אָליוויע׳ן און איך האָב נישט געלעזען. אויף וועלכער זייט?

דער מאַרקיז האָט אים מיטגעטיילט:

—אויף דער ערשטער זייט אַ לייטאַרטיקעל אונטער׳ן נאָמען: „די מאָדערנע מאָלעריי״.

דעמאָלט האָט דער דעפוטאַט זיך אויפגעהערט צו וואונדערן:

—גאַנץ ריכטיג. דעמדאָזיגען אַרטיקעל האָב איך נישט געלייענט טאַקי דערפאַר, ווייל די זאַך בעלאַנגט מאָלעריי.

אַלע האָבען אַ שמייכעל געטאָן, ווייל עס איז געווען בעוואוסט, אַז אויסער פאָליטיק און לאַנדווירטשאַפט האָט דעם הער דע־הילערואַ גאָרנישט אינטערעסירט.

דערנאָך האָט מען אָנגעהויבען שמועסען פון אַנדערע זאַכען און איבערגעגאַנגען אין גאַסטצימער טרינקען קאַווע. די גרעפין האָט נישט געהערט, זי האָט שוואַך געענטפערט, זי איז געווען אונרוהיג און געטראַכט וועגען דעם, וואָס קאָן איצט טאָן אָליוויע? איצט האָט איר שרעקליך באַנג געטאָן, וואָס זי האָט אים געלאָזט אַוועקגעהן, וואָס זי האָט אים נישט איינגעהאַלטען. און זי האָט משער־געווען, אַז ער בלאָנקעט־אַרום איבער די גאַסען אַן׳אומעטיגער, אַ היימלאָזער, אַן׳איינזאַמער, פערפאָלגט דורך זיין צער.

אַוועק די הערצאָגין, אַוועק איר פלימעניק און זי האָט נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. עפּיס אַ געהעלהאַפטע אַבערגלויבישע אימה האָט זי געפייניגט. דערנאָך האָט זי זיך געלעגט אין בעט מיט אָפענע אויגען אין דער פינסטערניש אַריין און אַלץ געטראַכט פון אים.

אַוועק אַ סך צייט, ביז עס האָט איר אָנגעהויבען אויס-ווייזען, אַז מען קלינגט. זי האָט אויפגעציטערט, אין בעט זיך אַנידערגעזעצט און גענומען זיך צוהערען. דער ציטערדיגער קלאַנג פון גלעקעל האָט אַ צווייט מאָל פערקלונגען אין נאַכט אַריין.

זי איז אויפגעשפרונגען אין בעט און מיט אַלע כחות אָנ-געדריקט אויפ׳ן עלעקטרישען קנעפעל, וואָס האָט בעדאַרפט אויפ-וועקען דאָס שטובמיידעל. דערנאָך איז זי אַוועקגעלאָפען אין פאָרצימער מיט אַ ליכט אין דער האַנט.

זי האָט געפרעגט דורכ׳ן טיר:

—ווער איז דאָרט?

אַנ׳אונבעקאַנטער קול האָט געענטפערט:

—אַ בריף.

—אַ בריף, פון וועמען?

—פון דאָקטאָר.

—פון וואָסער דאָקטאָר?

—איך ווייס נישט. געשעהן אַנ׳אומגליק.

נישט געקווענקעלט מער, האָט זי געעפענט די טיר און אָנגעטראָפען זיך פנים צו פנים מיט אַ דראָזשקאַר אין אַ צעראַ-טעטעם הוט. ער האָט איר דערלאַנגט אַ בריף. זי האָט איבערגע-לייענט: „זעהר נויטיג—דעם גראַף דע-הילערואַ.”

די האַנטשריפט איז געווען אַנ׳אונבעקאַנטע.

—קומט-אַריין, מיין פריינד,—האָט זי געזאָגט,—זעצט זיך און וואַרט אויף מיר.

פאַר׳ן מאַנס צימער האָט איר אַזוי שטאַרק גענומען קלאַ-פען דאָס האַרץ, אַז זי איז נישט געווען אימשטאַנד אים אַ רוף צו טאָן. זי האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר מיט׳ן מעטאַלענעם לייכטערל. דער גראַף האָט געשלאָפען און נישט געהערט.

דעמאָלט, אויסער זיך פון אונגעדולד און אויפרעגונג, האָט זי אָנגעהויבען קלאַפּען מיט׳ן פוס אין וואַנט און דערהערט אַ פערשלאָפענעם קול, וואָס האָט געפרעגט:

—ווער איז דאָרט? ווי שפּעט איז איצט?

זי האָט געענטפערט:

—דאָס בין איך. איך בין געקומען אייך איבערגעבען זעהר אַ נויטיגען בריף, וואָס אַ דראָזשקאַר האָט געבראַכט. געשעהן עפּיס אַן׳אונגליק.

פון דער טיפעניש, הינטער די פאָרהאַנגען האָט זיך דער־טראָגען אַ שעפּטשענדיגער קול:

—וואַרט-צו, איך שטעה-אויף. איך קום שוין.

אין אַ מינוט אַרום האָט ער זיך בעוויזען אין שלאָפראָק. גלייכצייטיג זענען געקומען צולויפען צוויי דינער, וואָס די קלינ־גערייי האָט זיי אויפגעוועקט, און דערשראָקען און צורודערט גע־קוקט אויפ׳ן פרעמדען מענשען, וואָס איז געזעסען אין עסצימער אויף אַ שטול.

דער גראַף האָט גענומען דעם בריף, געדרעהט אים אין די הענט און געזאָגט:

—וואָס קאָן עס זיין? איך הויב נישט אָן צו פערשטעהן.

זי האָט אים פּיבעריליך איבערגעשלאָגען:

—אָבער לייענט-איבער!

ער האָט פונאַנדערגעריסען דעם קאָנווערט, געעפענט דאָס פּאַפּיר, פערגאַפט אויסגעשריען און מיט דערשראָקענע אויגען אַ קוק געטאָן אויפ׳ן ווייב.

—גאָט מיינער, וואָס איז געשעהן?—האָט זי געפרעגט.

ער איז געווען אַזוי צורודערט, אַז ער האָט קוים געקאָנט אַרויסריידען:

—אָ, אַ גרויס אומגליק!... אַ גרויס אומגליק!... בערטען איז אַרונטערגעפאַלען אונטער די רעדער פון אַ קאַרעט.

זי האָט אויסגעשריען:

—געשטאָרבען??!

—ניין, ניין,—האָט ער געזאָגט—לעזט-איבער אַליין.

זי האָט אַרויסגעכאַפּט פון זיינע הענט דעם בריף, וואָס ער האָט איר געוואָלט געבען, און דורכגעלייענט:

„געערטער הער, עס איז געשעהן אַ גרויס אומגליק. אונ־זער פריינד, דער בערימטער קינסטלער הער בערטען, איז אומ־געוואָרפען געוואָרען דורך אַן׳אָמניבוס און אַ ראָד איז אים אַרי־

בערגעפאָרען איבער׳ן קערפער. ביי דער איצטיגער מינוט קאָן איך מיך נאָך נישט בעשליסען אַרויסצוזאָגען זיך וועגען די מעגליכע פאָלגען פונ׳ם צופאַל. מעגליך, אַז דאָס וועט זיך אַרויסווייזען נישט ערנסט. אָבער עס איז אויך מעגליך, אַז דאָס זאָל אונגעזאַמט ברענגען צו אַ שלעכטען אויסוועג. העך בערטען בעט זעהר אייך און די גרעפין דע-הילערואַ, איר זאָלט אים תיכף בעזוכען. איך פערהאָף, גנעדיגער העך, אַז די גרעפין און איר וועלען איינשטימען צו דערפילען דעם בעגער פון אונזער פריינד, וואָס וועט אפשר נישט דערציהען ביז פרימאָרגען.

דאָקטאָר דע-ריוויל.

די גרעפין האָט אַ קוק געטאָן אויפ׳ן מאַן מיט אויגען ברייט-פונאַנדערגעעפענטע, שטעהענדיגע, פול שרעק. דערנאָך, פלוצלונג איז דורכגעגאַנגען איבער איר אַנ׳עלעקטרישער שטראָם, זי האָט אין זיך דערפיהלט יענע דרייסטקייט, וואָס אין אַנ׳אומגליק מאַכט זי דער פרוי פאַר גאָר אַ שטאַרק וועזען.

זי האָט געזאָגט דעם שטובמיידעל:

—גיכער, גיט זיך מיר אָנטאָן!

דאָס שטובמיידעל האָט געפרעגט:

—וואָס וויל די הערין אָנטאָן?

—אַלץ-איינס. וואָס איר ווילט.

—זשאַק,—האָט זי געזאָגט צום מאַן—מאַכט זיך פאַרטיג אין פינף מינוט.

געהענדיג צו זיך, אַ צורודערטע, האָט זי בעמערקט דעם דראָזשקאַר, וואָס האָט נאָך אַלץ געוואַרט, און אים געזאָגט:

—איר האָט דאָ אייער עקיפאַזש?

—יאָ, מיין הערין.

—גוט, מיר פאָרען מיט אייך.

דערנאָך איז זי אַוועקגעלאָפען צו זיך אין צימער.

ווילד, מיט צאַפּלענדיגע בעוועגונגען האָט זי אָנגעהויבען וואַרפען אויף זיך דאָס אָנטאָן, ווי-עס-איז פערשפּילעט, צוגעשטאָכען, פערבונדען, דערנאָך, פאַר׳ן שפּיגעל אויפגעהויבען און פערדרעהט אירע האָר אין אַ שרעקליכער אונאָרדנונג, געקוקט

אויף איר בלאַס געזיכט און שטרענגע אויגען און דאָסמאָל פון דעם נישט געטראַכט.

אַז זי איז שוין געווען איינגאַנצען אָנגעטאָן, האָט זי זיך געוואָרפען אין מאַנס צימער. דער מאַן איז נאָך נישט געווען גרייט. זי האָט אים געשלעפּט נאָך זיך.

—לאָמיר געהן!—האָט זי געזאָגט—טראַכט וועגען דעם, אַז ער קאָן אַוועקשטאַרבען.

דער גראַף, דערשראָקען, איז געגאַנגען נאָך איר מיט פער-האַלטענע טריט, געטאַפּט מיט׳ן פוס די טרעפּ, ער זאָל נישט אומפאַלען.

די נסיעה איז געווען אַ קורצע און אַ שווייגענדיגע. די גרעפין האָט אַזוי שטאַרק געציטערט, אַז צאָן אָן צאָן האָט איר געקלאַפּט און דורכ׳ן פאָרהענגעל פון עקיפּאַזש-פענסטערל האָט זי געזעהן, ווי עס לויפען די גאַזלעמפּלעך, נאַס פון רעגען. עס האָ-בען געגלאַנצט די נאַסע פליטעס פון די טראָטואַרען, די בולוואַ-רען זענען געווען וויסט, אַרום איז געלעגען אַ טריבע נאַכט. בשעת זיי זענען געקומען צופאָרען, האָבען זיי די טיר געפונען אָפען, אין דעם לאַקייס צימער איז געווען ליכטיג און לער.

אויבען, אויף די טרעפּ, האָט זיי בעגעגענט דער דאָקטאָר דע-ריוויל, דאָס איז געווען אַ קליינטשיג, גרוי-האָריג, קיילעכיג מענ-שעל, זעהר אַ העפליכס. ער האָט זיך טיף פערנויגט פאַר דער גרעפין און דערלאַנגט דעם גראַף די האַנט.

מיט אַ פערהאַקטען אָטעם האָט זי אים געפרעגט, פונקט ווי דער אָטעם וואָלט איר געבליבען שטעהן, ווייל זי האָט זיך אויפ-געהויבען אויף די טרעפּ:

—נו, וואָס, דאָקטאָר?

—וואָס, מאַדאַם, איך פערהאָף, אַז דאָס וועט זיין ווע-ניגער ערנסט, איידער דאָס האט מיר אויסגעוויזען אין דער ער-שטער מינוט.

זי האָט אויסגעשריען:

—ער וועט נישט שטאַרבען?

—ניין. לפחות מיין איך עס נישט.

—איר זענט מיר ערוב פאַר זיין לעבען?

—ניין. איך זאָג נאָר דאָס, איך פערהאָף, אַז אין ז...ם פאַל איז געווען בלויז אַ געוועהנליכער קלאַפּ אין בויך אָהן אַי-בערליכע צושעדיגונגען.

—וואָס מיינט איר אונטער'ן וואָרט צושעדיגונגען?

—אַ ריס.

—ווי קאָנט איר וויסען, אַז דאָס איז נישט געווען?

—איך בין בלויז משער.

—און אַז אַ ריס איז יאָ געשעהן?

—אָ, דעמאָלט איז עס זעהר ערנסט.

—ער קאָן דערפון שטאַרבען?

—יאָ.

—גיך?

—זעהר גיך. אין עטליכע מינוט אָדער זאָגאַר אין עטליכע סעקונדען, אָבער בערוהיגט זיך מאַדאַם, איך בין זיכער, אַז אין אַ וואָך צוויי אַרום וועט ער געזונט ווערען.

זי האָט אים אויסגעהערט מיט טיפער אויפמערקזאַמקייט— זי האָט געוואָלט אַלץ וויסען, אַלץ פערשטעהן.

דערנאָך האָט זי פון דאָסניי אָנגעהויבען ריידען:

—אָבער וואָס פאַר אַ ריס קאָן ביי אים זיין?

—צום ביישפּיל, אַ נירען-ריס.

—דאָס וואָלט געווען זעהר געפערליך?

—יאָ... אָבער מיך וואָלט זעהר געוואונדערט, ווען עס זאָל זיך איצט אַרויסווייזען עפּיס אַ פערערגערונג. לאָמיר אַריין צו אים. דאָס וועט אים פערלייכטערן, ווייל ער וואַרט אויף אייך מיט גרויס אונגעדולט.

אַז זי איז אַריין אין צימער, האָט זיך איר פריער פון אַלץ געוואָרפען אין די אויגען אַ בלאַס געזיכט אויף אַ ווייסען קישען, וואָס איז געווען בעלויכטען פון דריי ליכט און פון דעם פלאַם אין קאַמין, און צוליב דעם האָט זיך שאַרף אויסגעטיילט זיין פּראָפיל און די גריבעלדיגע ערטער אויפ'ן געזיכט. און אויף אָט דעם טויט-בלאַסען פנים האָט די גרעפין דערזעהן אויגען,

וואָס האָבען נאָכגעהיט איר דערנענטערונג.

איר גאַנצע דרייסטקייט, איר גאַנצע ענערגיע, איר גאַנצע ענטשלאָסענקייט זענען מיט אַמאָל געפאַלען, אַזוי איז דאָס איינ-געפאַלענע אויסגעקרימטע געזיכט ענליך געווען צו אַ פּנים פון אַ גוסס׳ן. דאָס האָט ער, וואָס זי האָט אים נאָר-וואָס געזעהן, זיך פערוואַנדעלט אין דעמדאָזיגען שאָטען.

זי האָט קוים צום הערען אַרויסגעשעפּטשעט: „אַך, גאָט מיינער!" און, ציטערנדיג פון שרעק, צוגעגאַנגען צו אים.

ער האָט געפּרובט שמייכלען, צו בערוהיגען זי; אָבער די גרימאַסע, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען אויף זיין געזיכט, איז געווען שרעקליך.

אַז זי איז גאָר נאָנט צוגעגאַנגען צו אים, האָט זי פאַר-זיכטיג געלעגט אירע הענט אויף זיינע, וואָס זענען געלעגען אויסגעצויגען אין דער לענג פון קערפּער, און געזאָגט:

—אַך, מיין אָרימער פריינד.

—דאָס איז גאָרנישט,—האָט ער קוים אַרויסגעזאָגט, נישט אָבקערנדיג דעם קאָפּ.

איצט האָט זי געקוקט אויף אים, אַ צומישטע דורך דער פערענדערונג, וואָס איז אין אים פאָרגעקומען. ער איז געווען אַזוי בלאַס, אַז עס האָט אויסגעוויזען, אונטער׳ן הויט איז אים נישט געבליבען קיין איין טראָפּעלע בלוט. די באַקען זענען איינ-געפאַלען און די אויגען האָבען זיך אַזוי טיף אַראָבגעלאָזט, פונקט זיי מען וואָלט זיי פון אינווענינ געצויגען מיט אַ שנירעל.

ער האָט דייטליך געזעהן דעם שרעק פון זיין פריינדין און אָבגעזיפצט:

—אָט ווי איך זעה-אויס.

זי האָט אים נאָך אַלץ געקוקט גלייך אין פּנים אַריין און געפרעגט:

—ווי אַזוי איז עס געשעהן?

ביים ריידען האָט ער זיך בעדאַרפט זעהר אָנשטרענגען, און טיילמאָל האָט אים דאָס גאַנצע געזיכט געצוקט פון נערווען-קאָנוואולסיעס.

—איך האָב גאָרנישט געזעהן אַרום זיך... איך האָב גע-טראַכט פון אַן׳אַנדער זאַך... גאָר פון אַן׳אַנדער זאַך... יאָ... און אַט האָט מיך אומגעוואָרפען אַן׳אָמניבוס און איז מיר איבערגע-פאָרען איבער׳ן בויך...

זי האָט אים געהערט, דער דמיון האָט איר געמאָלט דאָס גאַנצע בילד און, אַ דערשראָקענע, האָט זי געפרעגט:

—איר האָט פערלאָרען אַ סך בלוט?

—ניין, נאַרישקייטען. איך בין נאָר עטוואָס צומישט.

זי האָט געפרעגט:

—ווי אַזוי איז עס געשעהן?

ער האָט גאָר שטיל געענטפערט

—איך ווייס עס נישט גענוי. דאָס איז געווען זעהר ווייט.

דער דאָקטאָר האָט צוגערוקט אַ שטול און די גרעפין האָט זיך מאַכטלאָז אַנידערגעזעצט. דער גראַף איז אַלץ געשטאַנען בײַ דעם קראַנקענס פיס און גע׳חזר׳ט דורך די ציין:

—אָ, מיין אָרימער פריינד... מיין אָרימער פריינד... וואָס פאַר אַ גרויס אומגליק!

און ער האָט באמת איבערגעלעבט אַ גרויס אומגליק, ווייל ער האָט זעהר ליב געהאַט אָליוויע׳ן.

די גרעפין האָט ווידעראַמאָל געזאָגט:

—אָבער וואו איז עס פאָרט געשעהן?

דער דאָקטאָר האָט געענטפערט:

—איך ווייס עס אַליין אויך נישט, אָדער, ריכטיגער, איך קאָן דאָ גאָרנישט פערשטעהן. דאָס איז געשעהן אין דער גע-גענד פון גאָבעלען, כמעט אויסער פאַריז. אַזוי לפחות בעשטע-טיגט דער דראָזשקאר, וואָס האָט אים געבראַכט. לויט זיינע רייד, האָט ער גענומען דעם קראַנקען פון דער דאָרטיגער אַפּ-טייק, וואוהין מען האָט אים ניין אַ זייגער אין אָוועגד אַריינ-געטראָגען.

אָנגעבויגט זיך צו אָליוויע׳ן, האָט ער דערנאָך צוגעגעבען:

—איז עס אמת, אַז דער אונגליקליכער פאַל איז מיט אייך געשעהן אַרום גאָבעלען?

בערטען האָט פערמאַכט די אויגען, ווי ער וואָלט זיך גע-וואָלט דערמאָנען, דערנאָך אַרויסגעמורמעלט:

—איך ווייס נישט.

—אָבער וואוהין זענט איר געגאַנגען?

—איך קאָן מיך איצט נישט דערמאָנען. פשוט געגאַנגען, וואוהין די אויגען האָבען געטראָגען.

די גרעפין האָט נישט געקאָנט דערשטיקען אַ זיפץ. עטלי-כע מינוט האָט איר עפּיס געשטיקט און נישט געלאָזט זיך אָב-אָטעמען. דערנאָך האָט זי אַרויסגענומען פון קעשענע דאָס נאָז-טיכעל, פערדעקט דערמיט די אויגען און זיך שרעקליך צעוויינט.

איצט האָט זי שוין געוואוסט, פערשטאַנען, ווי אַזוי דאָס אַלץ איז פּאָרגעקומען!

ווי אַן׳אונדערטרעגליכע דריקענדיגע משא האָט זיך איר געלעגט אויפ׳ן האַרצען דער פיין פון געוויסען: זי האָט אָליוויע׳ן נישט פערהאַלטען ביי זיך, זי האָט אים אַרויסגעטריבען, אַרויס-געשליידערט אויף דער גאַס, וואו ער האָט זיך אַרונטערגעדרעהט אונטער די רעדער מיט אַ פערלאָרענעם קאָפּ פון בענקעניש און אַנגסט.

אָהן שום קלאַנג, ווי ער האָט נאָר-וואָס גערעדט, האָט ער זיך געווענדט צו איר:

—נישט וויינט. איך לייד דערפון.

אַ סך מיה און אָנשטרענגונג האָט איר געקאָסט אויפצוהע-רען וויינען. זי האָט איצט געקוקט אויף אים מיט ברייט-אָפענע אויגען. איר פנים איז אַזוי ווי פערשטיינערט געוואָרען, הגם דערויף האָבען זיך לאַנגזאַם געקויקעלט טרערען.

זיי האָבען געקוקט איינער אויפ׳ן צווייטען, ביידע אונבע-וועגליכע, און זיינע הענט, אויבען אויפ׳ן יילעך, זענען געלע-גען אין אירע הענט. זיי האָבען געקוקט איינער אויפ׳ן צווייטען און נישט געפיהלט, אַז אויסער זיי זענען דאָ נאָך מענשען; זייערע בליקען פלעגען זיך צוזאַמענטרעפען און אָנפילען זייערע הערצער מיט איבערמענשליכען וועה.

שנעל, שטום און שרעקליך האָבען אויפגעלעבט פאַר זיי

די ערינערונגען—די ערינערונגען פון ליבע, וואָס איז איצט אויך אַ צוקלאַפּטע, די ערינערונג פון אַלץ, וואָס זיי האָבען געפּיהלט צוזאַמען, פון אַלץ, וואָס האָט זיי פעראייניגט און צונויפגעגאָסען אין לעבען, פון אַלץ, וואָס האָט אויסגעבראָכען אין יענעם עק־סטאַז, וואָס האָט זיי געצוואונגען זיך אָבצוגעבען איינער דעם צווייטען.

זיי האָבען געקוקט איינער אויפ'ן צווייטען און זייערע לי־פּען האָבען געהאַט אַ שטאַרקען בעגער צו ריידען צווישען איי־נאַנדער, נאָכאַמאָל עפּיס זאָגען איינער דעם צווייטען און אויס־הערען טויזענדער אינטימע אומעטיגע זאַכען. זי האָט געפּיהלט, אַז זי מוז דערווייטערן ביידע מענער, וואָס זענען געשטאַנען הינטער איר פּלייצע און אַז אירע אַמאָליגע איינפאַלען דאַרפען איר אונטערזאָגען עפּיס אַ מיטעל, עפּיס אַ כיטרע זאַך, אַ געלונ־גענעם געדאַנק. זי האָט אָנגעהויבען צוצוטראַכטען עפּיס און, ווי־פריער, נישט אַראָבגענומען די אויגען פון אָליוויע'ן.

איר מאַן און דער דאָקטאָר האָבען צוזאַמען געשמועסט אין דער־שטיל. זיי האָבען גערעדט, אַז מען בעדאַרף אָבהיטען דעם קראַנקען.

זי האָט אָבגעקערט דעם קאָפּ און געפרעגט דעם דאָקטאָר:

—איר האָט געבראַכט מיט זיך אַ וואַכטערין?

—ניין. איך וועל בעסער שיקען אַנ'אינטערן, וואָס קאָן בעסער אַרומגעהן אַרום אַ קראַנקען.

—שיקט ביידען. איבעריגע פאָרזיכטיגקייט שאַדט קיינמאָל נישט. קאָנט איר זיי נאָך צושטעלען היינט ביינאַכט, וואָרום איר אַליין וועט דאָך מסתמא נישט פערבלייבען ביז אינדערפרי?

—ווירקליך, איך וויל געהן אַהיים. שוין פיר שעה, אַז איך בין דאָ.

—אָבער אַז איר וועט אַוועק אַהיים, וועט איר פעראָרדנען, מען זאָל אונז צושיקען מענשען, וואָס קאָנען געהן אַרום אַ חולה?

—דאָס איז אפילו שווער איינצואָרדנען אין אַ מיטען נאַכט. איבעריגענס, וועל איך מיך פּרובען.

—דאָס איז נויטיג.

—זיי וועלען אפשר צוזאָגען, אָבער צי זיי וועלען קומען?

—מיין מאַן וועט פאָרען מיט אייך און זיי צווינגען צו קומען, אויב זיי וועלען עס נישט טאָן פרייוויליג.

—אָבער איר, מאַדאַם, קאָנט דאָך נישט פערבלייבען דאָ אַליין.

—איך?—האָט זי אויסגערופען און אין איר קול האָט זיך געהערט אי קרעכץ, אי אַרויסרוף, אי פּראָטעסט דערפאַר, וואָס מען שטעלט זיך געגען איר ווילען. דערנאָך האָט זי מיט אַנ׳-אויטאָריטעטען-טאָן, וואָס דערלאָזט נישט קיין שום שפּאַרעניש, אויסגעלעגט די פאָדערונגען, וואָס ווערען דיקטירט דורך דער איצטיגער לאַגע. מען בעדאַרף, אַז דער אינטערן און די וואַכ-טערין זאָלען דאָ זיין נאָך וועניגער ווי אין אַ שעה צייט, וואָרום מען בעדאַרף זיין גרייט אין פאַל פון אַ פּערערגערונג. צוליב דעם מוז מען זיי אויפהויבען פון די בעטען און ברענגען אַהער.

דאָס קאָן טאָן נאָר איר מאַן. דערווייל, ביז זייער קומען, פערבלייבט זי ביים קראַנקען—דאָס איז איר חוב און רעכט. זי איז עס מחויב צו טאָן, ווי אַ פריינד, ווי אַ פרוי. אויסערדעם, איז דאָס איר בעשלוס און קיינער קאָן אים נישט ענדערן.

זי האָט גערעדט צו דער זאַך. מען האָט געמוזט איינשטי-מען מיט איר און זיך אונטערגעבען אירע אינסטרוקציעס.

זי האָט זיך אויפגעהויבען, איינגאַנצען בעשעפטיגט מיט׳ן געדאַנק וועגען זייער אַוועקגעהן. זי האָט געוואָלט וואָס גיכער האָבען די שפּירונג, אַז זיי זענען ווייט, אַז זי איז אַליין מיט אים. און כדי נישט צו טאָן עפּיס אַנ׳אונפּאַרזיכטיגע זאַך, בשעת זיי וועלען נישט זיין, האָט זי אויסגעהערט דעם דאָקטאָר, זיך געסטאַרעט אַלץ גוט צו פערשטעהן, געדענקען, קיין זאַך נישט פערגעסען פון דעם דאָקטאָרס אינסטרוקציעס. דעם קינסטלערס דינער, וואָס איז געשטאַנען נעבען איר, האָט אויך געהערט, און הינטער אים דאָס ווייב זיינס, די קעכין, וואָס האָט געהאָלפען מאַכען די ערשטע באַנדאַזשען, האָט דורכ׳ן שאָקלען מיט׳ן קאָפּ געגעבען צו פערשטעהן, אַז זי הערט אויך. בשעת די גרעפין האָט אויסגעחזר׳ט, ווי אַ לעקציע, די אַלע אינסטרוקציעס פון

דאָקטאָר, האָט זי אָנגעהויבען איילען די מאַנסלייט, זיי זאָלען גיכער אַוועקגעהן, און דעם מאַן האָט זי נאָכאַמאָל געזאָגט:

—אָבער די הויפּטזאַך—קומט וואָס שנעלער צוריק, וואָס שנעלער צוריק.

—איך וועל אייך צופירען מיט מיין עקיפּאַזש—האָט דער דאָקטאָר געזאָגט דעם גראַף—אויף אַזאַ אופן וועט איר זיך קאָנען גיכער צוריקקערן. אין אַ שעה אַרום וועט איר שוין זיין דאָ.

פאַר'ן אַוועקגעהן האָט דער דאָקטאָר פון דאָסניי בעטראַכט דעם חולה.

הילערואַ האָט נאָך געקווענקעלט. ער האָט געזאָגט:

—זעהט איך נישט אויס אונפּאָרזיכטיג דאָס, וואָס מיר טוען?

—ניין. קיין געפאַר איז נישטאָ. ער נויטיגט זיך נאָר אין אָברוהען. מאַדאַם דע-הילערואַ וועט שוין זאָרגען דערפאַר, ער זאָל נישט ריידען און וועט אַליין מיט אים וואָס ווייניגער שמועסען.

די גרעפין האָט זיך דערשראָקען און איבערגעפרעגט:

—בעדאַרף מען מיט אים, אַלזאָ, נישט ריידען?

—אָ, ניין מאַדאַם. נעמט אייך אַ שטול און זעצט זיך נעבען אים. וועט ער זיך נישט פיהלען איינזאַם און דערפון וועט אים זיין לייכטער. מען טאָר אים נישט איינמידען דורך אַ געשפּרעך אָדער אפילו דורך געדאַנקען. אַדיע, מאַדאַם, דערלויבט מיר צו בעשטעטיגען פאַר אייך מיין דרך-ארץ.

ער האָט זיך טיף פערנויגט און אַוועק; הינטער אים איז געגאַנגען דער גראַף, וואָס האָט אַלץ איבערגע'חזר'ט:

—זייט נישט אונרוהיג, טייערע! נאָך פריער ווי אין אַ שעה אַרום קער איך מיך אום צוריק, און איר וועט קאָנען פאָרען אַהיים.

אַז זיי זענען אַוועקגעגאַנגען, האָט זי זיך צוגעהערט צום גערויש פון דער אונטערשטער טיר, וואָס מען האָט פערשפּאַרט, דערנאָך צום קלאַפּען פון די דערוויטערטע רעדער.

דער דינער און די קעכין זענען נאָך אַלץ געשטאַנען נע-

בען קראַנקען און געוואַרט אויף אַ פעראָרדנונג. די גרעפין האָט זיי אַוועקגעשיקט.

—איר קאָנט אַוועקגעהן—האָט זי געזאָגט.—איך וועל אָנ-קלינגען, אויב איך וועל עפּיס דאַרפען.

זיי זענען אַוועקגעגאַנגען און זי איז געבליבען אַליין נע-בען אים.

זי איז ווידער נאָנט צוגעגאַנגען צום בעט, און, אַוועקגע-לעגט די הענט פוןביידע זייטען אויפ'ן קישען, האָט זי אַרומ-גערינגעלט מיט זיי דעם טייערן קאָפּ, דערנאָך זיך איינגעבויגען און אַריינגעקוקט אים טיף אין פנים אַריין. דערנאָך האָט זי גע-פרעגט און דערביי זיך אַזוי נאָנט צוגעבויגען, אַז די ווערטער אירע האָבען ווי אַ לייכט ווינטעלע אָנגערירט זיין הויט:

—איר האָט זיך אַליין געוואָרפען אונטער די רעדער פון אָמניבוס?

ער האָט געענטפערט און, ווי פריער, זיך געסטאַרעט צו שמייכלען:

—ניין, איך האָב מיך אַליין נישט געוואָרפען, דער אָמני-בוס האָט זיך אויף מיר געוואָרפען.

—נישט אמת, איר האָט עס אַליין געטאָן.

—ניין, איך פערזיכער אייך, אַז דער אָמניבוס.

נאָך עטליכע רגע'ס שווייגען—יענע רגע'ס, בשעת די נשמה וואָלט אַזוי ווי געלעבט אין בליק—האָט זי אַרויסגעמורמעלט:

—אָ, מיין טייערער, טייערער אָליוויע! און דאָס האָב איך אייך געלאָזט אַוועקגעהן, דאָס האָב איך אייך נישט אָבגעהאַלטען.

ער האָט געענטפערט מיט איבערצייגונג:

—עס וואָלט אַלץ-איינס געשעהן—נישט היינט, איז מאָרגען.

זיי האָבען זיך ווידעראַמאָל געטוישט מיט די בליקען און זיך געסטאַרעט צו זעהן די סאַמע פערבאָרגענסטע געדאַנקען איי-נער ביים צווייטען.

ער האָט פון דאָסניי געזאָגט:

—איך האַלט נישט, איך זאָל געזונט ווערען. איך האָב צו-

זי האָט אַרויסגעמורמעלט:

—איר ליידט זעהר?

—אָ! יאָ.

נאָך נענטער האָט זי זיך אָנגעבויגט צו אים און מיט לאַנג-זאַמע לייכטע צאַרטע קושען דעם שטערען אים אָנגערירט, דער-נאָך די אויגען, דערנאָך די באַקען. זי האָט אים קוים בעריהרט מיט די ליפּען, און געאָטעמט, ווי עס אָטעמען קינדער, בשעת זייי קושען. דאָס האָט זיך געצויגען לאַנג, זעהר לאַנג. ער האָט זיך אונטערגעגעבען דעמדאָזיגען רעגען פון לייכטע גלעטענדיגע פאַרזיכטיגע צערטליכקייטען, וואָס האָבען אים אַזוי ווי בערוהיגט, דערפרישט, ווייל זיין קאָנוואולסיוו-אויסגעקרימט געזיכט האָט איצט ווייניגער געצוקט, ווי פריער.

דערנאָך האָט ער געזאָגט:

—אַני?

זי האָט אים אויפגעהערט צו קושען און זיך צוגעהערט:

—וואָס, מיין פריינד?

—איך וויל, איר זאָלט מיר עפּיס צוזאָגען.

—איך וועל אייך צוזאָגען אַלץ, וואָס איר וועט וועלען.

—אויב איך וועל נישט שטאַרבען ביז אינדערפרי, טאָ שווערט מיר, אַז איר וועט מיר ברענגען אַנעט, איין מאָל, בלויז איין מאָל! איך וואָלט אַזוי נישט וועלען שטאַרבען, נישט זע-הענדיג זי פריער. גיט נאָר אַ טראַכט, אַז... מאָרגען... אין דער-דאָזיגער שעה... וועל איך אפשר... וועל איך זיכער פערמאַכען אויף אייביג די אויגען... און איך וועל מער קיינמאָל נישט זעהן נישט אייך, נישט זי...

זי האָט אים אויפגעהאַלטען און דאָס האַרץ איז איר צו-ריסען געוואָרען פון וועהטאָג:

—אָ, שווייגט... שווייגט... יאָ, איך גיב אייך מיין וואָרט, אַז איך וועל זי אייך ברענגען.

—איר גיט מיר אַ שבועה?

—איך שווער אייך, מיין פריינד... אָבער שווייגט, רעדט נישט מער... איר פערשאַפט מיר שרעקליכע יסורים... שווייגט.

פלוצלונג איז אים פון קאָנוואולסיע אויסגעקרימט געוואָרען דאָס געזיכט. אַז עס איז איבערגעגאַנגען, האָט ער געזאָגט:

—אונז איז פערבליבען בלויז אַ פּאָר רגע׳ס צו זיין אינאיינעם, טאָ לאָמיר זיי נישט פטר׳ן, לאָמיר זיך בענוצען מיט זיי און זיך צוזעגענען. איך האָב אייך אַזוי ליב געהאַט...

זי האָט אָבגעזיפצט:

—און איך... איך האָב אייך שטענדיג אַזוי ליב געהאַט, ווי איצט.

ער האָט ווייטער געזאָגט:

—מיין גאַנץ גליק איז נאָר געווען אין אייך. שווער איז בלויז געהן אין די לעצטע טעג... דאָס איז נישט אייער שולד... אַך, מיין אָרימע אַני!... ווי דאָס לעבען איז טיילמאָל טרויעריג... און ווי עס איז שווער צו שטאַרבען...

—שווייגט, אָליוויע, איך בעט אייך...

ער האָט זי נישט געהערט און ווייטער גערעדט:

—ווי גליקליך וואָלט איך געקאָנט זיין, ווען איר וואָלט נישט געהאַט קיין טאָכטער...

—זענט שטיל... גאָט מיינער! רעדט נישט.

עס האָט אויסגעוויזען, ווי ער רעדט נישט צו איר, נאָר צו זיך:

—אַך! דער, וואָס האָט אויסגעטראַכט מענשען, איז געווען זעהר בלינד אָדער זעהר אַ שלעכטער...

—אָליוויע, האָט רחמנות... אויב איר האָט מיך אַמאָל ליב געהאַט, טאָ שווייגט... רעדט נישט מער אַזוי...

—ער האָט זי אָנגעקוקט; זי האָט זיך איבערגעבויגט איבער אים. זי איז געווען אַזוי בלאַס, אַז זי האָט אויך אויסגעזעהן טויט, און זיי האָבען געשוויגען.

דעמאָלט האָט זי זיך אַנידערגעזעצט אין פאָטעל, צוגערוקט אים גאָר נאָנט צום בעט און ווידער גענומען זיין האַנט, וואָס איז געלעגען אויפ׳ן ליילעך.

—איצט פערוועהר איך אייך צו ריידען,—האָט זי געזאָגט.—

נישט בעוועגט זיך, טראַכט פון מיר, ווי איך האָב געטראַכט פון אייך.

זיי האָבען ווידער גענומען קוקען איינער אויפ'ן צווייטען, אונבעוועגליכע, צונויפגעבונדען דורך דער הייסער בעריהרונג פון די הענט. זי האָט לייכט געדריקט דידאָזיגע פּיבערליכע האַנט, וואָס איז געלעגען אין אירער, און ער האָט געענטפערט אויף איר צערטליכקייט דורכדעם, וואָס ער האָט עטוואָס אָנגעבויגט די פינגער. יעדע פון דידאָזיגע האַנטדריקונגען האָט זיי גערעדט פון עפּיס, אַרויסגערופען אַ טיילכעל פון יענעם עבר, וואָס איז פאַר-ביי, געוועקט אין זייער זכרון ליבע-ערינערונגען! יעדע פון די-דאָזיגע האַנטדריקונגען איז געווען אַנ'אינטימע פראַגע און יעדע איז אויך געווען אַנ'אינטימער ענטפער.

—געדענקט איר?—האָבען זיי געפרעגט איינאַנדער, און טרויעריג זענען געווען די פראַגען און טרויעריג די ענטפערס.

אין דער אַגאָניע פון דעמדאָזיגען זעהן זיך, וואָס איז אפשר דאָס לעצטע אין זייער לעבען, האָבען זיי אין געדאַנק, יאָר נאָך יאָר, פון דאָסניי איבערגעלעבט די געשיכטע פון זייער ליבע, און אין צימער האָט זיך בלויז געלאָזט הערען דאָס לייכ-טע זשומען פון פייער אין קאַמין.

פּלוצלונג האָט ער זיך אַזוי ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט און, שטאַרק דערשראָקען, אַרויסגעזאָגט:

און אייערע בריף?

זי האָט געפרעגט:

—וואָס? מיינע בריף?

—איך וואָלט געקאָנט שטאַרבען און אייערע בריף נישט פערניכטען.

זי האָט אויסגעשריען:

—אַך! וואָס געהען זיי מיר אָן! האָט עס דען איצט אַ ווערט? זאָל מען זיי געפינען און לייענען. זיי געהען מיר נישט אָן!

ער האָט געענטפערט:

—איך, איך וויל. שטעהט-אויף, אַני. עפענט דעם אונטער-

שטען שופלאָד פון מיין שרייבטיש, אַ גרויסער שופלאָד, דאָרט זענען זיי אַלע, אַלע. מען דאַרף זיי נעמען און אַריינוואַרפען אין פייער.

זי האָט זיך נישט בעוועגט, געזעכען אַנ׳איינגעבויגענע, פונקט ווי דאָס, וואָס ער האָט איר פאָרגעלעגט, וואָלט געווען אַ שענדליכע זאַך.

ער האָט ווידעראַמאָל געזאָגט:

—אַני, איך בעט אייך, אויב איר וועט עס מיר נישט טאָן, וועט איר מיר פערשאַפען גרויסע יסורים און פערדרוס. בענעמט נאָר, אַז זיי קאָנען אַריינפאַלען צו וועמען עס איז אין די הענט אַריין, צום נאָטאַריוס, צום דינער... און אפשר צו אייער מאַן... איך וויל נישט...

זי האָט זיך אויפגעהויבען, אָבער זי האָט נאָך אַלץ גע־קווענקעלט און איבערגע׳חזר׳ט:

—ניין, דאָס איז צו־שווער, צו־פיינליך. מיר דאַכט זיך, איר פאָדערט פון מיר, איך זאָל פערברענען מיין האַרץ און אייערס.

ער האָט זי שטאַרק געבעטען מיט אַ פנים, וואָס איז גע־ווען אויסגעקרימט דורכ׳ן צער פון טויט.

דערזעהן זיינע ליידען, האָט זי זיך, צולעצט, בעשלאָסען און אַוועק צום שרייבטיש. זי האָט געעפענט דעם שופלאָד און דערזעהן, אַז ער איז אינגאַנצען אָנגעפילט מיט אַ מענגע בריף, אָנגעלעגט איינע אויף די אַנדערע, און אויף אַלע קאָנווערטען האָט זי דערקאָנט צוויי שורה׳לעך פון אַדרעס, וואָס זי פלעגט אַזוי אָפט שרייבען. ווי זיי זענען איר געווען בעקאַנט—דידאָזיגע צוויי שורה׳לעך—דער נאָמען פון מענשען, דער נאָמען פון דער גאַס—זי האָט זיי געקאָנט, ווי איר אייגענעם נאָמען, ווי עס לאָזען זיך קאָנען יענע עטליכע ווערטער, וואָס אין משך פון גאַנ־צען לעבען האָבען זיי אויסגעדריקט די גאַנצע האָפנונג, דאָס גאַנצע גליק. זי האָט געקוקט אויף זיי, אויף דידאָזיגע פירקאַנ־טיגע בויגעלעך פאַפיר, וואָס האָבען געהאַט אין זיך אַלץ, וואָס זי האָט געקאָנט זאָגען וועגען איר ליבע, אַלץ, וואָס זי האָט

געקאָנט אַרויסנעמען פון איר נשמה און דערלאַנגען אים דורך דער הילף פון אַ טראָפּעלע טינט אויף אַ שטיקעל פּאַפּיר.

ער האָט זי געוואָלט זעהן און געפּרובט אַ קער טאָן דעם קאָפּ אויפ'ן קישען; דערנאָך געזאָגט נאָכאַמאָל:

—גיכער, פערברענט זיי.

דעמאָלט האָט זי אַ כאַפּ געטאָן צוויי הויפענס בריף און געהאַלטען זיי אַ מינוט אין די הענט. זיי האָבען איר אויסגעוויזען שווערע, טרויעריגע, ווי לעבעדיגע און גלייכצייטיג אויך אַזוי ווי טויטע. געווען אין זיי אַזויפיל פערשידענע ליבע זאַכען, וואָס זיינען אַמאָל פול געווען מיט געפיהלען און טרוימען. דאָ איז געווען די נשמה פון איר נשמה, דאָס הארץ פון איר האַרץ, דאָ איז אויסגעגאָסען געוואָרען דאָס גאַנצע וועזען פון איר ליבענדיגען איך. און איצט האָט זי זיך דערמאָנט, ווי משוגע און האַסטיג זי האָט אָנגעשריבען מאַנכע פון זיי, וויפיל איז דאָ געווען בעגייסטערונג, לעבענס-פער'שכור'ונג און שכרות פון דעם אַלעם, וואָס זי האָט ליב געהאַט און וואָס האָט געקאָנט ריידען פון איר ליבע.

אָליוויע האָט איבערגע'חזר'ט:

—פערברענט זיי, פערברענט זיי, אַלע.

דעמאָלט האָט זי מיט ביידע הענט אַריינגעוואָרפען די צוויי הויפענס בריף אין קאַמין אַריין, זיי זיינען צושאָטען און צופּאַלען געוואָרען אויפ'ן האָלץ. דערנאָך האָט זי פון שופלאָד געכאַפּט אַנדערע און געוואָרפען זיי און דערנאָך ווידעראַמאָל געכאַפּט און געשליידערט מיט שנעלע בעוועגונגען, זיך געבויגט און אויסגעגלייכט און געוואָלט וואָס גיכער ענדיגען דיזאָזיגע שרעקליכע אַרבייט.

איצט איז דער קאַמין אינגאַנצען פערלעגט געווען מיט בריף און דער שופלאָד איז לעדיג געוואָרען. זי איז געשטאַנען, אַנ'אויסגעגלייכטע, און געוואַרט און בשעת מעשה זיך צוגעקוקט, ווי אַ שוואַכער פלאַם האָט זיך דורכגעשלאָגען דורך די בּרעגען פון דעמדאָזיגען בערגעל בריף. איין פלאַם האָט זיי אַרומגעכאַפּט פון די זייטען, געלעקט די ווינקלען, געלאָפען איבער די ברע-

גען פּאַפּיר, דאָ פערלאָשען געוואָרען, דאָ פון דאָסניי אויפגע-פלאַמט און געברענט. באַלד איז די ווייסע פּיראַמיד אַרומגעכאַפּט געוואָרען דורך אַ לעבעדיגען רונג פייער, וואָס האָט מיט זיין שיין בעלויכטען דאָס גאַנצע צימער. און דערדאָזיגער שיין האָט בעלויכטען די שטעהענדיגע פּרוי און דעם מאַן, וואָס איז גע-לעגען אין בעט. דאָס האָט זייער ליבע געברענט, דאָס איז זייער ליבע פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַש.

די גרעפין האָט זיך אָבגעקערט און אין דעם בלענדענדיגען ליכט פון די פלאַמען דערזעהן איר פריינד, וואָס האָט זיך גע-צויגען צום עק בעט מיט אַ שטרענגען פּנים.

ער האָט געפרעגט:

—אַלץ?

—יאָ, אַלץ.

אָבער איידער זי איז געגאַנגען צו אים, האָט זי געוואָר-פען אַ לעצטען בליק אויף דעמדאָזיגען בילד פון צושטערונג, און פּלוצלונג האָט זיך אויף דעם צונויפגעקנוילטען און שוואַרץ-גע-וואָרענעם בערגעל פּאַפּיר, וואָס איז שוין אויף דער העלפט פער-ברענט געוואָרען, בעוויזען עפּיס רויטעס, ענליך צו אַ טראָפּעלע בלוט. איר האָט אויסגעוויזען, אַז די נשמה פון די בריף ווערט אויסגערונען. פון יעדען בריף האָט געגאָסען בלוט, ווי פון אַ וואונד און לאנגזאַם האָט עס געפלאָסען אין פייער אַריין, אי-בערלאָזענדיג הינטער זיך אַ רויטען שפּור.

דער גרעפין האָט אויפגעציטערט די נשמה פון עפּיס אַ מיסטישען שרעק, פּונקט ווי מען וואָלט אויף אירע אויגען עמי-צען דער׳הרג׳עט, אָבער דערנאָך האָט זי פערשטאַנען, מיט אַמאָל פערשטאַנען, אַז דאָס, וואָס זי האָט געזעהן, איז בלויז אַ טראָ-פּעלע טריוואַקס פון אַ צוגאַנגענעם שטעמפּעל.

דעמאָלט האָט זי זיך אומגעקערט צום קראַנקען, פּאָרזיכטיג אים אויפגעהויבען דעם קאָפּ און פּאַוואָליע אַוועקגעלעגט אויפ׳ן מיטען קישען. אָבער ער האָט זיך בעוועגט, און די וועהטאָגען האָבען זיך אים פערשטאַרקט. איצט האָט ער זיך געשטיקט און דאָס פּנים האָט אים געצוקט פון איבערמענשליכע יסורים. ער

האָט שוין, אפנים, נישט געזעהן, אַז זי איז דאָ.

זי האָט געוואַרט, ער זאָל זיך עטוואָס בערוהיגען, ער זאָל אויפהויבען אויף איר די אויגען, וואָס זענען פער׳עקשנ׳ט צוגע-מאַכט, ער זאָל איר זאָגען כאָטש נאָך איין וואָרט.

צולעצט, האָט זי געפרעגט:

—איר ליידט שטאַרק?

ער האָט נישט געענטפערט.

זי האָט זיך אָנגעבויגט צו אים און אַרויפגעלעגט אים אַ פינגער אויפ׳ן שטערען—ער זאָל אַ קוק טאָן אויף איר.

ער האָט ווירקליך געעפענט די אויגען—אויגען אָהן אַנ׳-אויסדרוק, משוגע׳נע אויגען.

אין שרעק האָט זי איבערגע׳חזר׳ט:

—איר ליידט?... אָליוויע! ענטפערט מיר! ווילט איר אפשר, איך זאָל עמיצען אַ רוף טאָן... שטאַרקט זיך און זאָגט מיר עפּיס!...

איר האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט געזאָגט:

—ברענגט זי... איר האָט מיר געשוואָרען...

דערנאָך האָט ער זיך בעוועגט אונטער די ליילעכער, דער קערפּער האָט נישט געקאָנט ליגען, קאָנוואולסיעס האָבען אים גע-צוקט דאָס פּנים.

ע׳ האָט איבערגע׳חזר׳ט:

אָליוויע, גאָט מיינער! אָליוויע, וואָס איז מיט אייך!... איר ווילט, איך זאָל אַ רוף טאָן...

דאָסמאָל האָט ער זי דערהערט, ווייל ער האָט געענטפערט:

—ניין... ס׳איז גאָרנישט.

און ער האָט זיך באמת גענומען בערוהיגען, די וועהטאָ-גען זענען אַזוי ווי איינגעשטילט געוואָרען. אָבער פּלוצלונג איז ער אַריינגעפאַלען אין אַ מין פערגליווערונג, אין עפּיס אַ שלע-פעריגקייט. זי האָט געמיינט, אַז ער וועט אפשר איינשלאָפען, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט נעבען זיין בעט, גענומען זיין האַנט אין אירער און געוואַרט. ער האָט זיך מער נישט בעוועגט, די גאָמבע איז אים געלעגען אויף דער ברוסט, דאָס מויל האַלב

אָפּען און בשעת ער האָט אַרויסגעלאָזט דעם אָטעם, האָט זיך געדאַכט, אַז עס ווערט אים צוריסען דער האַלז. און צייטענווייז האָבען זיך אים אָנגעהויבען בעוועגען די פינגער געגען זיין ווי־לען, זיי האָבען לייכט געצוקט און דידאָזיגע פינגער-צוקעניש האָט די גרעפין געשפּירט ביז די וואורצלען פון אירע האָר. זי האָט שרעקליך געציטערט און איר האָט זיך געוואָלט אויס־שרייען. דאָס זענען שוין נישט געווען יענע בעוואוסטזיניגע לייכטע האַנטדריקונגען, וואָס האָבען, אָנשטאָט די מידע ליפּען, גערעדט וועגען דעם אומעט פון זייערע הערצער. דאָס זענען בלויז געווען אונאויפהערליכע ספּאַזמעס, וואָס האָבען אויסגע־דריקט די יסורים פון קערפּער.

איצט האָט זי געפיהלט בלויז אימה, אונגעהויערן שרעק און אַ ווילדען פערלאַנג אַוועקצוגעהן, אָנקלינגען, אַ רוף טאָן עמי־צען, אָבער זי האָט זיך נישט דערוועגט צו רירען פון אָרט, נישט צו שטערען אים זיין רוה.

דורך די זיפצען האָט זיך דערטראָגען אַ ווייטער גערויש פון עקיפּאַזשען; און צוגעהערט האָט זי זיך, צי וועט זיך אַמאָל נישט אויפהאַלטען ביי דער טיר פון גאַס דער גערויש פון רע־דער, צי וועט אפשר נישט קומען דער מאַן און בעפרייען זי, אַרויסראַטעווען פון דעמדאָזיגען שרעקליכען זיצען אַליין מיט אים.

אַז זי האָט געפּרובט אַרויסנעמען איר האַנט פון אָליוויעס האַנט, האָט ער זי צוגעדריקט און אַרויסגעלאָזט אַ טיפען זיפץ. דעמאָלט האָט זי בעשלאָסען צו יואַרטען, זיך נישט בעוועגען, נישט שטערן דערמיט אים די רוה.

אין קאַמין האָט גע׳גוכס׳ט דאָס פייער, דערשטיקט אונ־טער׳ן שוואַרצען אַש פון די בריף. צוויי ליכט זענען פערלאָ־שען געוואָרען. ערגיץ האָט אַ סקריפּע געטאָן דאָס מעבעל.

אין שטוב האָט אַלץ געשוויגען, אַלץ האָט אויסגעוויזען טויט, אויסער דעם הויכען פלאַמאַנדישען וואַנטזייגער אויף די טרעפּ, וואָס האָט פּינקטליך אויסגעקלאַפּט טיק-טאַק און אויסגע־שלאָגען האַלבע און פערטעל שעה׳ן. ער האָט געזונגען אין מי־טען נאַכט וועגען דעם, אַז די צייט געהט.

די גרעפין איז געזעסען אונבעוועגליך און געפיהלט, ווי דער שרעק צעוואַקסט זיך איר שטאַרק אין דער נשמה. משונה'-דיגע בילדער האָבען זי פערפאָלגט, שרעקליכע געדאַנקען האָבען איר פערפלאָנטערט דעם קאָפּ. און איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי פיהלט, ווי אָליוויעס פינגער ווערען קאַלט אין איר האַנט. איז עס טאַקי אַזוי? ניין, נאַטירליך! אָבער פון וואַנען נעמט זיך פאָרט דידאָזיגע שפירונג פון מאָדנער אַ קאַלטער בערירונג? אוי-סער זיך פון שרעק האָט זי זיך אויפגעהויבען, אַ קוק צו טאָן אויף זיין פנים. ער איז געלעגען אויסגעצויגען, אַ קאַלטער, אָהן חושים, גלייכגילטיג צו יעדען וועה. ער איז פּלוצלונג בערוהיגט געוואָרען דורך איי בי גער רו ה.